לייב שערעשעווסקי

# פאר באנגאנענע זינד

## ראָמאַן פון יידישן לעבן אין אַרגענטינע

א י ן  צ ו ו י  ט יי ל ן



אַרויסגעגעבן דורכן מחבר

בוענאָס־איירעס, 1954

ד אָ ס   ב ו ך   א י ז   ג ע װ י ד מ ע ט
ד ע ם   ל י כ ט י ק ן   אָ נ ד ע נ ק   פֿ ו ן   מ י י ן
אומפֿאַרגעסלעכן חבר און מורה דרך
שמריהו (שמערקע) קאַטשערגינסקי ע״ה

## 1

ווי יעדער פּראָווינצער, וואָס איז שוין אַ סך יאָרן ניט געווען אין בוענאָס־איירעס, אַזוי האָב איך אויך, נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון קנאַפּע צוויי צענדליק יאָר, מיט אימפּעט זיך אַ וואָרף געטאָן וואַנדערן איבער אירע גאַסן און „פּלאַסאָס״ 1). איך האָב אין מיין גאַנג באַוווּנדערט די ברייטסטע אַווע־נידאַ אויף דער וועלט. די אַווענידאַ וועלכע מען רופט נועווע דע כוליאָ. איך בין געגאַנגען איבער דער אַמאָל שמאָלער, אין דער יידישער וועלט שוין גוט באַקאַנטער, גאַס קאָריענטעס, וואָס איז איצט רחבותדיק צעשפּרייט אין דער ברייט און געוואַקסן אין דער הייך, ווייל אויפן אָרט פון די אַלטע הייזער און געשעפטן, וואָס מען האָט אַראָפּגעוואָרפן כדי ברייטער צו מאַכן די גאַס, זענען אויסגעוואַקסן פיל שטאָקיקע בנינים, וועלכע רייסן זיך צום הימל. איך האָב שפּאַצירט איבער דער שטענדיק יום־טובדיקער און אויסגעפּוצטער גאַס פלאָרידאַ, די בראַדוויי פון בוענאָס־איירעס, וואָס שעמערירט מיט אַן אויפרייסנדיקן גלאַנץ; כ׳בין אויך געווען אויף דער אַלטער שטענדיק מאַיעס־טעטישער אַווענידאַ דע מאַיאָ, וואָס ציט זיך ביז „פּלאַסאַ קאָנגרעסאָ 2); און פון דאָרט בין איך אַוועק איבער דער פּרעכטיקער אַווענידאַ קאַזשאַאָ; כ׳האָב אויך נישט אויסגעמיטן די אַריסטאָקראַטישע אַווענידאַס קאָסטאַנעראַ און אַלוועאַר ווו עס געפינען זיך די מיניסטעריאַלע בנינים, די אַמבאַסאַ־דעס און די מיליאָנערסקע פּאַלאַצלעך.

מיינע אויגן זענען ניט מיד געוואָרן צו באַטראַכטן די רחבותדיקע גאַסן, די פּרעכטיקע בנינים, די געשמאַקפולע שוי־פענצטער, די וווּנדערלעך שיינע פרויען, וואָס האָבן פאַרבייגייענדיק, איבערגעלאָזט אַנגענעמע ריחות פון דעליקאַטן פּערפום און צעבליטן לייב.

יאָ, מיינע אויגן זענען ניט מיד געוואָרן דאָס אַלץ צו באַטראַכטן. און

---

1) סקווערן; 2) קאָנגרעס־פּלאַץ.

איך וואָלט נאָך געגאַנגען און געגאַנגען. אָבער מיינע פיס האָבן גענומען רעוואָל־טירן. דער טאָג איז געווען אַ שווערער, אַ דושנער. די זון אַ פולע, אַ פייער־דיקע, האָט פון גאָר פרי אָן אַרומגעשפּאַצירט איבערן הימל און געשרפה׳ט אָן רחמנות. איך האָב זיך דעריבער אַ מידער אַוועקגעזעצט ביי איינעם פון די קאַפע־טישלעך, וואָס זענען געווען אויסגעשטעלט אויפן טראָטואַר נעבן דעם גרויסן באַר אַנטקעגן „פּלאַסאַ איטאַליאַ״. אַ קעלנער איז צוגעקומען און נאָך דעם ווי ער האָט אויפגענומען מיין באַשטעלונג איז ער אַוועק מיט גיכע טריט. כ׳האָב גענומען אַריינקוקן אין אַ צייטונג, געוואָלט איבער־לייענען די טעגלעכע נייעס, אָבער עס איז מיר געווען אוממעגלעך דאָס צו טאָן צוליב די געשרייען פון די קעלנערס און די געלאַרמען פון די בילאַרד־שפּילער. האָב איך דעריבער אַוועקגעלייגט די צייטונג נעבן מיין הוט און ווען איך האָב דאָס געטאָן, האָב איך מיטאַמאָל באַמערקט, אַז אַ מענטש קוקט אַריין אין מיין צייטונג און באַמיט זיך פון דער וויטנס זי צו לייענען.

דאָס איז געווען אַ ווילד באַוואַקסענער מאַן, עטוואָס העכער פון מיטעלן וווקס, אָנגעטאָן אין שטאַרק צעריסענע זייער שמוציקע הויזן און אין פּונקט אַזאַ שמוציק און צעריסן העמד, וואָס מען האָט שוין ניט געקענט דערקענען וואָס פאַראַ קאָליר עס האָט אַמאָל געהאַט. פון צעכראַסטעטן העמד האָט זיך אַרויסגעזען אַ געדיכט באַוואַקסענע ברוסט און פון די פאַרקאַ־שערטע אַרבל — שמוציק, באַוואַקסענע הענט. ער איז געווען באָרוועס. פון זיין ווילד־באַוואַקסענעם פּנים האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר קליינע, גריב־לעכע, צעשראָקענע אויגן, אַ דינע ביינערדיקע נאָז און אַ ברייט הויכער שטערן. אויף דעם צעפּאַטלטן קאָפּ איז געזעסן אַ שטאַרק צעקנייטשטער שמוציקער הוט.

בעת איך האָב אַוועקגעלייגט די צייטונג האָבן אונדזערע אויגן זיך באַ־געגנט. מיר האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און דערנאָך האָט ער פּויל זיך אויסגעדרייט און זיך גענומען דערווייטערן. איך קאָן נישט זאָגן פאַרוואָס ער האָט מיך גענומען פאַראינטערעסירן. זיכער נישט צוליב זיין אויסטער־לישן הולך, וואָס האָט עדות געזאָגט אַז ער געהערט צום באַקאַנטן וואַגאַ־בונדן־טיפּ. געוויס האָט מיך מער ווי אַלץ פאַראינטערעסירט דאָס, וואָס גראָד אַזאַ פאַרשוין האָט אַריינגעקוקט אין מיין ייִדישער צייטונג, ס׳הייסט דאָס וואָס דורך דעם האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער איז אַ ייִד.

אַ ייִדישער וואַגאַבונד, — דאָס איז שוין אפילו אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי בוענאָס־איירעס געווען אַ נישט געוויינלעכע זאַך. איך האָב אים דעריבער אַ רוף געטון צו זיך.

ווען ער איז צוגעקומען האָט ער מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און דערנאָך טרוקן און פאַרשייט אַ פרעג געטון:

— קע קיערע? 1)

די פראַגע און אויך די פאָרעם פון זײַן פרעגן האָבן מיך נישט איבערגע־ראַשט, פונקט ווי עס האָט מיך נישט איבעראַשט דער שטאַרקער ריח, וואָס האָט געשלאָגן פון אים. דאָך האָב איך אין דער ערשטער רגע ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, אָבער, ווען ער האָט זיך אויסגעדרייט אַוועקצוגיין האָב איך אים געפרעגט:

— ווילסט עפּעס עסן?

ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זײַנע דערשראָקענע, גרינע אויגן וואָס האָבן אויסגעדריקט אַ געוויסע דערשטוינונג. שפּעטער האָט ער זיך אָפּגערופן:

— איר וועט חוזק מאַכן פון אייער באָבען.

— איך מאַך נישט חוזק, איך מיין עס ערנסט.

— איר מיינט עס ערנסט?

— יאָ, זעץ זיך, וועסטו עפּעס עסן.

ער האָט, ווייזט אויס, נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן, ווייל ער האָט מיך געהאַלטן אין איין אָנקוקן און ניט געוווּסט וואָס צו טאָן. דאָך האָט ער זיך אַנטשלאָסן און פּאַמעלעך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר. אָבער אין דער אותו הרגע איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואָקסן אַ פּאָלי־ציאַנט און אָן אַ פאַרוואָס אַראָפּגעלאָזט אויף זײַן פּלייצע דעם גראָבן פּאָליציי־שטעקן, זאָגנדיק דערביי:

— ראַכאַ דע אַקי, פּיעאָכאָסאָ דע מ...2)

דער וואַגאַבונד האָט זיך שוין גענומען אויפהייבן, אָבער איך האָב אָנ־געכאַפּט דעם פּאָליציאַנט ביי דער האַנט און אַ געשריי געטון אים אין פּנים אַריין:

— אַ חרפּה! פאַרוואָס שלאָגט איר אים?

מיינע ווערטער האָבן דעם פּאָליציאַנט צעטומלט. ער האָט געקוקט, אויפן וואַגאַבונד און אויף מיר. עס איז אים, ווייזט אויס, שווער געווען צו גלייבן אַז אַ קאָרעקט־געקליידעטער מענטש זאָל זיך אָננעמען פאַר אַזאַ שמוציקן וואַגאַבונד. ביסלעכווייז איז ער אָבער געקומען צו זיך און אויף זײַנע גראָבע פּליישיקע ליפּן האָט זיך גענומען באַווייזן אַ שמייכל פון וועלכן זײַנע קינבאַקן זענען געוואָרן נאָך שפּיציקער ווי זיי זענען געווען. דערביי

1) וואָס ווילט איר?; 2) אַוועק פון דאַנען לויזיקער.

זענען זיינע קליינע, גרויע בליצנדיקע אייגעלעך, פֿאַרקראָכן אונטער די געדיכטע האַרטע ברעמען.

— דער הער זעט נישט — האָט ער געזאָגט, קוקנדיק מיר גלייך אין פּנים מיט חשד — אַז אַנטקעגן אייך האָט זיך אַוועקגעזעצט אַ שמוציקער וואַגאַבונד?

— ער איז אַ מענטש ווי מיר אַלע — האָב איך געענטפֿערט — און חוץ דעם האָב איך אים געהייסן זיך דאָ אַוועקזעצן עפּעס עסן, ווייל ער איז הונגעריק.

מיינע רייד האָבן איבערראַשט ניט נאָר דעם פּאָליציאַנט, נאָר אויך די געסט ביי די אַנדערע טישלעך און אַפֿילו סתם פֿאַרבייגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן דעם קוריאָזן ספּעקטאַקל.

אַ מינוט שפּעטער האָט דער פּאָליציאַנט אַ רעזיגנירטער אַ מורמל געטון:

— אַנטשולדיקט. און ער האָט זיך גענומען דערווייטערן, צווואַרפֿנדיק דערביי אַ בייזן בליק דעם וואַגאַבונד.

— יענער העלד — האָט עמעצער ביי אַ טישל זיך אָפּגערופֿן און זיך צעלאַכט. די דאָזיקע באַמערקונג האָט אַרויסגערופֿן נאָך אַנדערע חוזק־אויס־רופֿן וועלכע האָבן באַגלייט דעם אַוועקגייענדיקן פּאָליציאַנט.

## 2

די סצענע האָט זיך אָבער געדאַרפט איבערחזרן נאָך אַמאָל. דאָס מאָל שוין נישט מיטן פּאָליציאַנט, נאָר מיטן קעלנער.

דער קעלנער איז צוגעקומען צום טישל און האָט אָוועקגעשטעלט דע־רויף מיין באַשטעלונג: אַ גלאָז ביר און עטלעכע סאַנדוויטשן. אָבער ווען ער האָט דערזען דעם וואַגאַבונד האָט ער אָן שהיות אַ געשריי געטאָן:

— וואָס טוסטו דאָ?! אַנטלויף פון דאַנען, דו שמוציקער חזיר!...

און צו מיר האָט ער אַ זאָג געגעבן ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַנט־שולדיקן:

— שוין עטלעכע טעג ווי ער דרייט זיך דאָ אַרום, דער לייזיקער...

איך האָב שאַרף אָנגעקוקט דעם קעלנער און געזאָגט:

— איך האָב אים געהייסן דאָ זיך אַוועקזעצן...

— איר האָט געהייסן?

— יאָ. און גיב אים עסן.

אויך דער קעלנער איז שטיין געבליבן אַ געפּלעפּטער. ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט, ער האָט אַזש מיט איין האַנט זיך גענומען ווישן דעם שוויס, וואָס האָט אַרויסגעזעצט אויף זיין שטערן. מיט דער צווייטער האָט ער רעזיגנירט זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער פּאַטילניצע.

— וואָס ווילסטו עסן? — האָב איך געפרעגט דעם וואַגאַבונד — שעם זיך נישט, זאָג וואָס דו ווילסט.

ער האָט מיך אויפסנײַ אָנגעקוקט און אין זיין בליק האָב איך שוין נישט געזען די פריערדיקע דערשטוינונג, נאָר אַ מין פאַרשעמטקייט.

— וואָס דער הער וועט באַשטעלן... — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט.

— ברענג צוויי גלאָז ביר און סאַנדוויטשן — האָב איך אויסגערופן צום דערשטוינטן קעלנער. יענער האָט זיך גענומען דערווייטערן און איך

האָב דערווייל צוגערוקט מיין ביר מיט די סאַנדוויטשן צו מיין אויסטער־לישן אורח.

— עס...

— און איר?

— ער וועט באַלד ברענגען פאַר מיר אויך.

מיט איין שלונג האָט ער אַריינגעקערט אין זיך דאָס ביר. באַלד דער־נאָך האָט ער גענומען עסן.

איך האָב אים מיט נייגער באַטראַכט. ער האָט געגעסן מיט אַזאַ הנאה ווי איינער וואָס האָט שוין לאַנג נישט געגעסן. איך האָב אים צוגערוקט דעם טעלער מיט די סאַנדוויטשן, וואָס דער קעלנער האָט אויפסניי גע־ברענגט און ער האָט זיי אויך כהרף עין אויפגעגעסן. בעתן עסן האָט ער קיינעם נישט געזען, ניט מיך און ניט די מענטשן אַרום, וואָס האָבן זיך צוגעקוקט צום בייזן ווונדער פון זיין עסן.

פלוצים, ווען ער האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרענדיקן דאָס עסן, האָט ער אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע אויגן וואָס ער האָט אַביסל פאַרזשמורעט און שטיל געפרעגט:

— פאַרוואָס טוט איר עס?

איך בין זיך מודה, אַז זיין שאלה האָט מיך זייער שטאַרק איבעראַשט. איך האָב בכלל נישט דערוואַרט פון אים קיין פראַגעס און נאָך ווייניקער אַזאַ פראַגע. איך בין געווען זיכער, אַז ווען ער וועט אָפּעסן וועט ער אַוועק־גיין און אין בעסטן פאַל וועט ער פאַרן אַוועקגיין מיר באַדאַנקען...

אַליין ניט־וויסנדיק פאַרוואָס האָב איך אים אָנשטאָט אַן ענטפער, גאָר צוריק געשטעלט אַ פראַגע:

— טו איך דען שלעכט?..

אויף זיינע ליפּן, אויף וועלכע עס איז נאָך געלעגן דר עביר־שוים, האָט זיך באַוויזן עפּעס אַזוינס וואָס האָט געקענט זיין אַ שמייכל און האָט אויך געקענט זיין אַ מין גרימאַסע.

— איך ווייס אַליין נישט — האָט ער געענטפערט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן.

— אָבער איר אַליין האָט דאָך געזען ווי אַלע טרייבן מיך. פאַרוואָס־זשע...?

— נו, אויב אַלע טוען שלעכט? — האָב איך אים איבערגעריסן, — מוז איך זיין פונקט ווי אַלע? טאָר איך נישט זיין אַנדערש?

— איך האָב נישט געזאָגט אַז איר טאָרט נישט זיין אַנדערש. איך פרעג נאָר, פאַרוואָס זענט איר אַנדערש?..

— ווייל... נו, מסתמא דערפאַר, ווייל ביי מיר איז נאָך ניט אינגאַנצן טויט דאָס געפיל וואָס מען רופט מענטשלעכקייט. איך האָב דאָס געזאָגט און דערפילט, אַז איך בין רויט געוואָרן. איך האָב זיך אַביסל פאַרשעמט און זיך גענומען פלאָנטערן.

— און וואָס ווייטער ? — האָט ער צודרינגלעך געפרעגט.

— ווייטער ? נו, איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, — האָב איך אים שוין אויפגעהערט צו זאָגן „דו", — איר האָט מיך פאַראינטערעסירט.

— איר האָט קיינמאָל ניט געזען קיין וואַגאַבונד ? — האָט ער ווידער געפרעגט און אין זיין פרעגן האָב איך דערפילט חוזק.

נישט אַראָפּנעמענדיק פון אים מיינע אויגן האָב איך אים געענטפערט:

— וואַגאַבונדן זעט מען אומעטום, אָבער נישט קיין ייִדישע !

מיין זאָג האָט אַריינגעטראָפן אין פינטל. ער האָט צעעפנט זיינע אויגן און איך האָב באַמערקט ווי ער שלאָגט זיך מיט דער דעה צי ער זאָל עפּעס זאָגן, אָדער ניט, אָבער נאָך אַ קורצע פויזע האָט ער מיט אַ געמאַכטער רויִקייט געפרעגט :

— און ווער האָט אייך געזאָגט, אַז איך בין אַ ייִד ?

— איר אַליין — האָב איך געענטפערט — וואָרעם מיר האָט נאָך קיינמאָל נישט געטראָפן אַז נישט קיין ייִד זאָל אַריינקוקן אין מיין ייִדישער צייטונג.

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. איך האָב באַמערקט ווי זיין פּנים איז רויט געוואָרן. אָבער גאַנץ אומגעריכט האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַ זאָג געטון :

— עס וועט זיין בעסער, אַז איך וועל אַוועקגיין... דעם בעסטן דאַנק פאַר אַלץ. אַ גוטן טאָג. און ער האָט זיך אויסגעדרייט כדי אַוועקצוגיין.

זעענדיק, אַז ער נעמט אַוועקגיין האָב איך אַ זאָג געטאָן אין אַ באַפע־לערישן טאָן :

— זיצט !..

ער האָט זיך אויסגעדרייט, מיך אַ ווייל אָנגעקוקט און אַראָפּלאָזנדיק זיך אויפן בענקל האָט ער שטיל געזאָגט :

— אַז איר הייסט...

רעזיגנאַציע איז געווען אין זיין זאָג.

— ניט איך הייס — האָב איך דאַן געזאָגט — נאָר איך בעט אייך... זיצט, וועלן מיר שמועסן... מעגלעך, אַז... אַז איך וועל עפּעס קענען טון פאַר אייך !

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן די רייד :

— פאַר מיר וועט קיינער גאָרנישט קענען טון.
— פאַרוואָס ?
ער האָט ניט געענטפערט. מיט פאַרשלאָסענע ליפּן האָט ער שטאַר געקוקט אין דער ווייט. אין דעם מאָמענט האָט אַ קיל צפון־ווינטל גענומען בלאָזן און אַביסל אָפּגעקילט די אָנגעגליטקייט פון אַ גאַנצן טאָג. דאָס ווינטל האָט צעשויבערט זיין טשופּרינע און זיין ווילדע באָרד. פון ערגעץ האָט זיך דערטראָגן דער סירענע־פייף פון אַ פאַבריק און דער פייף האָט אָנגעזאָגט אַז די אַרבעטער האָבן שוין פאַרענדיקט דעם אַרבעטס־טאָג. אַ טראַמוויי האָט זיך אַדורכגעטראָגן מיט אַ שטאַרקער קלינגערײַ. אַ „קאָניזשיטאָ״ 1) איז אַקראָבאַטיש אַראָפּגעשפּרונגען פון טראַמוויי און זיך געלאָזט צו אונדז, אויסרופנדיק מיט אַ הייזעריקלעכער שטימע די נעמען פון די נאָכמיטאָג־ציַיטונגען, וואָס ער האָט געטראָגן הינטערן אָרעם אַרומגענומען מיט אַ גרויסן לעדערנעם פּאַס. פון אַ ראַדיאָ־הילכער האָט מען געהערט אַ טאַנגאָ. אַ פּאָרל איז פאַרבייגעגאַנגען און זיי האָבן גליקלעך געשמייכלט און פאַר־בייגייענדיק אונדזער טישל האָבן זיי זיך עפּעס אַ סודע געטון. דער וואַגאַ־בונד האָט זיי נאָכגעקוקט און דערביי סאַרקאַסטיש אַ שמייכל געגעבן.
און פּלוצלינג האָט ער געזאָגט:
— איך מוז טרינקען פון ביטערן כוס ביזן דנאָ.
— איך פאַרשטיי אייך נישט, — האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון מיינע מחשבות, — באמת, איך פאַרשטיי אייך נישט.
ער האָט יאושדיק אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:
— אַוודאי קאָנט איר נישט פאַרשטיין. דאָס קאָן נאָר פאַרשטיין אַזאַ ווי איך. אַזאַ... אַזאַ... צי ווייסט איר, אַז ווען נישט איך וואָלט מיין מאַמע נאָך געלעבט ? צי ווייסט איר, אַז איך בין שולדיק אין איר טויט ? די לעצטע ווערטער האָט ער כמעט ווי אויסגעשריען אויף אַ הויכן היסטערישן קול.
זיינע לעצטע ווערטער, אויסגעשריגענע מיט אַזאַ צערייצטקייט, האָבן געברענגט דערצו אַז פון די אַנדערע טישלעך זאָל מען אויסדרייען די קעפּ צו אונדז און אויך פאַרבייגייער זאָלן זיך אָפּשטעלן אונדז אָנקוקן.
איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָ ביים טישל איז ניט קיין אָרט ווייטער צו רעדן. צו רעם איז נייטיק אַן אָרט, ווו מיר זאָלן פון קיינעם נישט גע־שטערט ווערן. דאָס בעסטע וועט זיין — האָב איך אַ טראַכט געטון — איך זאָל אים נעמען צו זיך אין האָטעל־צימער. יאָ, אין האָטעל־צימער וועט אונדז קיינער נישט שטערן און איך וועל קענען מיט אים זיך דורכרעדן

1) ציַיטונגס־פאַרקויפער.

און זיך דערוויסן וואָס אים דריקט אויפן האַרצן.

— אַנטשולדיקט, קענט איר אפשר זאָגן ווי מען רופט אייך?

— רופט מיך ראַוּל, — האָט ער געענטפערט אַ נערוועזער — איך הייס ראַוּל...

— גוט, ראַוּל. אויב איר האָט ניט דאַקעגן קענען מיר צופאָרן אין מיין האָטעל און דאָרטן וועלן מיר קענען פאַרזעצן אונדזער אָנגעהויבענעם שמועס. ער האָט מיר ניט גלייך געענטפערט, נאָר מיך מאָדנע אָנגעקוקט ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן צי איך שפּאָס ניט. איך האָב געזען, אַז ער קאָן ניט באַשליסן, צי ער זאָל אָננעמען מיין איינלאַדונג. אָבער נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער שטיל געפרעגט:

— אין וועלכן האָטעל שטייט איר איין?

איך האָב אים געזאָגט דעם נאָמען פון האָטעל און ווו ער געפינט זיך.

— ניין, הער...

— לייב, איך הייס לייב.

— ניין, הער לייב; עס לוינט זיך ניט... פאַר אייך... מען וועט מיך דאָרט נישט אַריינלאָזן און איר וועט צוליב מיר האָבן אַ סך אומאַנגענעמלעכ־קייטן.

— ס'מאַכט ניט. איר וועט גיין מיט מיר און...

איך האָב ניט פאַרענדיקט, ווייל אַ קוק טוענדיק אויף אים האָב איך דערזען ווי זיינע אויגן ווערן פייכט.

דער קעלנער איז פאַרבייגעלאָפן. איך האָב אים אָפּגעשטעלט און באַ־צאָלט. דערנאָך האָב איך אָפּגעשטעלט אַ פאַרבייפאָרנדיקע טאַקסי אין וועל־כער איך בין אַריין דער ערשטער און געלאָזט אָפן די טיר, כדי ראַוּל זאָל אויך אַריינגיין. אָבער ווען ער האָט דאָס געוואָלט טון, האָט דער שאָפער, אַ דיקלעכער פאַרשוין, אויסגעדרייט זיין קיילעכדיק רויט פּנים צו ראַוּלן און אַ דריי טוענדיק זיינע גראָבע וואָנצעס וועלכע זיין רויטע פליישיקע נאָז האָט אַביסל פאַרשטעלט, האָט ער זיך אָפּגערופן מיט אַן איטאַליענישן אַקצענט:

— ווו קריכסטו, לייזיקער? זעסט ניט, אַז דאָרט זיצט אַ מענטש.

— ראַוּל האָט פאַרביסן די ליפּן און איז רויט געוואָרן. ער האָט גע־מאַכט אַ באַוועגונג ווי ער וואָלט וועלן צומאַכן די טיר כדי צו בלייבן אין דרויסן. אָבער אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אָפּגערופן צום שאָפער:

— ער איז ניט ווייניקער מענטש ווי איר און איך. ער פאָרט מיט מיר. און צו ראַוּלן האָב איך געזאָגט:

— קומט אַריין...

דער שאָפער האָט אויסגעדרייט זיין ברוגזן פּנים צו מיר, עפּעס אַ מורמל געטון אויף איטאַליעניש און בייז אַ פרעג געטון:

— ווּ פאָרן מיר?...

איך האָב אים געגעבן דעם אַדרעס. דער טאַקסי האָט גערירט פון אָרט, איבערלאָזנדיק הינטער זיך אַ וואָלקן רויך און אויך סתם נייגעריקע, וואס האָבן זיך צוגעקוקט צו דער דאָזיקער סצענע.

## 3

ווען מיר זענען צוגעפאָרן צום האָטעל און זיך געלאָזט אַריינגיין האָט דער פּאָרטיער וואָס איז געשטאַנען לעבן דער אויטאָמאַטישער טיר זיך צעשריען אויף ראולן:

— ווּ קריכסטו, שמוציקע חיה? און ער האָט שוין אויפגעהויבן אַ פוס כדי אים אַ קאָפּע צו טון.

איך האָב אים אין האַנט אַריינגערוקט אַ מטבע און געזאָגט:

— ער גייט מיט מיר...

דער פּאָרטיער האָט זיך מיליטעריש אויסגעגלייכט און אָפּגעקלאַפּט:

— מוטשאַס גראַסיאַס סעניאָר... 1)

אין זיין זאָג איז געווען משרתישע חניפה.

בעת דער אָנגעשטעלטער האָט מיר דערלאַנגט דעם שליסל, האָט איך באַמערקט ווי זיין פּנים באַקומט פלוצים אַן אַנדער קאָליר. זיינע אַרויס־שטאַרצנדיקע אויגן זענען געוואָרן נאָך אַרויסשטאַרצנדיקער און אַ צונטער רויטער איז ער אַ מינוט געשטאַנען אַ געפּלעפּטער און געקוקט דאָ אויף מיר און דאָ אויף דעם אָפּגעריסענעם וואַגאַבונד, אויף ראַולן וואָס האָט זיך געהאַלטן נעבן מיר.

בינו לבינו האָט זיך אין האָטעל געמאַכט אַ טומל: די האָטעל־געסט האָבן, דערזעענדיק ראַולן, זיך אויף אַן אמת דערשראָקן און אָנגעהויבן שרייען פאַרוואָס מען לאָזט אַריין אַהערצו אַזעלכע פאַרשוינען.

דעם גרעסטן טומל האָבן, פאַרשטייט זיך, געמאַכט די פרויען, און אַ סך פון זיי האָבן אַפילו אויף גיך געכאַפּט זייערע קינדער און זיי זענען מיט זיי אַוועק אין די האָטעל־צימערן.

באַלד איז אָנגעקומען דער „כערענטע" 2), אַ משונהדיק הויכער מאַנס־

---

1) אַ דאַנק, הער; 2) פאַרוואַלטער.

ביל פון אַ יאָר פופציק, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן אָנצוג, אַ ווייסן העמד מיט אַ העל־גרויען אויסבינדער, אין וועלכן עס האָט געבלישטשעט אַ קליין ברי־ליאַנטל, איינגעפּאַסט אין אַ גאָלדענער שפּילקע. זיין פּליך האָט ער פאַר־שטעלט מיט די לאַנגע האָר פון די זייטן, וואָס ער האָט פאַרקעמט אַזוי, אַז אויפן ערשטן בליק האָט מען ניט געקענט באַמערקן זיין פּליך. ער האָט גע־האַט אַ ליכטיק העל פּנים, טונקל בלויע אויגן, אַ לאַנגע, עטוואָס ביינערדיקע נאָז, אונטער וועלכער עס האָבן זיך קוים אַרויסגעזען די דיניניקע, גוט־אָפּגעהיטע דאָן־זשואַנישע וואָנצעלעך.

ער איז מיט גיכע טריט צו צום אָנגעשטעלטן, וואָס האָט מיר נאָר וואָס געהאַט געגעבן דעם שליסל און אַ צעטומלטער אַ פרעג געטאָן:

— וואָס קומט דאָ פאָר?

דאָ זענען זיינע בליקן געפאַלן אויף ראָולן און זיין פּנים האָט זיך תיכף געענדערט. צום ערשט איז עס געוואָרן צונטער־רויט און דערנאָך — קרייד־בלאַס, פונקט ווי דאָס בלוט וואָלט דערפון מיט איין מאָל פאַרשווונדן. זיינע שטענדיק רויִקע, גוטמוטיקע און שמייכלענדיקע אויגן האָבן ווי געברענט מיט פייער. אויף זיינע ברייטע דינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ גרימאַסע פון ווייטיק.

— פאַרוואָס וואַרפט מען אים ניט אַרויס? — האָט ער אַ געשריי גע־טאָן און דערביי שטיל, ווי צו זיך, צוגעגעבן:

— אַזאַ חוצפּה פון אַ וואַגאַבונד, אַזאַ שמוציקער חזיר...

דערזעענדיק אַז דער ענין הייבט אָן צו ווערן צו־ערנסט, בין איך שנעל צו צום פאַרוואַלטער און אים געזאָגט:

— סעניאָר, דער דאָזיקער מענטש, אויף וועלכן איר פרעגט פאַרוואָס מען וואַרפט נישט אַרויס, גייט מיט מיר... אין מיין צימער...

דערהערנדיק מיינע רייד האָט ער פון גרויס איבעראַשונג זיך אַראָפּ־געלאָזט אין אַ דערנעבן שטייענדיקן טיפן פאָטעל פון וועלכן ער האָט אָבער זיך באַלד צוריק אויפגעהויבן. אַ ווייַלע האָט ער אָנגעקוקט דעם אָנגעשטעלטן און דערנאָך ווי ניט מיט זיין קול אַ געשריי געטון צו מיר:

— וואָס?

— יאָ, הער פאַרוואַלטער, — האָב איך רויִק געזאָגט, — דער דאָזיקער הער גייט מיט מיר.

— מייַן הער! — האָט ער קומענדיק צו זיך אויסגערופן — ביי מיין בעסטן ווילן צופרידנצושטעלן אונדזערע זייער חשובע קליענטן, קען איך אין דעם פאַל גאָרניט טון... דער פּרעסטיזש פון האָטעל דערלויבט ניט אַריינצולאָזן אַזעלכע געסט.

דאָ איז מיר איינגעפאַלן אַ משונהדיקער געדאַנק און איך האָב גאָרנישט טראַכטנדיק געזאָגט:

— דער דאָזיקער מענטש איז... ער איז מיין ברודער...

— אייער ברודער?

דערשטוינונג און אומגלויבן איז געווען אין זיין פרעגן.

— יאָ — האָב איך געזאָגט — ער איז מיינער אַ ברודער. שוין מער ווי פינף יאָר, ווי ער איז צוליב אַ פרוי פאַרשוווּנדן פון דער היים און איצט האָב איך אים געפונען... קען איך דען דערלויבן אים צו לאָזן אַזוי אָ? — האָב איך העכערנדיק מיין שטים מיט פּאַטאָס אויסגעשריגן אָנווייזנדיק אויף ראַוּלן.

מיינע לעצטע ווערטער האָבן, ווייזט אויס, דעם פאַרוואַלטער אין גאַנצן צעטומלט. זיין שטייפקייט האָט נאָכגעלאָזט און ער האָט הילפלאָז אָרויס־געשטאַמלט:

— אָבער...

— קיין אָבער. אין אַ שעה, אָדער צוויי אַרום וועט איר אים נישט דער־קענען. און איידער ער האָט נאָך געהאַט צייט עפּעס צו ענטפערן, בין איך גיך צוגעגאַנגען צו ראַוּלן, אים אָנגענומען פאַר אַ האַנט און זיך געלאָזט גיין צו דער ווינדע.

## 4

נו, און אָט זענען מיר שוין אַריין אין מיין האָטעל־צימער.

ראָול איז געשטאַנען נעבן טיר און באַטראַכט דעם זייער שיין־מעבלירטן צימער. זיינע אויגן האָבן אַרומגעוואַנדערט פון איין אָרט צום אַנדערן, ווי ער וואָלט אַזאַ צימער געזען צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן.

— נו, וואָס שטייט איר נעבן טיר, — האָב איך איבערגעריסן די שטיל־קייט, — קומט אַריין ווייטער; און דאָ — האָב איך אים אָנגעוויזן ווען ער האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס — איז דער באָד־צימער. גייט אַריין און מאַכט זיך אַ הייסע באָד... דערווייל וועל איך אייך צוגרייטן וועש. אָט דער אָנצוג, — האָב איך אים אָנגעוויזן אויף אַ טונקל־ברוינעם זומערדיקן אָנצוג — וועט אייך, גלייב איך, גוט זיין. באַלד... דאָ האָט איר אַ פּאָר שיך. אייערע זאַכן לאָזט איבער דאָרטן.

ער איז אַריין אין באָד־צימער. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך דערהערט דאָס רוישן פון פליסנדיקן וואַסער.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז פאַר מיר געשטאַנען אַ גאַנץ עלעגאַנט געקליידעטער מאַן, כאָטש דער אָנצוג איז געווען אויף אים היפּשלעך גרויס. דאָס איינציקע וואָס האָט מיך דערמאָנט אין דעם פריִערדיקן וואַגאַבונד איז געווען זיין גרויסע טשופּרינע און די ווילדע באָרד.

— און איצט — האָב איך אַ שמייכלענדיקער געזאָגט — פעלט נאָך, אַז איר זאָלט זיך אַרומשערן און אַראָפּנעמען דאָס וועלדל... — און איך האָב אים אָנגעוויזן אויף דער באָרד.

איך האָב אים אַריינגעלייגט אין קעשענע אַ באַנקנאָט און אים אַראָפּ־געשיקט אונטן. נאָענט פון דעם האָטעל האָט זיך געפונען אַ שערעריי. ווען ער איז אַרויס פון צימער, האָב איך צוגעמאַכט די טיר און אַ היפּשע ווײַלע געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין איר אַ פאַרטראַכטער. דערנאָך האָב איך זיך אויסגעגלייכט און צוגעגאַנגען צום אָפענעם פענצטער. אַ קיל ווינטל

איז מיר אַנטקעגן געקומען און גענומען גלעטן מיין פּנים און דאָס האָט נאָך מער מיך געמאַכט פילן מיין מידקייט. פון דער גאַס האָבן זיך דער־טראָגן ברעקלעך פון מענטשלעכן גערייד און שטיקלעך פון מוזיק־קלאַנגען. פּאַמעלעך האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט אין טיפן פאָטעל וואָס איז געשטאַ־נען אַנטקעגן פענצטער. אין קאָפּ איז מיר מיטאַמאָל געוואָרן פּוסט, אַזוי פּוסט... אָבער מיטאַמאָל האָבן זיך אין מיין מוח גענומען אָפּפרישן די ביל־דער וואָס איך האָב היינט געהאַט געזען און עס האָט זיך גענומען אומקערן דאָס אַלץ וואָס ס׳איז מיט מיר פאָרגעקומען פאַר די לעצטע צוועלף שעה. איך האָב אין דמיון איבערגעלעבט דעם גאַנצן טאָג, זייט דעמאָלט ווען איך בין, אַן אויסגערוטער, אַ פרישער, אַרויס פון זעלביקן צימער כדי צו באַטראַכטן די וועלט־שטאָט בוענאָס איירעס. אָט זע איך זיך אַרומבלאָנקען איבער די גאַסן און פּלאַסאַס. כ׳לעב נאָך אַמאָל איבער דאָס גוטע געפיל ביים אָנשטויסן זיך אָן די יונגע, גראַציעזע פרויען, וואָס אויף מיין „אַנט־שולדיקט״, ענטפערן זיי מיט אַזעלכע שמייכלען, וואָס רופן אַרויס אָן אָנ־גענעמען ציטער... אָבער דער עיקר נעמט פאַר מיינע אויגן אויפלעבן דאָס בילד פון מיין ערשטער באַגעגעניש מיט ראַולן.

אָט קוקן מיר זיך שטום אָן און אָט הער איך זיין ביטולדיק־פאַרשייטן פרעג: „קיע קיערעס?״. באַלד זע איך ווי דער פּאָליציאַנט דערלאַנגט אים מיטן שטעקן און באַלד — ווי דער קעלנער וויל אים פאַרטרייבן. דערנאָך — ווי ער עסט און פּאַסמאַקעוועט זיך מיט די סאַנדוויטשן.

כ׳לעב נאָך אַמאָל איבער מיין אָנקום מיט אים אין האָטעל: דער פאַר־טיער הייבט אויף אַ פוס און טרעפט מיט אים אַ מיטליאָריקע פרוי. יענע מאַכט אַ געוואַלד און באַלד שרייען שוין אַלע פרויען אין האָטעל. אַ סך פון זיי לויפן מיט זייערע קינדער אין די צימערן און אַ סך — מאַכן סתם קולות... מיט אַמאָל קומט אָן דער האָטעל־פאַרוואַלטער. איך גיב ראַולן אַ צי און מיר הייבן זיך אויף און פליען אין דער הויך. אָבער דער פאַר־וואַלטער גיט פלוצים אַ צי־אויס זיין הויכן האַלדז און ער קוקט מיט רציחה אַריין אין דער אָפענער טיר פון מיין צימער. ער שרייט: „איך וויל נישט אַריינלאָזן אין האָטעל קיין מערדער!״... באַלד דערזע איך פון אַלע ווענט גייען צו מיר מענטשן מיט גליִענדיקע אויגן און שילטנדיקע מיילער, זיי שרייען און וואָרענען מיך מיט ביינערדיקע פינגער: — ער איז שולדיק אין זיין מאַמעס טויט! ער האָט דערהרגעט זיין מאַמען! ער!.. ער!..

...אַ קלאַפּ אין טיר האָט מיך אויפגעוועקט. איך האָב זיך גיך אויפ־געשטעלט און אויסרייבנדיק די אויגן בין איך מיט גיכע טריט צוגעגאַנ־גען צו דער טיר, און זי געעפנט.

אַנטקעגן מיר איז געשטאַנען אַ קאָרעקט־געקליידעטער מאַן פון אַ יאָר פיר־און־צוואַנציק, גלאַט ראַזירט. די עטוואָס אָנדולירטע טונקל־שאַטינע האָר פּאַרקעמט אינמיטן מיט אַ שרינט. זיינע קליינע גרינגלעכע אויגן האָבן אַנטקעגן דעם עלעקטרישן שיין געגלאַנצט און שטיפעריש זיך באַוועגט גיך, גיך.

— וואָס פאַרלאַנגט איר, יונגערמאַן? — האָב איך אים אַ פרעג געטון.

אויף דעם יונגענמאַנס לענגלעכן פּנים האָט זיך באַוויזן אַ ברייטער שמייכל. דער שמייכל איז אָבער באַלד אָפּגעווישט געוואָרן. ער איז גע־וואָרן רויט און שטאַמלענדיק געפרעגט:

— איר דערקענט מיך ניט?...

דעם אמת געזאָגט האָב איך אים טאַקע נישט דערקענט, אָבער ווען איך האָב נאָך אַמאָל אַ קוק געטון אויף אים האָב איך דערזען מיין ברוינעם אַנצוג... כהרף עין האָב איך אויסגערופן:

— אָבער ראַול, וואָס שטייט איר? קומט אַריין!... איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב אייך טאַקע נישט דערקענט און איך גלייב נישט אויב אַפילו שערלאָק האָלמס וואָלט אייך דערקענט. און איך האָב צוגעגעבן:

— איצט מיין פריינט, וועט איר זיך שוין מער ניט בייטן... איר דאַרפט זיך נאָר נעמען אין די הענט אַריין. איך וועל נאָך פון אייך האָבן אַ סך, אַ סך נחת...

ער האָט ווידער גענומען באַטראַכטן דאָס צימער און נאָך אַ רגע אַרומ־בלאָנדזשען מיט זיינע בליקן איבער די ווענט און די קעגנשטאַנדן פון שטוב האָט ער זיך אָנגערופן:

— מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס אַלץ איז אַ חלום!

— ניין, מיין פריינט, ס'איז נישט קיין חלום! נאָר אויב איר ווילט איז דאָס גאַנצע לעבן נישט מער ווי אַ חלום. אָבער איצט דאַרפט איר אַלץ פאַרגעסן... אַלץ... יאָ, איצט וועלן מיר מאַכן אַ לחיים. מיר וועלן פייערן אונדזער באַגעגעניש. קומט אַראָפּ אין באַר, — האָב איך אים גוט ברודע־ריש פּאַטש געטון אין פּלייצע, — דאָרט וועלן מיר זיך מכבד זיין מיט אַ גוטן קאָניאַק...

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין. אָבער שוין לעבן טיר האָט ער זיך אָפּ־געשטעלט.

— ניין, הער לייב: מען וועט מיך זען מיט אייך, וועט זיך ווידער... ער האָט אַליין אָפּגעהאַקט, דערמאָנענדיק זיך, זעט אויס, זיין איצטיקן גע־ביטענעם אויסזען. אָבער איך האָב זיך פונדעסטוועגן פאַרהאַלטן און באַ־שלאָסן צו בלייבן דאָ אין צימער.

איך האָב אַ דריק געטון דאָס עלעקטרישע גלעקל.

אין עטלעכע מינוט אַרום איז אַריינגעקומען אַ מיידל, וועלכע האָט געפרעגט:

— וואָס פאַרלאַנגט דער הער?!

— אַ פלאַש גוטן קאָניאַק, סערווירט פאַר צוויי... אויך אָונטערבויט פאַר צוויי.

דאָס מיידל האָט צוערשט פאַרדעכטיק אַ קוק געטון אין צימער, אָבער ווען זי האָט באַמערקט אַז אין צימער געפינט זיך נאָך אַ מאַן, האָט זי זיך צעשמייכלט:

— זייער גוט, הער! — און זי איז אַוועק.

## 5

דעם אָונטערוויט האָט שוין ראַול ניט געגעסן מיט אַזאַ אַפּעטיט ווי די סאַנדוויטשן. ביים איצטיקן עסן האָב איך שוין געקענט באַמערקן, אַז אים זענען ניט פרעמד די אַלע „גוטע זיטן", וואָס אַ מענטש פון דער „געזעלשאַפט" דאַרף באַזיצן. ער איז געזעסן אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרקלערטער, ווי ער וואָלט זיך עפּעס געוואָלט דערמאָנען, עפּעס וואָס האָט מיט אים געטראָפן שוין זייער לאַנג, ערגעץ אין אַ ווייטער, פאַרגאַנגענער צייט. געגעסן האָט ער ווייניק, כאָטש דער קאָניאַק האָט נישקשה אָנגעמאַכט אַן אַפּעטיט.

מיר האָט זיך שרעקלעך געוואָלט, אַז ער זאָל שוין אָנהייבן רעדן, דערציילן. אָבער ער איז געזעסן אַ שווייגנדיקער. כדי אים צו דערמונטערן און דערביי נישט אַרויסצוווייזן מיין נייגעריקייט, האָב איך געפרעגט:

— איר טראַכט נאָך אַלץ?

ער האָט מעלאַנכאָליש אַ שמייכל געטון און געענטפערט:

— ערשט איצט האָב איך וואָס צו טראַכטן... ביז מיט צוויי שעה צוריק האָב איך גאָרנישט געטראַכט... גאָרנישט! געשלאָפן ווו עס האָט זיך געלאָזט: אונטער אַ בריק, אויפן פרייען פעלד... געגעסן, וואָס עס האָט זיך געמאַכט... אַ סך מאָל אַפילו ברויט פון אַ מיסטקאַסטן, אָבער איך האָב עס אַלץ אָנגענומען פאַר ליב, ווייל מיט דעם האָב איך פאַרשטאַנען קום איך אָפּ פאַר מיינע באַגאַנגענע זינד... פאַר מיין מאַמעס טויט (אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט, וואָס איך האָב געחלומט מיט אַ שעה צוריק, בעת ער איז געווען אין שערעריי) אָבער איצט... איצט איז שוין עפּעס אַנדערש, איצט... איצט... און ער האָט זיך פונאַנדערגעוויינט, נעמענדיק דאָס פּנים אין די הענט.

קוקנדיק אויף אים האָב איך זיך אַליין שיעור נישט צעוויינט. און איך האָב ניט געקענט געפינען קיין ווערטער, וועלכע זאָלן אים טרייסטן, האָב

איך אים דעריבער געלאָזט גוט זיך אויסוויינען און ווען ער האָט זיך באַ־רויִקט, האָב איך זיך אָפּגערופן:

— מיין פריינט, איך בין זיך מודה, אַז אייערע ווערטער האָבן מיר טיף גערירט און ענטפערן אייך איז דאָך דאָ אַזוי פיל! אָבער קודם כל מוזט איר פאַרגעסן, וואָס עס איז געשען ביז מיט צוויי שעה צוריק. איר דאַרפט עס אפילו נישט דערמאָנען. איר מוזט, כדי זיך צו באַרויִקן, אינגאַנצן פאַר־געסן אייער פאַרגאַנגענהייט און קלערן בלויז וועגן דער צוקונפט... איר זענט דאָך אַזוי יונג! איר וועט זען אַז דאָס אַלץ וועט איר נאָך דערמאָנען אין פריידן...

— פאַרגעסן? — האָט ער טרויעריק איבערגעפרעגט — קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן? פאַרגעסן סאַריטאַן, פאַרגעסן דעם אינצידענט מיטן טאַטן און דעם טויט פון מיין מאַמען, וואָס איז געקומען פון דעם דאָזיקן אינ־צידענט? קען מען דאָס אַלץ פאַרגעסן?

זיין פנים איז געווען פאַרוואָלקנט. פון די אויגן האָט אַרויסגעשיינט אַ טרויעריק פייערל וואָס האָט געבלענדט מיט אומהיימלעכקייט. די אונטערש־טע ליפּ זיינע האָט געצומען צוקן. זיינע לאַנגעביינערדיקע פינגער האָבן זיך נערוועז באַוועגט אויף דער קני. ער האָט געקוקט שטאַר צום אָפענעם פענצטער, אין וועלכן עס האָט זיך אַריינגעוויזן די האַלבע לבנה אויף דעם טונקעלן אויסגעשטערנטן הימל.

איך האָב זיין גלעזל אויפסניי אָנגעפילט מיט קאָניאַק, וואָס ער האָט מיט איין שלונג אויסגעטרונקען. דערנאָך האָט ער דורכדרינגלעך אַ קוק געטון אויף מיר און געזאָגט:

— איך האָב אייך פאַרנאַכט געפרעגט פאַרוואָס איר טוט דאָס אַלץ מיט מיר. איר האָט מיר ניט געגעבן קיין קלאָרן ענטפער. נו, וועל איך דאָס שוין נאָך אַ מאָל ניט פרעגן. אָבער איך וויל אייך פרעגן עפּעס אַנדערש.

— פרעגט.

— זייט איר גרייט צו הערן וואָס איך וועל אייך דערציילן?

— דערציילט. איר קאָנט רעדן ווי צו אַ פריינט.

ער האָט זיך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלעזעלע קאָניאַק, וואָס ער האָט אויך מיט איינמאָל אויסגעטרונקען. דערנאָך האָט ער זיך אַריינגערוקט טיפער אין פאָטעל און איז מיט איין האַנט איבערגעגאַנגען איבערן פנים. און אַזוי האָט ער, צום ערשט זייער שטיל, אָנגעהויבן דערציילן:

— איך קאָן אויף זיך זאָגן, ווי מען זאָגט אין די ביכער: איך בין אַ קינד פון דער נויט. כ׳בין דאָס איינציקע קינד פון אַ טאַטן, אַ קאָנפעק־

ציאָניסט 1) און פון אַ קראַנקער שוואַכער מאַמען, וואָס האָט אַ גאַנץ לעבן געליטן אין דער האָפענונג, אַז איר מאַנס אידעלאַן וועלן ווען עס איז פאַר־ווירקלעכט ווערן און דאַן וועלן שוין קומען אַזעלכע צייטן ווען מען וועט שוין מער ניט ליידן.

— זייט איך געדענק זיך, האָבן מיר געוווינט אין איין און דעם זעל־ביקן צימער, מיט נאָך פינף שכנים אין דעם זעלביקן הויף. דאָס איז געווען אַ הויף אין וועלכן די זון האָט כמעט קיינמאָל ניט אריינגעשיינט. איך זאָג, „כמעט״, ווייל אין די גרויסע זומערדיקע טעג, בעסער געזאָגט, אין די פאַר־נאַכטן, פלעגן זיך יאָ אריינגנבענען, אויף עטלעכע מינוט, עטלעכע זון־שטראַלן, וואָס פלעגן ליכטיקער מאַכן און אַנזעעוודיקער מאַכן די אָרעמ־קייט.

אונדזער צימער איז צעטיילט געווען מיט אַ פאָרהאַנג אויף צוויי טיילן. אין איין העלפט איז געשטאַנען אַ ברייט הילצערן בעט, אַ קליינע שאַפע, וואָס איז כמעט שטענדיק געווען ליידיק, ווייל נישט מיין טאַטע און נישט מיין מאַמע האָבן ווען עס איז געהאַט געגוג מלבושים אַריינצוהענגען אינעווייניק. חוץ דעם — אַ קליין טישל מיט עטלעכע בענקלעך, אַ קליינע ביבליאָטעק־שאַפקע, וועלכע דער טאַטע פלעגט שטענדיק האַלטן פאַרשלאָסן, ווייל דאָרטן האָט ער געהאַט ביכער, פאַרטיי־אויפרופן, פאַרשידענע פאַפירן און שטעמפּ־לען. אויף דער וואַנט, לעבן דער שאַפע, זענען געווען צוגעקלאַפּט עטלעכע פאָליצעס, אויף וועלכע די מאַמע פלעגט האַלטן דאָס קיך־געשיר און שפייז. די פאָליצעס זענען געווען פאַרהאַנגען מיט אַ פאָרהאַנג. אָנגעשפּאַרט אין אַ זייט פון דער שאַפע איז געשטאַנען אַ קליין, שמאָל אייזערן אויפשטעל־בעטל, אויף וועלכן איך פלעג שלאָפן.

אין דער צווייטער העלפט צימער איז געשטאַנען אַ שניידערישע זינגער־מאַשין, אַ גרויסער שניידערישער טיש, וואָס אויף אים האָט זיך תמיד אויף אַ ציגל געפונען דער גרויסער פרעס־אייזן. דערנאָך איז דאָרט געווען אַ קליין טישעלע, אויף וועלכן עס איז געלעגן שניידערישע קרייד, קנעפּלעך, העקעלעך, הענגערס, פאָדים און אַ „קישעלע״, אין וועלכן ס׳האָבן „געשטאָכן״ נאָדלען און שפּילקעס.

נאָך געדענק איך, אַז מיין טאַטע איז אַ סך מאָל פאַרשווונדן פון שטוב און דאַן האָט שוין מיין מאַמע אַליין געאַרבעט גאַנצע נעכט. מיך פלעגט זי שוין דאַן ניט אַוועקלייגן אין אייזערנעם בעטל, נאָר אין דעם גרויסן בעט און ווען איך פלעג ביים שלאָפן־גיין זיך פרעגן: — ווו איז

1) אין דעם פאַל — שניידער וואָס נעמט אַרויס אַרבעט פון אַ קאָנפעקציע־געשעפט.

דער טאַטע? פלעגט זי מיך צודריקן צו זיך, אַ קוש טון מיר אין קעפּל און צודעקנדיק מיך, האָט זי ווי שטענדיק, אַ פאַרזאָרגטע, אַ מורמל געטון:

— ער וועט צוריק קומען. ער וועט צוריק קומען. און זי פלעגט זיך ווידער נעמען צו דער אַרבעט.

איינמאָל, בעת מיין טאַטע איז ווידער געהאַט פארשוווּנדן געוואָרן, האָב איך זיך געשפּילט מיט קינדער אין הויף. איך בין שוין דאַן אַלט געווען זעקס יאָר. אין מיטן שפּיל האָב איך געהערט, ווי דאָניאַ פּעפּאַ, אַ דיקלעכע, געזונטע שפּאַניאָלקע, וואָס האָט געוווינט אין אַ צימער לינקס פון אונדזערן און וואָס האָט זיך זייער גוט פאַרהאַלטן מיט אונדז, האָט זיך אָפּגערופן צו דאָניאַ פּעטראָנאַן, אַ צווייטע שכנה פון אונדזער הויף:

— פּאָברע דאָן כאָסע! 1) מען האָט אים שוין ווידער צוגענומען קיין ווינזשאַ דעוואָטאָ 2)...

איך האָב גלייך איבערגעריסן דאָס שפּיל און בין אַריינגעלאָפן אין אונדזער צימער, וווּ איך האָב געטראָפן מיין מאַמען ביי דער מאַשין נייען. זי איז דעמאָלט געווען זייער דיק און האָט מיר איינגערעדט, אַז זי האָט פאַר מיר באַשטעלט אַ שוועסטערל.

איך בין צו צו איר און נישט אַראָפּנעמענדיק פון איר מיינע אויגן, האָב איך זי שטיל געפרעגט:

— מאַמע, וואָס איז ווינזשאַ דעוואָטאָ?

זי האָט אויפגעהערט נייען, זיך אַביסל אויסגעגלייכט, אַרויסגעלאָזט אַ טיפן קרעכץ און איבערגייענדיק מיט איר דאַרער האַנט איבער מיין קעפּל האָט זי געזאָגט:

— ווינזשאַ דעוואָטאָ... ווינזשאַ דעוואָטאָ איז אַ געגנט אין בוענאָס־איירעס, פּונקט ווי עס איז ווינזשאַ־קרעספּאָ, ווינזשאַ־אורקיסאָ. דאָרטן וווינען זייער אַ סך אָרעמע מענטשן ווי מיר און זיי האָפן אויך אויף אַ בעסערן מאָרגן.

— און די אַלע, וואָס וווינען דאָרטן — האָב איך ווייטער געפרעגט — זענען דאָרטן ווייל זיי ווילן?

ווי תמיד ווען זי האָט מיר נישט געקענט ענטפערן, האָט זי זיך אויף מיר אָנגעבייזערט:

— הער מיר שוין אויף מיט דיינע קלאָץ־קשיות. איך דאַרף נאָך היינט אַרויסענדיקן אַ פּעקל הויזן און ער פאַרדרייט מיר גאָר דעם קאָפּ מיט נאַרישקייטן...

---

1) אָרעמער יאָסל; 2) אַ געגנט, וווּ ס'געפינט זיך אַ תפיסה.

גאָרנישט צופרידן פון דער מאַמעס אויסמיידנדיקן ענטפער האָב איך נאָכאַמאָל געפרעגט:

— און פאַרוואָס האָט מען דעם טאַטן צוגענומען קיין ווייזשאַ דעוואָ־טאָ?...

די מאַמע האָט צו מיר אויסגעדרייט איר פּנים וואָס איז כּסדר בלאַסער געוואָרן און מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט טרויעריקע פּייכטע אויגן. איך האָב געזען, אַז זי וויל מיר עפּעס זאָגן, ווײַל איך האָב באַמערקט, ווי זי באַוועגט מיט די ליפּן, אָבער מער ווי אַ „ווע" איז ניט אַרויס. מיטאַמאָל האָט זי מיט דער רעכטער האַנט זיך אַ כאַפּ געטון פאַר דער לינקער זייט און די לינקע האַנט האָט זי אויפגעהויבן, ווי זי וואָלט זיך וועלן אין עפּעס אָנכאַפּן. זי האָט זיך געגעבן אַ וואַקל און איז אַ פאַל געטון אומוואַרפּנ־דיק די טאַבורעטקע, אויף וועלכער זי איז געזעסן. איך האָב גענומען שרײַען און אויף מײַנע קולות איז די ערשטע אָנגעלאָפן די שפּאַניאָלקע דאָניאַ פּעפּאַ און דערנאָך האָט זי צוזאַמען מיט דאָניאַ פּעטראָנאַן גערופן די אַסיסטענסיאַ פּובליקאַ 1) וועלכע האָט מײַן מאַמען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל, ווו זי איז געלעגן קנאַפּע דרײַ חדשים. איך מעג זאָגן, אַז ווען ניט די דאָניאַ פּעפּאַ וואָלט איך דעמאָלט געוויס געשטאָרבן פון הונגער. תּמיד ווען זי פלעגט זיך זעצן עסן צוזאַמען מיט דאָן האָראַסיאָ, איר מאַן (קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט) ביים קליינעם טישל, וואָס זיי האָבן אַרויס־געטראָגן פון צימער אין „פּאַטיאָ" 2) פלעגט זי מיט איר קלינגענדיקער שטימע אויסזינגען:

— ראַ־או־לי־טאָ־אָ!

איך האָב שוין געוווסט, וואָס דער ראַוליטאָ באַדײַט. דאָס האָט גע־מיינט, אַז איך זאָל צוקומען צום טישל עסן. בין איך טאַקע אויף גיך צו־געלאָפן, זיך אַוועקגעזעצט אויפן קעסטל, וואָס איז געווען פאַר מיר צו־געגרייט און בעת זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס עסן, פלעגט זי, ווי בשעת תּפילה, שטיל שעפּטשען:

— פּאָברעסיטאָ, פּאָברעסיטאָ...3)

איר מאַן, דאָן האָראַסיאָ, האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן און איינמאָל האָט ער זיך צעשריִען:

— הער שוין אויף מיט דײַן פּאָברעסיטאָ, ווײַל ער וועט נאָך אַזוי גיך קיין יתום ניט ווערן...

---

1) גיכע הילף; 2 הויף; 3) אָרעמינקער.

## 6

דאָניאַ פּעפּאַ איז כמעט יעדן טאָג געגאַנגען זען מיין מאַמען אין שפּי־טאָל. גלייך נאָכן עסן האָט זי דאָס געפּעס אַוועקגעשטעלט אין קיך אויפן טישל, צוגעמאַכט די טיר, וואָס האָט זיך געהוידעט אויף צוויי שטיקלעך לעדער, אָנשטאָט אויף זאַוויעסעס און אויפגעהאָנגען אַ קליינעם שלאָס, וואָס זי האָט נאָכן פאַרשליסן אַ צי־געטון אויספּרוווּנדיק צי זי האָט גוט פאַרשלאָסן (כאָטש מיט איין רעכטן צי וואָלט מען סיי ווי געקענט אומ־וואַרפן די גאַנצע קיך). און צו מיר האָט זי וווּליוּנגעריש אַ ווינק געטון מיטן אויג, צו וועלכן זי האָט צוגעלייגט אַ פינגער:

— אָכאָ! 1)

ס'האָט געהייסן, אַז איך זאָל האַלטן אַן אויג, אַז מען זאָל גאָרנישט צוגנבענען. און איך, אַ צופרידענער פון איר צוטרוי, האָב מעשה גרויסער געענטפערט:

— עסטאַ ביען, טיאַ פּעפּיטאַ! 2)

איך פלעג זי רופן מומע און איך האָב זי שטאַרק ליב געהאַט. אָבער פאַרדראָסן, האָט מיך אויף איר פאַרוואָס זי וויל מיך ניט מיטנעמען צו דער מאַמען אין שפּיטאָל. וויפל איך האָב זיך ניט ביי איר געבעטן, אַז זי זאָל מיך מיטנעמען האָט זי שטענדיק געגעבן דעם זעלבן ענטפער:

— היינט ניט, אפשר אַ צווייט מאָל!

אָדער:

— אַזעלכע קליינע קינדער ווי דו לאָזט מען ניט אַריין אין שפּיטאָל...

דאָך, איין מאָל, ס'איז שוין געווען ביי די דריי חדשים ווי די מאַמע איז געלעגן אין שפּיטאָל, האָט זי זיך צו מיר אָפּגערופן:

— ראוליטאָ, היינט וועסטו גיין מיט מיר. דיין מאַמע וויל דיך זען.

1) פאָרזיכטיק; 2) זייער גוט, מומע פּעפּיטאַ.

איך בין אַזוי איבעראַשט געוואָרן, אַז איך האָב אַ שפּרונג געטון אין דער לופטן, זיך אָנגעכאַפּט אין איר האַלדז און אויסגעקושט איר פולן ווייכן און וואַרעמען פּנים:

— טע קיעראָ טאַנטאָ, טיאַ פּעפּיטאַ! 1)

איך בין גלייך אַריינגעלאָפן אין אונדזער צימער, האָב אָנגעטון אַ ריין העמד מיט אַ פּאָר ריינערע הייזלעך, וואָס מיין מאַמע האָט מיר געהאַט גע־מאַכט פון דעם טאַטנס אַ פּאָר אַלטע הויזן — ס׳איז געווען מיין יום־טובדי־קער גאַנג — כ׳האָב איינגענעצט די האָר אונטערן וואַסער־קראַן, זיך צוגעקעמט פאַרן קליינעם שפּיגל און אַ צעשטראַלטער זיך צוגעשטעלט צו אונדזער גוטער שכנטע.

— וואַמאָס, טיאַ? 2) — האָב איך אַן אומגעדולדיקער געפרעגט.

מיר זענען געגאַנגען.

דער וועג מיטן אויטאָבוס האָט געדויערט מער פון אַ האַלבע שעה. איך האָב די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן דער מאַמען און וועגן דעם וואָס איך וועל מיט איר רעדן. כ׳האָב געטראַכט צו רעדן מיט איר וועגן טאַטן און פאַרוואָס ער קומט ניט אין דער צייט וואָס די מאַמע איז אין שפּיטאָל און איך בין אַליין. כ׳וועל מיט איר אויך רעדן וועגן טיאַ פּעפּאַ, וואָס פאַראַ גוטע זי איז. כ׳האָב דערביי זיך געשלאָגן מיט דער דעה צי איך זאָל איר דערציילן וועגן דאָן האָראַסיאָ, דאָניאַ פּעפּאַס מאַן, וואָס כאָטש ער איז שטענדיק אַרויסגעגאַנגען מיט מיין טאַטן (זיי האָבן געאַרבעט געזעל־שאַפטלעך אין איין פּאַרטיי) און תמיד מיט אים דיסקוטירט, דאָך האָט ער אַרויסגעוויזן כעס אויף דאָניאַ פּעפּאַן, ווען זי האָט מיר געגעבן עסן.

און בעת איך האָב אַזוי געטראַכט האָב איך מיטאַמאָל דערפילט ווי דאָניאַ פּעפּאַ האָט אָנגענומען מיין הענטל, מיך אַ לייכטן צי געטון און געזאָגט: — קום...

כ׳בין איר שטיל נאָכגעגאַנגען. מיר זענען געגאַנגען דריי גאַסן ביז צום שפּיטאָל. דערנאָך זענען מיר דורך אַ גרויסן, גוט־געפּלעגטן גאָרטן צוגע־קומען צום שפּיטאָל. מיר זענען אַריין אין אַ לאַנגן קאָרידאָר און צוגעקומען צו אַ ווייסער טיר, אויף וועלכער ס׳איז געווען אַ נומער זעכצן. דאָניאַ פּעפּאַ האָט לייכט אויפגעעפנט די טיר און מיר אַריינגעלאָזט פריער און זי איז געגאַנגען הינטער מיר.

דער גאַנג דורך דעם לאַנגן קאָרידאָר וואָס איז געווען זייער שוואַך באַלויכטן האָט אויף מיר געמאַכט זייער אַ שטאַרקן איינדרוק. אומהיימלעך

1) איך ליב דיך אַזוי פיל, מומע פּעפּיטאַ; 2) מיר גייען, מומע?

האָבן אויף מיר געווירקט די ווענט. אויך די מאָדנע פרעמדע ריחות וואָס האָבן זיך געטראָגן אין חלל האָבן מיך שטאַרק צעמישט.

מיר זענען אַרײַן אין אַ גרויסן זאַל ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע שורות מיט ווײַסע בעטלעך אויף וועלכע עס זענען געזעסן און געלעגן קראַנקע פרויען. מײַנע אויגן האָבן געזוכט אַרומבלאָנדזשען איבערן גרויסן זאַל, זוכנדיק מײַן מאַמען, וועלכע האָט, דערזעענדיק אונדז אויפגעהויבן איר האַנט. איך האָב זי באַמערקט און בין גלײַך צו איר צוגעלאָפן. זי האָט מיך אַרײַנגעכאַפּט אין אירע אָרעמס און מיך שטאַרק געדריקט צו זיך, באַדעקנדיק מײַן פּנים מיט קושן און טרערן.

— מײַן קינד, מײַן אײנציק קינד — האָט זי געשעפּטשעט.

זי איז געווען זייער ווײַס. אירע ליפּן זענען געווען בלאַס. די באַקן — אײַנגעפאַלענע. אירע טיפע אויגן האָבן אויסגעזען נאָך טיפער.

ווען איך האָב זי געפרעגט פאַרוואָס זי איז אין שפּיטאָל און ווען זי וועט קומען אַהיים האָט זי שטיל געענטפערט:

— זאָרג זיך ניט, מײַן אוצר. אין אַ וואָך, אָדער צוויי וועל איך שוין געוויס זײַן אין דער היים.

## 7

דעם זעלבן טאָג ווען מיין מאַמע איז געקומען פון שפּיטאָל איז אויך געקומען מיין טאַטע.

ס׳איז געווען אַזוי:

אינדערפרי. איך בין געזעסן אויפן הויף לעבן וואַנט צווישן אונדזער און דאַניאַ פּעפּאַס צימער, אויף אַ קעסטל. אין איין האַנט האָב איך גע־האַלטן אַ שטיקל ברויט און אין דער צווייטער אַ טעפּעלע מאַטע קאַסידאַ 1) און פּלוצים האָב איך דערזען מיין טאַטן. ער איז געווען אָנגעטאָן אין די זעלבע מלבושים וואָס אין דעם לעצטן טאָג, ווען ער איז אַוועק פון שטוב. אָבער סיי דאָס רעקל, סיי זיינע הויזן זענען געווען שטאַרק צעקנייטשט. ער איז אויך געווען באַוואַקסן און בלאַס. דערזעענדיק אים איז מיר פון איבער־ראַשונג אַרויסגעפאַלן דאָס טעפּעלע פון האַנט. אַ מינוט בין איך געבליבן אַ צעטומלטער, אָבער באַלד בין איך צוגעלאָפן צו אים, זיך אויפגעהאַנגען אויף זיין האַלדז און נישט אויפגעהערט צו שעפּטשען:

— פּאַפּיטאַ, קערידאַ, פּאַפּיטאַ!... 2)

ער האָט אַ טיף־גערירטער מיך צוגעדריקט צו זיך, מיך עטלעכע מאָל געקושט און געפרעגט:

— ווו איז די מאַמע?...

אין דער מינוט איז אָנגעקומען דאַניאַ פּעפּאַ. זי איז געקומען פון יאַטקע, ווו זי האָט אויף היינט געקויפט אַ גרעסערע פּאָרציע פליש, ווייל זי האָט געוווסט, אַז היינט וועט שוין מיין מאַמע אַ היים קומען און זי האָט געוואָלט מאַכן פאַר איר אַ מאָלצייט. דערזעענדיק מיין טאַטן האָט זי אויפגעהויבן ביידע הענט, אַרויסגעלאָזט אַ הילכיקן קוויטש און גלייך צוגעלאָפן צו אים מיט אַ געשריי:

---

1) געקאָכטע מאַטע; 2) טאַטעלע, טייערער טאַטעלע.

— פעפע!...1)

זי איז שטיין געבליבן נאָענט פון אים, אַ ווײַלע אים באַטראַכט און אַ צעפּלאָמטע געזאָגט:

— מעג אפילו האָראַסיאָ ווערן אין כעס...

און זי האָט מיט אירע דיקלעכע הענט אַרומגענומען מײַן טאַטן, צוגע־דריקט זיך צו אים, און אים אַ קוש געטון גלײַך אין די ליפּן.

— ווו איז קלאַריטאַ? — האָט מײַן טאַטע געפרעגט.

דאָניאַ פּעפּאַס שוואַרצע אויגן האָבן זיך אויף אַ רגע פאַרטונקלט און מײַן טאַטע, האָט, דערזעענדיק, אַז ער באַקומט ניט קיין ענטפער, אַרויפגע־לייגט זײַן האַנט אויף איר אַקסל און געפרעגט:

— איז עפּעס געשען?

אין זײַן פרעגן איז געווען שרעק.

פּעפּאַ האָט בגוואַלד אַרויפגעצויגן אויף אירע פליישיקע ליפּן אַ שמייכל. אויך אירע אויגן האָבן צוריקגעקריגן דעם שטענדיקן גלאַנץ.

— איצט, מײַן פרײַנט — האָט זי געזאָגט, — איז שוין גאָרנישט. זי האָט אָפּגעשפּילט מיט גליק, ווײַל זי האָט...

זי האָט ניט געענדיקט. אירע אויגן האָבן מיך דערזען און זי האָט זיך צעשריִען:

— גיי אין דרויסן זיך שפּילן... קיינער דאַרף דיך דאָ ניט האָבן.

ווען איך בין אין אַ האַלבער שעה אַרום אַרײַן אין הויף איז מײַן טאַטע געזעסן לעבן דאָניאַ פּעפּאַס קיך אויפן זעלבן קעסטל, אויף וועלכן איך בין פריִער געזעסן. זי איז געזעסן אויף אַ קליינעם, אָבער ברייטן בענקל, אויף וועלכן זי פלעגט שטענדיק זיצן בעת זי האָט געמאַכט אַ מאַטע. מײַן טאַטע האָט געסמאָטשקעט דאָס מעטאַלענע רערל פון דער מאַטע און זי האָט נאָך אַלץ גערעדט. איך האָב נאָר אויפגעכאַפּט די ווערטער:

— דאַרפסט זײַן צופרידן וואָס דו האָסט כאָטש איין קינד. ווײַל נאָך... זי האָט מיר דערזען און אָפּגעהאַקט.

שפּעטער האָט זי מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל היטן דאָס טעפּל, וואָס איז געשטאַנען אויפן פײַער און וואָס זי האָט געלאָזט אָפּגעדעקט כדי „ס׳זאָל ניט אויסלויפן". אַליין איז זי, צוזאַמען מיטן טאַטן, אַוועק. זיי זענען געפאָרן ברענגען די מאַמע. ווען זיי זענען צוריקגעקומען האָט שוין אין שטוב גע־וואַרט דאָן האָראַסיאָ, וועלכער איז געקומען עסן מיטאָג און וועלכן איך האָב דערציילט מיט צופרידנקייט און גדלות אַז מײַן טאַטע איז צוריקגע־

1) די שפּאַניער רופן כאָסע — פּעפּע.

קומען און אַז ער איז צוזאַמען מיט דאָניאַ פּעפּאַן געפאָרן אין שפּיטאָל ברענגען די מאַמע.

זייער אַריינקומען וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דאָניאַ פּעפּאַ איז אַריין פאָרויס און הינטער איר זענען געגאַנגען מיין טאַטע־מאַמע. די מאַמע האָט דעם טאַטן געהאַלטן ביים אָרעם. ביידע זענען געווען אַזוי משונהדיק הויך און דאַר, העכער און דאַרער ווי שטענדיק. אויך זייער בלאַסקייט האָט זיי צוגעגעבן אַ מאָדנעם אויסזען. דערזעענדיק מיך האָט די מאַמע צופרידן געשמייכלט. זי האָט זיך אַביסל אַראָפּגעבויגן צו מיר און מיך געקושט. דערנאָך האָט זי עפּעס אָפּגעגעסן און דער טאַטע האָט זי צוגעפירט צום בעט ווו זי האָט זיך געלייגט. מיר האָבן אויך אָפּגעגעסן מיטיק און נאָכן מיטיק איז מיין טאַטע אַוועק זוכן אַרבעט.

## 8

מיין טאַטן האָב איך שטאַרק ליב געהאַט. איך האָב אים ליב געהאַט צוליב אַ סך זאַכן. קודם־כל האָט ער זיך מיט מיר זייער אַ סך געשפּילט. ער האָט זיך מיט מיר געשפּילט סיי ווען ער האָט געענדיקט די אַרבעט און נאָך מער, ווען ער האָט קיין אַרבעט ניט געהאַט. דאַן האָט ער זיך מיט מיר נאָך מער געשפּילט. אויך ווען ער איז געזעסן איבערגעבויגן איבער דער מאַשין און געשטעפּט פלעגט ער זינגען שיינע לידלעך, מערסטנטייל — יידישע, וועלכע איך האָב כמעט ווי ניט פאַרשטאַנען, ווייל מיר זענען אין יענע יאָרן ווייניק געקומען צווישן יידן און אין שטוב האָט מען גע־רעדט בלויז שפּאַניש. דאָך זענען די לידלעך מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן.

ס׳איז מיר אויך שטאַרק געפעלן געוואָרן דאָס, וואָס ווען מען איז זיך צונויפגעקומען ביי אונדז אין צימער אויף אַ געהיימער פּאַרטיי־זיצונג, (אַ סך מאָל זענען ביי אונדז פאָרגעקומען אַזעלכע זיצונגען), האָט מיין טאַטע ניט מורא געהאַט אַז איך זאָל בלייבן אין שטוב און ווען איינער האָט אים אַמאָל געפרעגט:

— צו וואָס דאַרפסטו דעם קליינעם דאָ?

האָט מיין טאַטע געענטפערט:

— איך וויל, אַז מיין קינד זאָל גיין אין מיינע וועגן. זאָל ער פון קליינ־וויז אָן זיין מיט אונדז און איינזאַפּן אין זיך אונדזער גייסט...

ס׳איז באמת שווער צו געפינען אַ טאַטן, וואָס זאָל זיך אַזוי אָפּגעבן כדי צו געווינען זיין קינדס נשמה, ווי דאָס האָט געטון מיין טאַטע. איך זאָג עס היינט, אַזוי פיל יאָרן שפּעטער, ווען יענע ליבע צו אים — איך בין זיך דערין מודה, — האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ שנאה. יאָ, אין אַ שנאה, דער־פאַר וואָס ער האָט מיך געפירט אויף אַ פאַלשן וועג; אין אַ שנאה, פאַר זיין פאַרטייישן פאַנאַטיזם, ווייל פאַר אים, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן זיין פאַרטיי, האָט קיינער און קיין זאַך ניט עקזיסטירט, אפילו נישט מיין

מאַמע און נישט איך, כאָטש ער האָט אונדז בײדן ליב געהאַט און צוליב דעם האָט ער געבראַכט אַזױפיל צרות אויף אונדז, צעשטערנדיק אונדזער אָרעמע הײם. איך האָס אים... איך האָס אים... און ער האָט גענומען ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער און זיך װײטער צעװײנט.

װידעראַמאָל האָב איך אים געלאָזט אויסװײנען.

— נו, האָב איך דערנאָך שטיל געפרעגט.

— אָבער דאַן האָב איך אים ניט געהאַסט, — האָט ער װידער אָנגעהױבן רעדן — פאַרקערט, דאַן האָב איך אים שטאַרק ליב געהאַט, איך בין געװען זיכער ,אַז קײן בעסערער טאַטע איז גאָר אויף דער װעלט נישטאָ.

צו די זיבן יאָר האָב איך אָנגעהױבן גײן אין דער לאַנד־שול, און דאַן האָב איך נאָכאַמאָל געהאַט אַ געלעגנהײט צו זען װי װײט אַנדערש פון אַלע אַנדערע טאַטעס מײן טאַטע איז געװען.

איך האָב אײך שױן געזאָגט, אַז אין אונדזער הױף האָבן מיר געװױנט פינף שכנים. אַלע, אַ חוץ דאָניאַ פּעפּאַ, האָבן געהאַט קינדער, אַזױ, אַז פון שול-עלטער זענען מיר געװען אַכט קינדער. קײנער, אָבער, פון די אַלע קינדערס טאַטעס האָט זיך קײנמאָל ניט אינטערעסירט צי די קינדער האָבן געמאַכט די לעקציעס און װי אַזױ זײ האָבן די לעקציעס געמאַכט. מײן טאַטע איז געװען אַנדערש. ער האָט מיך געלאָזט זיך שפּילן װיפל נאָר איך האָב געװאָלט, אָבער פריִער האָב איך געמוזט מאַכן די לעקציעס און כל־זמן ער האָט זײ ניט איבערגעקוקט און געגעבן זײן הסכמה, בין איך ניט אַרױס פון צימער. אַ סך מאָל האָב איך אַפילו געמוזט איבערמאַכן די לעקציעס. אָבער דערפאַר, װען זײ זענען געװען גוט געמאַכט, האָט ער אַ פּיר געטון מיט זײן האַנט איבער מײן קאָפּל, זאָגנדיק מיט אַ צופרידענעם שמײכל:

— גײ זיך שפּילן, פונדיקל מײנער!

װען איך בין אַלט געװאָרן 10 יאָר האָט מען בײ אונדז אין שטוב גענומען רעדן װעגן אַן ענדערונג אין טאַטנס פּאַרטײאישער אַרבעט. גענױ אין װאָס די ענדערונג איז באַשטאַנען האָבן איך נישט געװוּסט אָבער צו אונדז אין שטוב האָבן אָנגעהױבן קומען אַנדערע מענטשן — בלױז ייִדן (דערנאָך האָב איך זיך דערװוּסט, אַז די פּאַרטײ האָט אים, אַריבערגעװאָרפן אויף דער ייִדישער גאַס). איצט האָב איך פאַרשטאַנען נאָך װינציקער װי פריִער, װײל װי איך האָב אײך שױן געזאָגט, האָב איך קײן ייִדיש כמעט װי נישט געקענט.

אײנמאָל, אַ זונטיק בײטאָג, נאָך אַ זיצונג, האָט מײן טאַטע מיך צוגערופן, און װי זײן שטײגער איז געװען מיך שטיפעריש געפרעגט:

— זאָג נאָר, שאַלטיק מיינער, וואָלסט געוואָלט גיין אין אַ ייִדישער שול ?...

איך האָב אים אָנגעקוקט דערשטוינט ניט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט.

— קע עס עסאַ ?... 1) האָב איך פאַרשייט אַ פרעג געטון.

ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין אויף שפּאַניש, אַז אויף דער היינ־טיקער זיצונג האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן אַן „עסקועלאַ כודיאַ" 2), אין וועלכער עס וועלן זיך לערנען אַלע פּראָגרעסיווע קינדער... ווייל, — האָט ער מיר דערקלערט — די ייִדישע רעאַקציע הייבט שוין צו פיל אויף דעם קאָפּ. דער ציוניזם פאַרסמט וואָס אַמאָל מער די אומשולדיקע נשמהלעך. מוזן מיר דערפאַר דערציִען אַ דור וואָס זאָל זיך אַנטקעגנשטעלן די פינצ־טערע כוחות וועלכע גרייטן צו אַ מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד.

ער איז שטיל געבליבן און מיר געקוקט גלייך אין פּנים אַריין, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן וואָס פאַר אַ ווירקונג זיינע ווערטער האָבן אויף מיר געמאַכט. איך בין געבליבן זיצן מיט אַן אָפן מויל און מיט גרויסע צעלויכטענע אויגן. דאַן האָט מיין טאַטע גדלותדיק צוגעגעבן:

— מיר, אַז מיר נעמען זיך אונטער עפּעס צו מאַכן — מאַכן מיר. מיר זענען ניט ווי יענע צעקראָכענע ייִדעלעך, וואָס האָבן אַ סך פּלענער און טוען גאָרנישט.

צו די זעקס וואָכן בין איך שוין געזעסן אין אַ גרויסן צימער, צוזאַמען מיט נאָך פינף און דרייסיק קינדער פון פאַרשידענעם עלטער. אין דער שול זענען געווען קנאַפּע הונדערט קינדער, צעטיילט אין דריי גראַדן. זי האָט געהאַט צוויי לערער, יעדער פון זיי האָט געהאַט צו צוויי טורנעס, אינדער־פרי און נאָכמיטיק.

די ערשטע צייט האָב איך גאָרנישט פאַרשטאַנען פון דעם וואָס מען האָט מיט מיר געלערנט. אָבער מיט דער צייט האָב איך זיך אויסגעלערנט. מיט מיר איז געשען עפּעס אַ וווּנדער וואָס איך קען אים ניט דערקלערן: אין דער צייט וואָס אין דער לאַנד־שול בין איך ניט געווען פון די גאָר גוטע שילער, כאָטש מיין טאַטע האָט מיך געהיט ביים מאַכן די לעקציעס, בין איך אָבער אין דער ייִדישער שול געווען זייער אַ גוטער שילער. און צו די צוויי יאָר האָב איך שוין געלייענט גאָרנישט שלעכט. און אַזוי ווי איך האָב ליב געהאַט צו פּראַקטיצירן האָב איך שוין, ווען איך בין אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, גערעדט און געלייענט ייִדיש פּערפעקט. מיין ייִדיש־לשון האָב איך אויסגענוצט צום ערשט אין אונדזער שטוב: איך האָב זייער אָפט מיטן

1) וואָס איז דאָס? 2) אַ יידישע שולע.

טאָטן שוין געפירט דיסקוסיעס אויף ייִדיש, אָבער דערנאָך האָב איך מיין ייִדיש־קענטשאַפט געגומען אויסנוצן אין קולטור־הויז, ווו דער טאַטע האָט מיך אַריינגעפירט. דאָרט זענען געווען פּאַרטיי־קעמערלעך פאַר דערוואַק־סענע און יוגנטלעכע פון וועלכע מען האָט דערצויגן אָנפירער און דאָרט זענען אויך געווען זייער פיל יוגנטלעכע פון מיין עלטער. אין דעם קולטור־הויז האָב איך זייער גיך גענומען פאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אַ דאַנק מיין עקשנות און געפּיל פאַר פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

אַזוי איז זיך מיין יונג לעבן געפלאָסן, ווי מען זאָגט, אין רויִקע ברעגן, אָן גרויסע איבעראַשונגען. איינמאָל אָבער, אין אַ זונטיק פאַרמיטאָג, ווען איך בין אַהיימגעגאַנגען פון קולטור־הויז, האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט אַ חבר, מיט וועלכן איך האָב אַ צייט צוזאַמען געאַרבעט אין דעם זעל־ביקן קולטור־הויז. דער דאָזיקער חבר איז שוין געווען קאַנדידאַט אויף יוגנט־אָנפירערשאַפט, נאָר זייט אַ לענגערער צייט האָט ער זיך אויפגעהערט ווייזן און איך האָב אים מער ניט געזען. נאָך דעם ווי איך האָב אים געפרעגט וואָס ער מאַכט, האָב איך אים גלייך געשטעלט די פראַגע:

— פאַרוואָס זעט מען דיך נישט אין קולטור־הויז?

זיין ענטפער איז ניט געקומען גלייך. ער האָט מיך אָנגעקוקט אַביסל דערשראָקן. איך האָב געזען, אַז ער קווענקלט זיך מיר צו ענטפערן. אָבער לסוף האָט ער כמעט ווי אַרויסגעשטאַמלט:

— איך וועל מער ניט קומען דאָרט.

איך האָב ניט פאַרשטאַנען זיין שטאַמלען און אָנקוקנדיק אים אַביסל פאַרחידושט האָב איך געפרעגט:

— וואָס פּלאַפּלסטו, ווו איז דאָס דער „דאָרטן" ווו דו וועסט מער נישט קומען?

ער האָט באַקומען אַביסל מער קוראַזש און מיט זיכערקייט אין זיין שטימע, געענטפערט:

— דער „דאָרטן" איז דיין קולטור־הויז.

— מיין קולטור־הויז? — האָב איך אָן איבעראַשטער איבערגעפרעגט און צוגעגעבן: — ס'איז ניט „מיין" און ניט „דיין" קולטור־הויז, נאָר אונ־דזער אַלעמענס קולטור־הויז. מיר זענען פאָלקס־קינדער און אַ פאָלק אָן אַ קולטור איז קיין פאָלק נישט.

ער האָט שטיל אַ לאַך געטון און פאַרביסן געזאָגט:

— מאַך מיר ניט קיין פּראָפּאַגאַנדע, ווייל עס איז ניט נייטיק. איך ווייס דאָס אַליין פונקט, ווי דו. אָבער דער אונטערשייד פון אונדז ביידן איז דער,

וואָס איך ווייס נאָך עפּעס וואָס דו ווייסט ניט; דו ווייסט נישט, אַז דו דינסט פּרעמדע אינטערעסן...

— וואָס הייסט ביי דיר „פּרעמדע" אינטערעסן? — האָב איך מיט אַ געמאַכטער רויִקייט אים געפרעגט.

— פּרעמדע אינטערעסן — האָט ער גלייך געענטפערט — זענען די וועלכע דו דינסט... דו העלפסט אונטערן שלייער פון קולטור, דערציִען יוגנט־לעכע וועלכע וועלן קעמפן פאַר אַ לאַנד, וואָס זיינע פירער האָבן אונטער־געשריבן אַ פּאַקט און געדריקט די הענט ביי די גרעסטע שונאים פון דער מענטשהייט.

איך האָב נישט פאַרלוירן מיין רויִקייט און געזאָגט:

— מיר זענען צו נאַריש כדי צו פאַרשטיין וואָס דאָרט געשעט.

ער האָט מיר בייסיק איבערגעשלאָגן:

— יאָ, איר, זייט טאַקע צו נאַריש.

— אַ קינד אין וויג זעט — האָב איך מיט היץ אָנגעהויבן, — אַז ענג־לאַנד און פראַנקרייך, צוזאַמען מיט דער גאַנצער וועלט־רעאַקציע — די יידישע אַריינגערעכנט — זוכן צו פאַרפלאָנטערן אין מלחמה דעם ראַטנפאַר־באַנד, ווייל זיי ווילן זי אומברענגען.

— הייסט עס, אַז דאָס נאַצי־דייטשלאַנד איז דאָס איינציקע לאַנד וואָס וועט נישט לאָזן אומברענגען דעם ראַטנפאַרבאַנד? היטלער וועט באַשיצן די רעוואָלוציע, האַ?

איך האָב אים איבערגעשלאָגן:

— איך האָב ניט געוווּסט, אַז איך האָב צו טאָן מיט אַ שונא...

— ניין, האָסט אַ טעות — האָט ער אַ זאָג־געטון, קוקנדיק מיר גלייך אין פּנים — ניט קיין שונא בין איך דיר, נאָר אַ חבר אָבער אין דער צייט ווען מאָלאָטאָוו דריקט די האַנט ריבנטראָפּן און סטאַלין און היטלער שיקן זיך באַגריסונגס־טעלעגראַמעס קען איך ניט אַריינקומען אין הייזער ווו מען פּאַרטיידיקט אַזאַ שותפות אין נאָמען פון פּראָגרעס. איך בין קודם־כל אַ ייִד און צי דער היטלער־סטאַלין פּאַקט וועט פּאַרטיידיקן די רעוואָלוציע, — מיך, אַלס ייִד, וועט ער ניט פּאַרטיידיקן.

און כאָטש מיר האָבן זיך שטאַרק געקריגט, האָבן מיר זיך פונדעסטוועגן צעשיידט ווי חברים.

דעם גאַנצן וועג אַהיים האָב איך געהאַלטן אין איין טראַכטן וועגן מיין חבר און וועגן זיינע רייד. איך בין דאָן געווען איבערצייגט, אַז ער איז אַראָפּ פון גלייכן וועג. פונדעסטוועגן האָבן מיך זיינע ווערטער דאָך גענומען פּיי־ניקן. איך האָב גענומען טראַכטן וועגן זאַכן וואָס איך האָב וועגן זיי פריִער נישט געטראַכט.

## 9

ס׳איז אַוועק אַ צייט.

וויפל איך האָב נישט געזוכט צו פאַרגעסן מיין חברס ווערטער, האָב איך דאָס פונדעסטוועגן ניט געקענט. סיי ביי דער אַרבעט (איך בין אַריין אַרבעטן אַלס שיק־ייִנגל אין אַ קלייט און די פרייע צייט האָב איך געהאָלפן פאַרקויפן) און סיי ביים לערנען (איך בין געגאַנגען אין דער האַנדלס־שול ביינאַכט), זענען מיר זיינע ווערטער ניט אַרויס פון קאָפּ. און דאָס ערגסטע איז געווען וואָס איך האָב וועגן דעם מיט קיינעם ניט געקענט רעדן.

מיין טאַטע האָט, ווייזט אויס, באַמערקט, אַז איך גיי אַרום אַ פאַרטראַכ־טער, האָט ער מיך איינמאָל בעת אַ מאַטע, ווען די מאַמע איז אַרויס ברענגען וואַסער כדי צו דערגיסן דעם טשייניק וואָס האָט שוין גענומען קאָכן, מיך אַ פרעג געטון:

— וואָס איז דיר?

איך האָב ניט פאַרשטאַנען זיין פראַגע און האָב דעריבער געענטפערט:

— מיר איז גאָרנישט...

אָבער גלייכצייטיק האָב איך צוריק געפרעגט:

— וואָס איז דען?

אַריינקוקנדיק אין מיין פנים ווי ער וואָלט אַליין וועלן דערגיין, וואָס מיר איז, האָט ער געזאָגט:

— איך זע אַז דו גייסט אַרום אַזוי צעטראָגן...

ער איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן. אויף זיינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל. ס׳איז געווען אין דעם שמייכל סיי אַ קאַפּעלע חוזק, סיי באַדויער, סיי וואָרענונג:

— שעם זיך נישט — האָט ער דערנאָך געזאָגט — דו ווייסט דאָך, אַז איך קוק דיר ניט נאָך ווו דו גייסט, נאָר אויב ס׳איז עפּעס...

איך האָב זיך אָנגעשטויסן, וואָס ער מיינט און זיך פונאַנדערגעלאַכט.

— טאַטע, דו בלאָנדזשעסט, — האָב איך מער אַרויסגעלאַכט, ווי אַרויס־געדעדט.

ער איז אַביסל רויט געוואָרן, אַראָפּלאָזנדיק זיינע אויגן.

דערווייל איז אַריינגעקומען די מאַמע, האַלטנדיק אין איין האַנט דעם טשייניק און אין דער צווייטער — אַן אָנגעגאָסענע מאַטע, וואָס זי האָט דער־לאַנגט דעם טאַטן, זאָגנדיק:

— וואָס זיצסטו ווי אַ פאַרשעמט חדר־ייִנגל? נאַ, טרינק, וועט דיר אפשר איבערגיין...

אַלע האָבן מיר געלאַכט, איבערהויפּט די מאַמע, וואָס האָט שוין אויפ־געהערט צו אַרבעטן, ווייל דער טאַטע האָט שוין לעצטנס פאַרדינט גוט און מיין פאַרדינסט, כאָטש ניט קיין גרויסן, האָב איך אויך אַוועקגעגעבן, כמעט אינגאַנצן, דער מאַמען. זי האָט שוין געקריגן אַן אַנדער פּנים און האָט שוין אָפט געשמייכלט און אַפילו גאַנץ אָפט געלאַכט אויף אַ קול. דער טאַטע האָט טאַקע אויך געלאַכט, אָבער לפנים וועגן. גיכער האָט ער געלאַכט כדי צוליב צו טאָן דער מאַמען. ער האָט אָבער פאָרט זיך געוואָלט דערוויסן פאַרוואָס איך גיי אַרום אַזוי פאַרטראַכט. און מיין טאַטע, אַז ער האָט עפּעס געוואָלט וויסן האָט ער ניט אָפּגעלאָזט ביז ער האָט זיינס אויסגעפירט. דעריבער האָט ער איבערגעוואַרט ביז מיר האָבן פאַרענדיקט דאָס לאַכן און זיך ווידער גענומען צו מיר:

— נו, זאָל זיין אַז איך בין זיך טועה. בעסער אַזוי. אָבער פאַרוואָס גייסטו פאָרט אַרום אַזוי צעטראָגן?

איך האָב געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן חשק מיט אים צו רעדן אָפן, און אים אַלץ צו דערקלערן, כאָטש איך האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי אים דאָס אַלץ וואָס דריקט מיך צו דערקלערן. איך האָב גוט געקענט מיין טאַטן, האָב געקענט זיין כאַראַקטער און אויך זיין פאַנאַטיזם וואָס האָט נישט דער־לאָזט קיין שום אָפּנויג. ענדלעך האָב איך, ציִענדיק דורכן רערל די פון זשערבאַ צעשוימטע פליסיקייט, זיך אַביסל קאָנצענטרירט און ווען איך האָב געענדיקט טרינקען, האָב איך אים געזאָגט, גלייך קוקנדיק אין זיין פּנים:

—דו ווייסט גאַנץ גוט, טאַטע, אַז די לעצטע פּאָר יאָר בעם איך אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער יוגנט־סעקציע פון קולטור־הויז, ווי אויך אין דער אַרבעט פון דער פּאַרטיי־יוגנט. אָבער די לעצטע עטלעכע חדשים האָבן מיך גענומען עגבערן מאָדנע געדאַנקען, וואָס איך ווייס, אַז פון פּאַרטיי־שטאַנד־פּונקט זיינען זיי שעדלעכע, אָבער... איך קען מיר ניט העלפן.

מיין טאַטע האָט מיך מיט חשד אָנגעקוקט און דערנאָך געזאָגט:

— זאָג, זאָג ווייטער, וואָס עס דריקט דיך.

איך האָב פאָרגעזעצט:

— לעצטנס, זייט עס איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער פּאַקט, האָט זיך מיר גענומען באַמבלען אין קאָפּ די פראַגע, צי מעגן מיר, אַלס ייִדן, שטיצן אַ פּאַקט מיטן נאַציזם, אין דער צייט וואָס אַלע ווייסן, אַז ער וויל אומ־ברענגען דאָס גאַנצע ייִדישע פאָלק?...

איך האָב באַמערקט ווי מיין טאַטע איז מיטאַמאָל בלאַס געוואָרן, דער־נאָך איז ער געוואָרן רויט און אַ נערוו לעבן לינקן אויג האָט גענומען צוקן. איך האָב געוווּסט, וואָס דאָס באַדייט. דאָס האָט געהייסן, אַז ער איז שטאַרק אויפגערעגט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט, געגעבן עטלעכע שפּאַן אַהין און צוריק, פאַרבייסנדיק די אונטערשטע ליפּ און זיך צוריק געזעצט. דערנאָך האָט ער גענומען רעדן צו מיר, כלומרשט, גאַנץ רויִק און איך האָב באַמערקט ווי שטאַרק ער שטרענגט זיך אָן זיך צו באַהערשן.

— הער אויס — האָט ער געזאָגט — מיט אַ פרעמדן וואָלט איך אינ־גאַנצן נישט גערעדט וועגן דעם. איך וואָלט אים פּשוט אָנגעשפּיגן אין צורה און געשיקט צום טייוול; אָבער מיט דיר... מיט דיר איז עפּעס אַנדערש, כאָטש איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז ווען מיר קומט אויס דאָס צו הערן פון אַ פרעמד מויל וואָלט דאָס מיך אַזוי פיל ניט פאַרדראָסן, ניט וויי־געטון. אָבער ס׳איז מיין חוב אַלס טאַטע און... אַלס פּאַרטייער דיר צו דערקלערן אייניקע זאַכן, וואָס איך גלייב, אַז זיי וועלן דיר עפענען די אויגן און אַזוי אַרום, וועט דיר אַלץ ווערן קלאָר.

ער האָט געמאַכט אַ קורצע פּויזע, דערביי פאַרזשמורעט עטוואָס די אויגן (ער פלעגט שטענדיק פאַרזשמורען די אויגן, ווען ער האָט געוואָלט בעת אַ דיסקוסיע קאָנצענטרירן זיינע געדאַנקען) און דערנאָך האָט ער פאָרגעזעצט:

— קודם־כל, איז פאַר דיר ניט קלאָר, אַז די וועלט־רעאַקציע האָט גע־וואָלט מיט אַלע מיטלען פראָוואָצירן אַ מלחמה קעגן ראַטנפאַרבאַנד?

— יאָ טאַטע...

— ביזטו ניט איבערצייגט, אַז ענגלאַנד און פראַנקרייך — מיט דער הסכמה פון וואָל־סטריט — האָבן געזוכט, אַז די רוסישע און דייטשישע פעל־קער זאָלן אָפּגיין אין בלוט?...

— יאָ...

— טאָ ווי אַזוי קענען מיר, מיר וואָס שטייען אין אַוואַנגאַרד פון אַלע פעלקער, מיר וואָס אונדזער מיסיע איז צו שטיין אויף דער וואַך און צו קעמפן קעגן די אימפּעריאַליסטישע מלחמות, און אויך צו שטיין אויף דער וואַך כדי צו פאַרהיטן דעם פאָטערלאַנד פון וועלט־פּראָלעטאַריאַט, ווי אַזוי

קענען מיר דערלויבן, אַז דער וועלט־אימפּעריאַליזם זאָל אומברענגען דעם ראַטנפאַרבאַנד?

איך האָב אין זיינע רייד געהערט באַקאַנטע אמתן, אָבער עס האָט מיך פּאַרט געעגבערט אַן „עפּעס", וואָס איך האָב ניט געקענט קלאָר אַרויס־ברענגען.

— יאָ, האָב איך גענומען שטאַמלען, — אָבער מיר זענען דאָך ייִדן

ווי ניט הערנדיק מיין באַמערקונג, האָט ער פאָרגעזעצט:

— אין קיין שום לאַנד אויף דער וועלט איז די ייִדן־פראַגע נאָך ניט אַזוי געלייזט געוואָרן, ווי אין ראַטנפאַרבאַנד. ייִדיש מלוכה־טעאַטער, ייִדישע מלוכה־פאַרלאַגן, אַ ברייטע נעץ פון ייִדישע שולן, אַ ייִדיש־אויטאָנאָמע געגנט — בירא־בידזשאַן, וואָס וועט מיט דער צייט זיך פאַרוואַנדלען, — זי איז עס שוין אין מיניאַטור — אין אַ ייִדישער מלוכה. און ווען געשעט דאָס אַלץ?

— האָט ער געפרעגט מיט אַ שטים וואָס האָט אויסגעדריקט עקשנות, אײַ־בערצייגונג און צופרידנקייט, — דאָס געשעט אין דער זעלבער צייט ווען אין אַלע לענדער — פאַשיסטישע און מ׳שטיינס געזאָגט דעמאָקראַטישע — בו־שעוועט דער אַנטיסעמיטיזם... ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און דער־נאָך פאָרגעזעצט — יאָ, דאָס האָב איך דיר געזאָגט אַלס פּראָגרעסיווער טאַטע און איצט וועל איך דיר זאָגן עטלעכע ווערטער אַלס פאַרטייער: קיינער אויף דער וועלט — און נאָך ווייניקער אַזעלכע ווי דו, וואָס האָבן נאָך ניט געפּאַקט און געמאָזלט פאַר דער באַוועגונג, — האָט אַ רעכט זיך צו מישן און צו צווייפלען אין דעם וואָס עס ווערט באַשטימט אין פאָליט־ביוראָ. דער איינציקער, וואָס האָט רעכט און געניג אויטאָריטעט צו זאָגן זיין פעסט וואָרט, וואָס פאַר יעדן פון אונדז מוז עס זיין ווי אַ געזעץ, איז דער פאָטער פון אַלע פעלקער, דער געניאַלער סטאַלין!

איך האָב דאָס אַלץ מיטן גרעסטן אינטערעס אויסגעהערט און בין ווי לעבעדיק געוואָרן. דער „עפּעס" וואָס האָט מיך מיט עטלעכע מינוט צוריק גע־עגבערט און גענאָגט, האָט זיך ווי אויסגעוועפּט און איך האָב גענומען פילן ווי מייך האַרץ האָט פלוצים באַקומען אַן איינשפּריצונג פון פרישׁ בלוט. מיינע אויגן האָבן גענומען נצחונדיק בלישטשען און אַ גליקלעכער האָב איך אויס־געשטרעקט צו מיין טאַטן אַ האַנט, וועלכע ער האָט אָנגענומען און אַ צו־פרידענער לאַנג, לאַנג געדריקט.

# 10

נאָך דעם האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן מיט נאָך מער ברען אין דער אַק־טיוויטעט. יעדע פרייע מינוט האָב איך אַוועקגעגעבן פאַר דער באַוועגונג.

דערווייל איז די צייט געלאָפן. מיין טאַטע, וואָס האָט נאָך יענער אויפ־קלערונג, מיך געהאַלטן אויפן אויג, האָט שוין געזען, אַז איך זאָל האָבן וואָס מער אַרבעט, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז ווען איך וועל האָבן וויניקער פרייע צייט וועל איך וויניקער קלערן.

זענען געגאַנגען טעג נאָך טעג, ביז עס איז געקומען דער נאַצישער אָנ־פאַל אויף רוסלאַנד און באַלד דערויף אַן אויפרוף פון דעם אַנטי־פאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע וועלכער האָט גערופן צו „די ברידער ייִדן" אויף דער גאַנצער וועלט, אַז מען זאָל שטיצן דעם ראַטנפאַרבאַנד און די מערב־דעמאָקראַטיעס אין קאַמף קעגן דער ברוינער בעסטיע. פאַרשטייט זיך, אַז דער פאַרעטערישער אָנפאַל אויף רוסלאַנד האָט מאָביליזירט די קאָמוניסטן, פאַרטייער און סימפּאַטיזירער, אויף דער גאַנצער וועלט און בתוכם אויך אין אַרגענטינע. מיר האָבן זיך אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן פייער אין דער אַרבעט פון פּראָפּאַגאַנדע פאַרן ראַטנפאַרבאַנד און אויך אין שאַפן פינאַנ־ציעלע מיטלען. צו דעם צוועק האָט מען גענומען אָרגאַניזירן — אויף דער איניציאַטיוו און אָנפירונג פון דער פאַרטיי — כאָטש מיט אַ סך „נייטראַלע" מענטשן, קאָמיטעטן פאַר „דירעקטער הילף" און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל פּשוט ניט האָבן קיין צייט, אפילו אויף צו לייענען אַ צייטונג.

אָבער עס זענען געקומען די יאָרן 1943 - 1944 און עס האָבן גענומען אָנקומען ידיעות ניט נאָר פון רוסישע נצחונות און דייטשישע מפּלות, נאָר אויך ידיעות ווי אַזוי עס האָבן זיך אויפגעפירט אין די שוין־באַפרייטע גע־ביטן די רוסישע פעלקער בעת דער נאַצישער אָקופּאַציע. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז זיי האָבן צו גלייך מיט די נאַציס געראַבעוועט, געמאָרדעט און געשענדעט אַלץ, וואָס עס איז ייִדיש; אַז ניט בלויז זענען זיי ניט אָפּגעשטאַנען

פון זייערע נאַצישע בעלי־בתּים, נאָר זיי האָבן זיך אפילו „אויסגעצייכנט" אין אכזריות, פאַרשטייט זיך, אַז די ידיעות, פאַרעפנטלעכטע אין די ייִדישע בירגערלעכע צייטונגען פון בוענאָס־איירעס איז פון אונדזער פאַרטיי־אָרגאַן קאַטעגאָריש אָפּגעלייקנט געוואָרן און איז געשטעמפּלט געוואָרן ווי אַ בייז־וויליקער ליגן קעגן די פעלקער פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

מיך אָבער האָבן די ידיעות פשוט צעבראָכן. עס האָט מיך ווידער גענומען עגבערן אין מוח די פראַגע, צי גיי איך אויפן ריכטיקן וועג. און איינמאָל, אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט, האָב איך זיך געפרעגט: „אויב דער סאָוועטן־פאַרבאַנד האָט אין מער ווי אַ פערטל יאָרהונדערט ניט געקענט אויסוואָרצלען דעם אַנטיסעמיטיזם, קענען מיר האָבן צוטרוי, קענען מיר האָפן, אַז דאָס וועט אַמאָל געשען? האָט פאַר אונדז ייִדן אַ זין צו קעמפן פאַרן ראַטנפאַרבאַנד און פאַר דעם זעלבן רעזשים אויף דער גאַנצער וועלט? איז דען נישט אָט די וווּנדערלעכע טעאָריע — אַ דורכפאַל, ווייל דער גוי וועט קיינמאָל שלום מאַכן מיט דעם ייִד? איך האָב געזוכט צו פאַרטרייבן פון זיך די דאָזיקע געדאַנקען, אָבער אויף להכעיס, האָב איך וואָס אַמאָל מער אָנגעהויבן צו קריגן ידיעות פון רוסלאַנד וועלכע האָבן מיינע ספקות טיפער געמאַכט און דאָס האָט גענומען וואָס אַ טאָג אַלץ מער איינברעכן מיינע ביז איצטיקע איבערצייגונגען.

איינמאָל שבת בייטאָג, גייענדיק צו אַ זיצונג, האָב איך געטראָפן מיין אַמאָליקן חבר וועגן וועלכן איך האָב אייך שוין דערציילט און וועלכן איך האָב, אגב, שוין לאַנג ניט געזען. ער איז געגאַנגען אין באַגלייטונג פון אַ מיטלוועקסיק מיידל מיט אַ לויטערן פּנים פון וועלכן ס'האָבן אַרויסגעשיינט טונקעלע קאַשטן־ברוינע אויגן און ס'האָט חנווּדיק גערייצט אַ קליין פאַריסן נעזל.

דעם אמת זאָגנדיק האָב איך ניט געהאַט קיין חשק זיך מיט אים אָפּצושטעלן, ווייל ערשטנס איז ער ניט געווען אַליין און צווייטנס האָב איך געוווּסט, אַז ער איז טעטיק אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אונדזער צוזאַמענטרעף וועט זיך מוזן פאַרוואַנדלען אין אַ דיסקוסיע — אַ זאַך וואָס איך האָב געוואָלט פאַרמיידן, ניט דערפאַר וואָס איך בין ניט געווען פעיִק צו אַרויסברענגען מיינע איבערצייגונגען, נאָר פשוט דערפאַר וואָס איך האָב געוווּסט אַז אַזאַ דיסקוסיע וועט ביי מיר צונעמען איבעריקע צייט. איך בין געגאַנגען צו אַ זיצונג און פּינקטלעכקייט איז ביי מיר, ווי ביי מיין טאַטן, געווען ממש אַ געזעץ. דעריבער טאַקע האָב איך, כּדי אויסצומיידן אַ צוזאַמענטרעף, כּלומרשט זיך פאַרטיפט אין דער צייטונג וואָס איך האָב געהאַלטן אין האַנט. אָבער ער האָט זיך אָפּגעשטעלט פּונקט אַנטקעגן מיר,

געגעבן אַ פּאַטש אין מיין ציימונג, פון וואָס זי האָט זיך צעריסן און אַראָפּ־געפאַלן אויפן טראָטואַר און ברייט צענעמענדיק די הענט מיך אַרומגע־נומען, האָט ער מיט אַ צעשטראַלטן פּנים זיך אָפּגערופן:

— זע נאַר, זע נאַר, דערקאָנסט שוין גאָרנישט קיין מענטשן? — און ער האָט מיך אַרומגענומען, צודריקנדיק צו זיך, געבנדיק מיר אויף דעם לאַטיין־אַמעריקאַנער שטייגער גוטברודעריש עטלעכע פּעטשלעך אין דער פּלייצע.

איך האָב זיך וואָס אַן אמת, געפילט אַביסל אומבאַקוועם. איך האָב געוואָלט קומען פּינקטלעך צו דער זיצונג, אָבער די עלעמענטאַרע העפלעכ־קייט האָט מיר ניט דערלויבט, אין דער צייט וואָס ער ווייזט מיר אַרויס אַזויפיל חברישקייט, אים איבערלאָזן און אַוועקגיין. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און איך האָב מיט ווייטיק פעסטגעשטעלט, אַז היינט וועל איך שוין צום ערשטן מאָל נישט קומען פּינקטלעך צו דער זיצונג.

נאָך די טראַפּארעטע פראַגן און ענטפערן וואָס קומען אין אָנהייב פון אַזאַ אומגעריכטער באַגעגעניש, האָט זיך גענומען אויסוויקלען אַ מער זאַכלעכער שמועס. דער שמועס האָט זיך אָבער פון אָנהייב ניט געקלעפּט, נישט געקוקט דערויף, וואָס ביידע האָבן מיר אַרויסגעוויזן צופרידנקייט פון דער באַגעגעניש. גאַנץ אומדערוואַרט אָבער האָט זיך אונדזער שמועס פאַרוואַנדלט אין אַ דיסקוסיע און דאָס האָט שוין אַריינגעבראַכט אַביסל מער געבונדנקייט אין אונדזערע רייד. אַרנאָלדאָ האָט זיך פּלוצים אָפּגערופן:

— נו, און דו ביזט נאָך אַלץ דער זעלבער?...

מיך האָט די פראַגע שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב אים גלייך גע־ענטפערט מיט אַ שטאָך:

— איך האָב איבערצייגונגען קיינמאָל נישט געהאַלטן פאַר קיין וועש.

ער איז רויט געוואָרן און ער האָט זיך אַביסל פאַרלאָרן, אָבער ער האָט גלייך געענטפערט:

— עס האַנדלט זיך נישט וועגן בייטן איבערצייגונגען ווי וועש. אָבער מיר זענען דאָך ביידע נאָך אַזוי יונג! פאַר אונדז איז דאָך איין יאָר אַזוי פיל! מוזן מיר זיך טאַקע האַלטן ביי איבערצייגונגען, וואָס געניטע נשמה־כאַפּער האָבן אין אונדז אַריינגעהאַמערט, ווען מיר זענען אַלט געווען קוים צוועלף־דרייצן יאָר? מוזן מיר זיך ביי זיי האַלטן בלויז דערפאַר וואָס אונדזערע קינדערשע אומדערפאַרענע קעפּ האָבן דאַן געגלייבט.

דאָ האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט מיך נאָך נישט פאָרגעשטעלט זיין באַגלייטערן און ער האָט זיך אָפּגערופן:

— זיי באַקאַנט. מיין שוועסטער סאָריטאַ. זייט באַקאַנט.

מיר האָבן זיך דערלאַנגט די הענט און מיר האָבן זיך אַ ווײַלע אַרײַנ־געקוקט אײנער דעם אַנדערן אין די אויגן. ער האָט פאָרגעזעצט:

— פונקט ווי זי, סאַריטאַ, מײַן טײַערע שוועסטער, איז געווען די וואָס האָט מיר אויפגעעפנט מײַנע אויגן און מיך אַוועקגעפירט דאָרט, ווו ייִדישע ייִדישע קינד דאַרף גײן, אין די נאַציאָנאַלע קרײַזן, אַזוי האָף איך וועסטו עפענען דײַנע אויגן און אָנקומען אַהין ווו עס איז דײַן אָרט.

יענעם טאָג האָב איך צום ערשטן מאָל פאַרפעלט אויף אַ זיצונג, ווײַל אונדזער שמועס און די דיסקוסיע אין וועלכער עס האָט שפּעטער אויך אָנטײל גענומען סאַריטאַ, האָט זיך פאַרצויגן און ווען איך האָב זיך אָפּ־געגעבן חשבון פון דער שפּעטער שעה, בין איך געזעסן בײַ אַרנאָלדאָן אין צימער, ציִענדיק אַ מאַטע וואָס סאַריטאַ האָט דערלאַנגט.

## 11

יענער טאָג האָט אויף מיין ווייטערדיק לעבן געהאַט אַ דעצידירנדיקע ווירקונג. אַרנאָלדאָס און סאַריטאַס ווערטער האָבן זיך איינגעקריצט טיף אין מיין האַרצן און זיי האָבן ביסלעכוויז, ביסלעכוויז צעבראָכן און צע־קרישלט מיינע פריערדיקע איבערצייגונגען. עס האָט זיך אָבער נישט גע־האַנדלט בלויז אין פּאָליטישע איבערצייגונגען... איר וועט אפשר לאַכן, אָבער איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז אין יענעם טאָג האָב איך אָנגע־הייבן צו פילן עפּעס אַזוינס, וואָס איך האָב ביז דעמאָלט נישט געפילט און וואָס דאָס איז האָב איך זיך ניט געקענט דערקלערן.

ביסלעכוויז, ביסלעכוויז האָט זיך מיר אויסגעקלאָרט מיין באַציִונג צו סאַריטאַן. איך האָב געגומען פילן אַ נויטווענדיקייט זי צו זען און די טעג, וואָס איך האָב זי ניט געזען בין איך אַרומגעגאַנגען פּשוט ווי משוגע און איך האָב זיך נישט געקענט געפינען קיין אָרט. קוים אָבער האָב איך זיך געפונען אין איר געזעלשאַפט האָב איך זיך געפילט גליקלעך. עס איז מיר אויך גוט געווען ווען איך האָב זי געזען אפילו פון דער ווייטנס. איך האָב געשלונגען יעדעס וואָרט וואָס זי האָט אַרויסגערעדט מיט איר נאַטירלע־כער זיכערקייט און איר קלינגענדיקער שטימע וועלכע האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַזוינס וואָס האָט איבערצייגט. איך האָב געגומען זוכן אַרנאָלדאָס געזעלשאַפט כדי אַזוי אַרום צו זיין נענטער צו איר. בין אויך געקומען אָפּט אין זיין באַגלייטונג, אָדער אפילו אַליין, אין די קרייזן, ווו זי איז טעטיק געווען און אַזוי אַרום האָב איך אָנגעהויבן זיך באַקענען מיט זאַכן, וואָס זענען ביז דעמאָלט מיר אינגאַנצן פרעמד געווען.

איך האָב אָנגעהייבן לייענען נייע ביכער פון וועלכע איך האָב פריִער אַפילו נישט געוווּסט. פאַרשטייט זיך, אַז געלייענט האָב איך זיי ביי יעדער געלעגנהייט און אומעטום, נאָר ניט ביי מיר אין שטוב, ווייל דאָס וואָלט נאָך מער אויפגערייצט מיין טאַטן וועלכער איז שוין אַזוי אויך אַרומגעגאַנ־

גען אַן אויפגערעגטער און אַ בייזער צוליב דעם וואָס איך האָב פאַרלאָזט די געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. אויף זיינע פאָרוווּרפן און פראַגן פאַרוואָס איך בין מער ניט טעטיק אין פאַרטיי, האָב איך אים שטענדיק געגעבן איין און דעם זעלבן ענטפער:

— איך האָב נישט קיין צייט.

— און פאַרוואָס האָסטו פריער יאָ געהאַט צייט?

— ווייל פריער בין איך געווען יינגער און ס׳האָט מיך ניט אינטערעסירט דאָס וואָס ס׳אינטערעסירט מיך איצט. אונדזערע אָפטע דיסקוסיעס, האָבן זיך פאַרענדיקט דערמיט וואָס די מאַמע האָט זיך אַריינגעמישט לטובת מיר.

— וואָס ווילסטו פון קינד? — האָט זי געטענהט צום טאַטן.

אָדער:

— ווילסט אַרויפצווינגען אויף אים, אַז ער זאָל פאַרשטיין אַלץ אַזוי ווי דו? יעדער איינער האָט זיין אייגענעם קאָפּ און טראַכט אויף זיין אייגענעם אופן....

און כמעט תמיד פלעגט נאָך דער מאַמעס אַריינמישן זיך עמעצער פון אונדז ביידן אַוועק פון שטוב. אַמאָל איך און אַמאָל ער, דער טאַטע מיינער.

איינמאָל, נאָך אַזאַ דיסקוסיע, נאָך וועלכער ער איז אַוועק, איז די מאַמע צוגעקומען נענטער צו מיר. מיט איין האַנט האָט זיך אויפגעהויבן מיין קאָפּ, וואָס איך האָב געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט, די צווייטע האַנט האָט זי אַרויפגעלייגט אויף מיין לינקן אַקסל, און מיך לאַנג אָנגעקוקט מיט אירע טרויעריק־מידע אויגן. אַרויפצווינגענדיק אויף אירע בלאַסע ליפּן אַ שמייכל האָט זי שטיל אַרויסגערעדט:

— וואָס איז דיר, בחור מיינער? זאָג מיר דעם אמת. איך בין דאָך ניט דער טאַטע.

איך האָב זי אַרומגענומען, פעסט צוגעדריקט צו זיך און באַדעקט איר פּנים מיט קושן.

— איי מאַמע, ווען דו ווייסט וואָס עס דריקט אָט אָ־דאָ, — האָב איך מיט ווייטיק דערנאָך געזאָגט, אָנווייזנדיק אויפן האַרצן.

— וואָס איז, קינד מיינס, דערצייל, איך בין דיין מאַמע — האָט זי זוי זיך געבעטן, איינהאַלטנדיק זיך ניט צו וויינען.

מיר האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט איינער לעבן אַנדערן, און איך האָב איר דערציילט אַלץ, אַלץ. כ׳האָב איר דערציילט וועגן דעם איבערברוך וואָס איז אין מיר פאָרגעקומען און וויפל איך האָב זיך אָנגעליטן ביז איך האָב אָנגענומען דעם באַשלוס איבערצורייסן מיט דער פריערדיקער טעטיקייט.

איך האָב איר אויך דערציילט וועגן סאַריטאַן, וואָס פאַר אַ טייער מיידל זי איז און ווי שטאַרק איך האָב זי ליב.

מיין מאַמע האָט מיך רויִק אויסגעהערט. די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט זי געהאַלטן מיינע הענט אין אירע. מיט ברייט צעעפנטע אויגן האָט זי מיך אָנגעקוקט און מיט אַן אָפן מויל, ווי זי וואָלט געשלונגען דאָס אַלץ וואָס איך האָב איר דערציילט איז זי געזעסן און געהערט.

דערנאָך האָט אַ שטילקייט געהערשט אין צימער. מיינע רייד האָבן אַזוי איבעראַשט מיין מאַמען, אַז זי איז געבליבן ווי געפּלעפּט. ווי די מערהייט מאַמעס, האָט אויך מיין מאַמע מיך נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר אַ קליין יינגל און דערהערנדיק, אַז איך גיי שוין אַרום מיט אַ מיידל, איז זי אַזוי איבערגעראַשט געוואָרן אַז זי האָט פשוט קיין ווערטער נישט געקענט געפינען.

אַ ביסל שפּעטער האָט זי אַ שמייכלענדיקע געזאָגט:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת מיין זון, ערשט איצט גיב איך זיך אָפּ רעכענונג, אַז דו ביזט שוין אַ מאַן... איך נאַר, האַלט דיך די גאַנצע צייט פאַר אַ קליין יינגל, נו, און... ווען וועסטו אונדז באַקענען?

— איי מאַמע, מאַמע — האָב איך געזאָגט אַרומנעמענדיק זי — דו ביזט פונקט ווי אַלע מאַמעס — ניין, — האָב איך זיך גלייך צוריק געכאַפּט — דו ביזט פיל בעסער פון אַנדערע מאַמעס — און איך האָב איר אַ קוש געטאָן.

## 12

יענע צייט איז געווען פאַר מיר די גליקלעכסטע אין מיין לעבן. איך בין אַלץ מער מיטגעריסן געוואָרן פון מיין נייער אַרבעט אין דער זעלביקער אָרגאַניזאַציע וואָס סאַריטאַ און אַרנאָלדאָ, זעענדיק, אַז איך בין נישט אינ־גאַנצן גלייכגילטיק צו זיין שוועסטער, האָט אונדז זייער אָפט געלאָזט אַליין, פאַר וואָס איך בין אים געווען באמת זייער דאַנקבאַר.

וואָס אַ טאָג האָב איך זי אַלץ מער ליב געקריגן. און וואָס מער איך האָב זי ליב באַקומען, אַלץ מער —איר וועט אפשר לאַכן און ניט גלייבן — האָב איך זיך געהיט פאַר איר... איך האָב זיך געהיט זי ניט אָנצורירן — כאָטש איך האָב זיך געפילט אַזוי גוט ווען איך האָב זיך געפונען אין איר נאָענט־קייט. איך האָב זיך געהיט זי ניט אָנצורירן פונקט ווי איך וואָלט מורא געהאַט, אַז מיטן אַרומנעמען זי וועל איך פאַראומרייניקן מיין אויפריכטיקע ליבע צו איר.

אָבער איינמאָל האָב איך זי באַגלייט אין אַ שפּעטער אָוונט־שעה אַהיים. נאָכן שטיין אַביסל נעבן טויער, גאַנץ נאָענט פון איר, אַזוי נאָענט, אַז איך האָב געהערט איר אָטעמען, האָב איך איר דערלאַנגט די האַנט, ווי תמיד ביים שיידן זיך און, ווי שטענדיק, אַ זאָג געטון:

— אַ גוטע נאַכט, סאַריטאַ, ביז מאָרגן...

מיר האָבן זיך אַ דריק געטון די הענט און איך האָב דערפילט, אַז זי האַלט מיין האַנט אין אירער פיל פעסטער ווי תמיד. אַן אָנגענעמער ציטער איז מיר אַדורכגעלאָפן איבער מיין לייב און געמאַכט מיין בלוט שטאַרקער זידן. איך האָב, אַליין ניט וויסנדיק פאַרוואָס, אויפגעהויבן מיינע אויגן און באַמערקט ווי אַ לויטערע לבנה האָט שפּאַצירט צווישן ווייסע וואָלקנדלעך אויפן הימל. פון צייט צו צייט איז זי פאַרשוווּנדן הינטער אַ וואָלקנדל און דעמאָלט איז טונקל געוואָרן דער הימל און ס'איז טונקל געוואָרן אויף דער ערד.

מיינע אויגן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט סאַריטאַס וועלכע האָבן אין לבנה־שיין אויסגעזען פיל שענער. זיי האָבן פאַרמאָגט עפּעס כישופדיקס אין זיך.

— פאַרוואָס באַגלייטסטו מיך שטענדיק — האָט זי מיך פלוצים אַ פרעג געטון, ניט אָפּלאָזנדיק מיין האַנט.

ניט קוקנדיק דערויף וואָס איך האָב זי באמת ליב געהאַט, האָב איך איר דאָך די גאַנצע צייט וואָס איך האָב זי באַגלייט גאָרנישט געזאָגט און גאָרנישט געגעבן אָנצוגעהערן וועגן מיינע געפילן צו איר. דעריבער האָט מיך איר פראַגע אַביסל איבעראַשט און איך האָב זיך געפונען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט, ווייל איך האָב דאָך איר געמוזט עפּעס ענטפערן.

— ניט אַלע קענען אַרויסברענגען דאָס וואָס זיי ווילן זאָגן מיט ווערטער, אָבער הערצער פילן...

זי האָט מיך לייכט אַ צי געטון צו זיך און זי געזאָגט:

— איך ווייס, ראַוליטאָ — ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל ווי זי האָט מיר אָנגערופן ראַוליטאָ — אַז הערצער דערפילן זיך און מיין האַרץ האָט אויך דערפילט דאָס זעלביקע וואָס דיינס. דעריבער האָב איך מיט פאַרגעניגן געלאָזט, אַז דו זאָלסט שטענדיק זיין נאָענט פון מיר, אָבער...

זי איז שטיל געוואָרן און איך האָב געפרעגט:

— אָבער וואָס?!

— דו ביזט אַזאַ מאָדנער... ערן וואָרט, אַז אַ סך מאָל פאַרשטיי איך דיך נישט. אַ סך מאָל פרעג איך זיך: האָט ער מיך טאַקע ליב?...

— צווייפלסט דען? — האָב איך איר איבערגעשלאָגן.

— ניין, איך צווייפל ניט — האָט זי גלייך געענטפערט — כאָטש צווייטנווייז בין איך זיך מודה, אַז אַביסל צווייפל איך יאָ, ווייל... נו, ווי אַזוי זאָל איך דיר עס זאָגן? פאַרשטייסט, ס׳איז דאָך אַזוי מאָדנע, ווען צוויי יוגנטלעכע געפינען זיך שעהנווייז צוזאַמען און... און... דו האָסט דאָך מיר אפילו נאָך קיין איין קוש נישט געגעבן...

זי האָט זיך אויסגעגלייכט און זי איז געבליבן שטיין האַרט לעבן מיר. איך האָב דערפילט די פולקייט פון איר לייב, די רייפקייט פון אירע ברוסטן. מיין בלוט האָט גענומען ברויזן. איך געדענק איצט ניט ווי אַזוי דאָס איז געשען, נאָר איך האָב זי אַ כאַפּ געטון אין מיינע אָרעמס און איך האָב זיך איינגעביסן אין אירע פולע ליפּן, באַדעקנדיק אויך איר פנים און האַלדז מיט מיינע גליִענדיקע קושן.

פון אָנהייב האָט זי זיך ניט געווערט. זי האָט זיך נאָך שטאַרקער גע־טוליעט צו מיר און אויף מיינע ווילדע קושן געענטפערט מיט נאָך היי־סערע, ווילדערע, אָבער באַלד האָט זי זיך גענומען באַפרייען פון מיינע אָרעמס, שעפּטשענדיק:

— נו, טייערינקער, שוין... גענוג אויף היינט, גענוג...

און פלינק ווי אַ קאַץ האָט זי זיך ארויסגעדרייט פון מיינע הענט און קאָקעטיש אַ זאָג געטון:

— ביז מאָרגן, טייערער. און זי איז אַוועק.

# 13

זייט איך האָב געהאַט דעם לעצטן אינצידענט מיט מיין טאַטן, וועגן וועלכן איך האָב שוין דערציילט, האָבן מיר זיך ביידע ווי אויסגעמיטן. ביידע האָבן מיר עס געטון צוליב דער מאַמען, וועלכע איז וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ שוואַכער. און כאָטש דאָס געזונט האָט איר ניט דערלויבט צו אַרבעטן, האָט זי פונדעסטוועגן אַלץ געטון אין שטוב. דאָס איינציקע וואָס איך האָב איר ניט דערלויבט צו טון איז געווען דאָס וואַשן די וועש, וועלכע איך האָב אַוועק־געגעבן צו וואַשן אַן איטאַליענערקע פון אַ דערבייִיקן הויף, כאָטש ביי אונדז אין הויף האָט אויך געוווינט אַ וועשן, וועלכע דאָס האָט, אגב, שטאַרק פאַר־דראָסן.

אָבער וואָס מער מיין טאַטע האָט זיך דערוווסט וועגן מיין אַקטיוויטעט אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אַלץ מער האָט ער גענומען זוכן געלעגנ־הייטן צו דיסקוטירן מיט מיר. איך אָבער האָב געזוכט אויסצומיידן די דיס־קוסיעס און דער עיקר, ווי שוין געזאָגט, צוליב דער מאַמען.

אָבער ביי מיין בעסטן ווילן זיי צו פאַרמיידן, איז מיר דאָס ניט שטענ־דיק געלונגען. אַ סך מאָל האָט ער אַריינגעוואָרפן סתם אַזוי שטעך־ווערטלעך אויף מיין חשבון און אין דער מערהייט האָב איך זיי פאַרשוויגן, ווייל מיינע בליקן האָבן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דער מאַמעס און אין זיי איז געלעגן אַזויפיל געבעט. אָבער אַ סך מאָל, איבערהויפּט ווען די מאַמע איז דערביי נישט געווען, האָב איך אים יאָ אָפּגעענטפערט, כאָטש ניט אין דער זעלביקער פאָרם ווי ער האָט דאָס געטון. אָבער אַז די מאַמע איז אַריין בין איך באַלד שטיל געוואָרן. זי האָט פון אונדזערע דיסקוסיעס שטאַרק געליטן.

איינמאָל נאָך אַ קורצער דיסקוסיע זענען מיר, איך און די מאַמע, — גע־בליבן אַליין. דעמאָלט האָט זי מיר געזאָגט:

— פאָלג מיך, מיין קינד, און ענטפער אים נישט. דו קענסט דאָך אים: ער איז אַ פאַנאַטיקער. אַט אַזוי ווי ער איז איצט, אַזוי איז ער געווען מיט

איבער צוואַנציק יאָר צוריק ווען איך האָב זיך מיט אים באַקאַנט. זיי דו קליי־גער פון אים, פאַרשווייג אים. נאָך אַלעמען — דאָ האָט זי זיך צעשמייכלט — ווייסטו דאָך שוין מסתמא לאַנג ניט זיין מיט אונדז צוזאַמען.

אָבער ביי מיין בעסטן ווילן צופרידנצושטעלן מיין מאַמען האָב איך דאָך נישט שטענדיק געקענט דאָס טון. אַ סך מאָל האָב איך זיך נישט געקענט באַ־הערשן און איך האָב מיין טאַטן אָפּגעענטפערט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און עס האָט זיך אויסגעוויקלט אַ ביטערע דיסקוסיע. אַ סך מאָל בין איך אין מיטן אַזאַ דיסקוסיע, כדי זי זאָל ניט פאַרגיין צו ווייט, אַוועקגעגאַנגען פון שטוב. אין אַזעלכע פאַלן האָב איך אַרומגעבלאָנקעט סתם אַזוי איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן און כמעט תמיד, אַליין נישט וויסנדיק ווו איך גיי, האָב איך זיך דערזען פאַר סאַריטאַס שטוב...

ווען איך בין געקומען צו סאַריטאַן פריער ווי תמיד, האָט זי שוין גע־ווּוסט מיט וואָס עס שמעקט. איך האָב פאַר איר גאָרנישט באַהאַלטן, איך האָב איר דערציילט אַלץ וואָס עס געשעט אין מיין היים צווישן מיר און מיינע עלטערן.

זי פלעגט מיך אויסהערן רויִק און מיטפילנדיק און נישט איינמאָל האָט זי מיר געזאָגט:

— נו, טייערער, ווען מיר וועלן חתונה האָבן וועלן זיך שוין ענדיקן די קריגערייען... און זי האָט מיר אַ קוש געטון.

איך פלעג ענטפערן:

— יאָ, מיין לעבן, ווען מיר וועלן חתונה האָבן וועלן זיך ענדיקן די צרות.

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אָבער דערמאָנט, אַז איך דאַרף אין גיכן זיך שטעלן פאַר דער מיליטערישער מעדיצין־קאָמיסיע, וועלכע וועט מיך זיכער נעמען פאַר אַ סאָלדאַט און דעריבער האָב איך צוגעגעבן:

—באַלד ווי איך וועל ענדיקן דאָס מיליטער־דינסט וועלן מיר חתונה־האָבן. איר קלאָר פּנים איז אַביסל פאַרטונקלט געוואָרן און אין אירע אויגן האָט אויפגעבלענדט צער. זי האָט זיך נאָך שטאַרקער צוגעטוליעט צו מיר, אַרומנעמענדיק מיך, ווי זי וואָלט מיט אירע הענט מיך געוואָלט אייביק האַלטן נעבן זיך.

## 14

בעת איך בין געווען אין מיליטער — איך בין געווען צוויי יאָר אין דער „מאַרינאַ" 1) זענען פאָרגעקומען אין ייִדישן לעבן אויסערגעוויינלעכע גע־שעענישן, וועלכע האָבן געברענגט דערצו, אַז אַ סך ייִדן וואָס זענען די גאַנצע צייט ווייט געווען פון ייִדן און ייִדישקייט, זאָלן זיך דערמאָנען, אַז זיי זענען ייִדן און זיך דערנענטערן צום ייִדישן לעבן. אין דער דאָזיקער צייט האָט די פעלקער־אָרגאַניזאַציע נעמלעך באַשלאָסן אַז פּאַלעסטינע זאָל צעטיילט ווערן אויף צוויי מלוכות, — אַ ייִדישע און אַן אַראַבישע. דאָס איז ווי איר ווייסט, געווען דער ערשטער טריט צו דער גרינדונג פון מדינת־ישראל, וואָס האָט אָנגעפילט מיט פרייד אַלע ייִדישע הערצער וועלכע האָבן געזען אין דעם אַן אָנהייב פון דער לאַנג־דערוואַרטעטער ליזונג צו אַלע ייִדישע צרות.

איך האָב דאָן זיך געפינען ווייט פון ייִדן און האָב אַליין פאַר זיך און מיט זיך איבערגעלעבט די דאָזיקע פריידיקע מאָמענטן. כ'האָב אָבער באַשלאָסן, אַז ווען איך וועל פאַרענדיקן מיין מיליטער־דינסט און צוריק קומען אַהיים, וועל איך פייערן צוזאַמען מיט סאַריטאַן, ביידע גרויסע געשעענישן, סיי דעם באַשלוס פון דער „און" און סיי די אַנטשטייונג פון דער מדינת־ישראל.

און אָט האָט זיך דערנענטערט דער טאָג פון מיין פאַרענדיקטן מיליטער־דינסט. איך האָב קיינעם ניט געמאָלדן ווען איך קום צוריק און געטון האָב איך עס צוליב צוויי סיבות: ערשטנס האָב איך נישט געוווּסט דעם גענויען טאָג ווען מען וועט אונדז אַרויסלאָזן פון די קאַזאַרמעס וויל מען האָט נישט אַרויסגעלאָזט אַלעמען מיטאַמאָל, נאָר גרופּעסווייז און, צווייטנס, האָב איך מיט מיין צוריקקום געוואָלט מאַכן אַ סיורפּריז, סיי דער מאַמען, סיי סאַ־ריטאַן.

ס'האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז ווען איך בין פון דער באַן געפאָרן מיטן אָמניבוס אַהיים בין איך אַדורכגעפאָרן נעבן סאַריטאַס שטוב. ס'האָט מיר אַ

---

1) ים־מיליטער.

צי געטוןביים האַרצן און איך בין, נישט קיין סך טראַכטנדיק, אַראָפּגעשפּרונגען פון אויטאָבוס און בין געבליבן שטיין פאַרן טויער פון סאַריטאַס שטוב.

כ׳האָב געהאַט מזל. אויף מיין קלונגען איז זי, סאַריטאַ אַליין, אַרויסגע־קומען עפענען און דערזעענדיק מיך איז זי אַ וויל געבליבן שטיין געפּלעפּט מיט אַן אָפן מויל און ברייט־צעעפנטע אויגן. די קאָלירן אויף איר פּנים האָבן זיך געהאַלטן אין איין בייטן. זי איז אָבער גלייך געקומען צו זיך און איר קלינגענדיקע שטימע האָט פאַרהילכט דעם גאַנצן אַרום:

— ראַוליטאָ! ביסטו דאָס, ראַוליטאָ? זי האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין מיינע אָרעמס און איך האָב אויף מיין פּנים דערפילט אירע הייסע קושן.

סאַריטאַס טאַטע איז אַקוראַט געווען אין שטוב. זעענדיק, אַז זי איז אַרויס עפענען און קערט זיך אַזוי גיך ניט אום, איז ער געגאַנגען אַ קוק טון ווער עס איז געקומען. ווי גרויס האָט געמוזט זיין זיין איבעראַשונג ווען ער האָט געטראָפן זיין טאָכטער אין מיינע אָרעמס דערצו נאָך קושנדיק זיך מיט מיר.

סאַריטאַס טאַטע, — עס איז כדאי איך זאָל אים אייך פאָרשטעלן, — איז געווען אַ נידעריק געוואַקסן ייִדל, קליין און דיק, מיט אַ שפּיציקלעכן בויך ווי ביי אַ מעוברתע פרוי. ער האָט אויסגעזען פיל עלטער ווי ער איז געווען. ער האָט געהאַט אַ ברייט פּנים מיט גראָבע פליישיקע ליפּן, און זיין מויל האָט תמיד מאַלעגיירעט. אין דעם ברייטן פּנים איז געזעסן אַ קליין פּלאַטשיק נעזל, וואָס מען האָט כמעט ווי ניט אַרויסגעזען (עס איז נאָר גע־ווען אַ חידוש, וואָס אויף אַזאַ קליין נעזל האָבן זיך געהאַלטן ברילן) און אַ פּאָר גרויסע אומרויִקע גרויע אויגן, וואָס האָבן זיך באַוועגט גיך, הינטער די געדיכט באַוואַקסענע ברעמען. ער האָט געהאַט אַ כראָניש הוסטעלע, וואָס האָט אים געמאַכט נאָך נערוועזער ווי ער איז געווען. גערעדט האָט ער האַרט און באַפּעלעריש.

זעענדיק זיין טאָכטער אין מיינע אָרעמס איז ער אַ מינוט געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל און אויסגעשטאַרצטע אויגן, ווי אַ מענטש וואָס גלייבט נישט דאָס וואָס ער זעט. ער איז רויט געוואָרן און די אונטערשטע ליפּ וואָס איז אים שטענדיק אַראָפּגעהאָנגען האָט גענומען ציטערן. און איידער מיר ביידע האָבן נאָך באַוויזן עפּעס צו זאָגן, האָט ער מיט זיין האַרטער און באַפּעלערי־שער שטימע אַרויסגעדונערט:

— טאָכטער, וואָס איז דאָס? האָסט גאָרנישט קיין בושה?

סאַריטאַ איז געבליבן ווי פאַרגליווערט, און ווען איך זאָלט זי אין דער רגע ניט געהאַלטן ביי דער האַנט, וואָלט זי אוודאי אומגעפאַלן. זי האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט און מיט אַ שמייכל, וואָס האָט איר צעפלאַמטן פּנים

צוגעגעבן אַזוי פיל חן, איז זי צוגעלאָפן צו איר טאַטן, אים אַרומגענומען און אים אַ קוש געגעבן, זאָגנדיק דערביי מיט אַ גליקלעכער שטים:

— פּאַפּיטאָ, ווייסט ניט ווער דאָס איז? דאָס איז דאָך ראַול, מיין ראַו־ליטאָ.

ער האָט אַ ברוגזער זי אָפּגעשטופּט פון זיך:

— אַזוי? אַ גליק האָט מיך געטראָפן. טאָמער ווייסטו? ראַוליטאָ... אַ קלייניקייט... ראַוליטאָ.

— אָבער פּאַפּיטאָ — האָט סאַריטאַ געוואָלט מיט אַ שפּאַס איינשטילן זיין כעס — דו ווייסט דאָך... נו, דו ווייסט דאָך, אַז ראַוליטאָ איז מיין חתן און איצט... איצט ווען ער האָט שוין פאַרענדיקט זיין מיליטער־דינסט וועלן מיר... ווען מיר חתונה האָבן...

וואָס? — האָט ער זיך אויפסניי צעשריגן — איר וועט חתונה האָבן? נו, און איך? איך לעב שוין נישט? מיך דאַרף מען שוין גאָרנישט פרעגן? שוין, הפקר אַ וועלט?...

ער האָט גענומען שפּאַנען אַהין און צוריק, צוהאַלטנדיק מיט ביידע הענט דעם שפּיציקן בויך, וואָס האָט אים געשטערט אין גאַנג. ער האָט שטאַרק געסאָפּעט און זיך מיטאַמאָל צעהוסט. דערנאָך איז ער געבליבן שטיין, אַרויסגענומען אַ קאָלירט טיכעלע און זיך אָפּגעווישט דעם שוויס. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אַ נערוועזער באַלד זיך צוריק אויפגעשטעלט. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו סאַריטאַן און אין איר גענומען אַריינטענהן, מאַכנדיק משונהדיקע העוויות מיט די הענט.

— וואָס הייסט אַ צוואַנציק־יאָריק מיידל פרעגט נישט ביים טאַטן? וואָס ווייס אַ מיידל אין דיין עלטער?

סאַריטאַ האָט אים איבערגעשלאָגן:

— אָבער טאַטע, מיר האָבן זיך ליב — — — —

ער האָט אַ וואָרף געטון מיט די הענט פאַר זיך, ווי ער וואָלט עמעצן געוואָלט אַוועקטרייבן:

— ליב, שמיב. וואָס ווייסטו פון אַזעלכע זאַכן?

איך בין די גאַנצע צייט געשטאַנען אין אַ ווינקל פון צימער און גע־שוויגן. אָבער לסוף האָב איך שוין נישט אויסגעהאַלטן און זיך אָפּגערופן:

— הער גאָלדמאַן, איך מיין אַז אייער צוגאַנג איז ניט אינגאַנצן קיין ריכטיקער.

ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט און זיך צעשריגן:

— ווער ביזטו מיר צו זאָגן, אַז איך פאַרשטיי נישט ריכטיק?

— אַנטשולדיקט הער גאָלדמאַן, — האָב איך שוין געזוכט אויסצובע־סערן דעם שלעכטן איינדרוק וואָס מיינע ערשטע ווערטער האָבן געמאַכט. — איך האָב ניט געוואָלט זאָגן, אַז איר פאַרשטייט שלעכט, אָבער איר דאַרפט דאָך אַליין פאַרשטיין... מיר זענען שוין נישט קיין קינדער און מיר האָבן זיך ליב... נאָר אויב איר ווילט עפּעס וויסן וועגן מיר... פאַרוואָס נישט? איך קום איצט פון מיליטער־דינסט און וועל שוין בלייבן אין שטאָט און ווען איר וועט נאָר וועלן בין איך גרייט אייך צו געבן אַלע אינפאָרמאַציעס וועגן זיך... אגב, אייער זון, אַרנאָלדאָ, קען מיך אויך... מיר זענען פריינט פון דער קינד־הייט... נישט אמת, סאַריטאַ?

סאַריטאַ איז צוגעלאָפן צו מיר און מיך אַרומגענומען, אַ סימן אַז מיינע רייד זענען איר געפעלן געוואָרן. דעמאָלט ערשט האָט זיך איר פאָטער באַ־רויִקט און געזאָגט:

— נו, מילא, זאָל זיין... איר זאָגט, אַז איר קומט פון מיליטער? נו, גוט, פאַרוואָס ניט? אַז איר ווילט אַריינקומען רעדן, טאָ קומט, אדרבה...

סאַריטאַ האָט גאָר אויפגעלויכטן דערהערנדיק איר טאַטנס לעצטע ווער־טער און זי האָט זיך אָפּגערופן אַ צעשטראַלטע:

— ראַוּליטאָ, היינט וועלן מיר פייערן דיין צוריקקומען!

זי האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ זיכערקייט אין איר שטימע, אַז עס האָט מיך פשוט איבעראַשט און נאָך מער בין איך נשתומם געוואָרן, ווען איך האָב געהערט ווי איר טאַטע האָט צוגעגעבן מיט ווייכקייט אין קול:

— קומט היינט עסן וועטשערע...

איך האָב אַ צופרידענער געענטפערט:

— דעם בעסטן דאַנק, הער גאָלדמאַן, אָבער דעם ערשטן אָוונט־ברויט מוז איך עסן אין דער היים. די מאַמע ווייסט נאָך נישט, אַז איך בין צוריק־געקומען... אַ גוטן טאָג. און איך בין אַרויסגעגאַנגען באַגלייט פון סאַריטאַן, וועלכע האָט מיר פעסט געהאַלטן פאַרן אָרעם.

אין דעם שמאָלן קאָרידאָר פון פאָדערצימער האָט סאַריטאַ ווידער זיך אָנגעהאנגען אויף מיר און ליידנשאַפטלעך מיך געקושט. איר צעשטראַלטער פנים האָט אויסגעדריקט גליק.

— דו ביזט אַ שלעכטער — האָט זי אַ צעפּיעשטשעטע מיר געזאָגט.
— דער פּאַפּאַ האָט דיך איינגעלאַדן אויף אָוונטברויט און דו ווילסט נישט קומען.

— אָבער טייערינקע — האָב איך איר געענטפערט, צודריקנדיק זי שטאַרקער צו זיך, — דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז דאָס ערשטע בין איך געקומען דיך זען און דו ווייסט אויך גוט, אַז די מאַמע וועט שטאַרק ליידן אויב איך

וועל דאָס ערשטע אָוונטברויט נישט עסן ביי איר.... שאַ, ווייסט גאָר וואָס — האָב איך צוגעגעבן — באַלד נאָכן עסן וועל איך צוקומען צו דיר, ווילסט?...

אַ גליקלעכער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף אירע ליפּן. אויף איר רעכ־טער באַק האָט זיך אויך באַוויזן דאָס חן־גריבעלע, פאַר וועלכן איר בין אַזוי משוגע געוואָרן. אירע אויגן האָבן געשטראַלט און זי האָט זיך פונדאָסנייַ זיך איינגעזויגן אין מיינע ליפּן און דערנאָך מיט אַ מאָדנער ציטערנדיקער שטים געזאָגט:

— איך בין אַזוי גליקלעך, אַזוי גליקלעך, אַז איך וויל אַזש וויינען און אירע אויגן האָבן זיך פאַרצויגן מיט אַ פייכטקייט.

האַלטנדיק זי אין מיינע אָרעמס האָב איך אויסגעקושט די טרערן פון אירע אויגן און שטיל זיך אָפּגערופן:

— מיין נאַריש מיידעלע, אַז מען איז גליקלעך דאַרף מען ניט וויינען... מען דאַרף...

זי איז מיר אַריינגעפאַלן אין די רייד:

— יאָ, אָבער איך האָב געמיינט, אַז דער טאַטע וועט זיך קעגנשטעלן...

— נו, איז וואָס? — האָב איך געענטפערט מיט פעסטקייט אין קול — אַז מען האָט זיך ליב קאָן מען גובר זיין יעדע מניעה. מען האָט שוין געזען אַזעלכע זאַכן...

זי האָט אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויף מיינע ליפּן און שפּילעווודיק גע־זאָגט:

— שאַ, לאָמיר בעסער פון דעם ניט רעדן.

— נו, ביז שפּעטער, טייערע — האָב איך אַ זאָג געטון, באַפרייענדיק זי פון מיינע אָרעמס און זיך געלאָזט צו דער טיר.

— קום נישט שפּעט, — האָט זי מיר נאָכגעשריגן ווען איך בין שוין געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ שטיקל וועג.

## 15

איך פיל זיך באמת ניט בכוח איך איבערצוגעבן דעם מאָמענט פון מיין אַריינקומען אין שטוב און די סצענע ווי אַזוי מיין מאַמע האָט מיך אויפגע־נומען (דער טאַטע האָט מיר קאָלט געגעבן די האַנט און זיך באַלד צוריקגע־זעצט צו זיין אַרבעט). איך האָב ניט אָנגעקלאַפט אין טיר, נאָר בין גלייך אַריין אין צימער. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. דער טאַטע איז נאָך געזעסן איבערגעבויגן איבער דער מאַשין און גענייט. די מאַמע איז געשטאַנען מיט דער פלייצע צו דער טיר, צוגרייטנדיק דאָס אָוונטיקע מאָלצייט. איך בין אַריין אין שטוב מיט אַ הויכן „אָלאָ!“ און אַ וואָרף געטון דאָס פעקל וואָס איך האָב מיט זיך געהאַט אויפן שניידערישן טיש. דערהערנדיק מיין קול, האָט די מאַמע, איידער זי האָט מיך נאָך דערזען, גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות:

— ראַול, ראַוליטאָ, מיין קינד, מיין נשמה! און זי האָט זיך אַריינגע־וואָרפן אין מיינע אָרעמס.

עס האָט געדויערט אין גאַנצן איין רגע און איך האָב דערזען אַז זי חלשט. אירע באַקן זענען געוואָרן בלייך און קאָלט, אירע הענט — שווער און שטייף. די אויגן האָבן זיך איר פאַרמאַכט און נאָר צוויי טרערן־טראָפן זענען געבליבן הענגען אויף די וויִעס. אויף די ליפן איז פאַרבליבן אַ שמייכל ווי אַ ווייטיק־לעכע גרימאַסע, וואָס האָט מיך זייער דערשראָקן.

איך האָב אַ געשריי געטון צום טאַטן:

— דערלאַנג אַביסל אַלקאָהאָל, די מאַמע חלשט.

דער טאַטע איז אַרויסגעלאָפן ברענגען אַלקאָהאָל פון אַפטייק. איך האָב דערווייל די מאַמע אַריינגעלייגט אין בעט און גענומען רייבן אירע שלעפן און זעענדיק, אַז דאָס העלפט ניט, האָב איך זיך איינגעשניטן מיט מיין נאָגל אין איר גראָבן פינגער און דאָס האָט געווירקט. זי האָט אַרויסגעלאָזט אַ

קרעכץ און דערנאָך פּאַמעלעך געעפנט די אויגן. איך האָב אַנידערגעקניט נעבן איר בעט און באַדעקט איר פּנים מיט מיינע קושן.

— קינד מיינס, אוצר מיינער, — האָבן אירע ליפּן שטיל געשעפּטשעט. דערנאָך האָט זי מיט שוואַכע, ציטערדיקע הענט מיך אַרומגענומען און צו־געדריקט צו זיך.

ווען דער טאַטע איז אַריינגעקומען מיטן אַלקאָהאָל האָט ער מיך גע־טראָפן ליגנדיק אויפן בעט נעבן דער מאַמען. ער האָט זיך אָפּגערופן:

— אָט האָסטו דיר, איך לויף נאָך אַלקאָהאָל, כדי זי צו ראַטעווען און דאָ ליגט זי גאָר מיט איר ליובאָווניק אין בעט...

ס׳איז טאַקע געזאָגט געוואָרן אין וויץ, אָבער אין דער אמתן איז אין דעם זאָג געווען אַ היפּשע אומצופרידנקייט דערפון וואָס די מאַמע ווייזט מיר אַרויס אַזויפיל ליבשאַפט. ווייל ביי מיין טאַטן איז רעכט געווען צו פאַרלאַנגען אויך פון דער מאַמען זי זאָל מיך אויפהערן ליב האָבן, פּונקט ווי ער, נאָך דעם ווי איך בין אַוועק אויף אַנדערע וועגן ווי די אויף וועלכע ער האָט געוואָלט אַז איך זאָל גיין.

איך האָב אויף זיין שטאָך ניט געענטפערט און זיך געמאַכט ווי איך וואָלט גאָרנישט געהערט. איך האָב מיט מער אויפמערקזאַמקייט באַטראַכט מיין מאַמע וועלכע האָט זיך פאַר דער צייט שטאַרק געביטן.

— אָרעמע מאַמע מיינע — האָב איך אַ טראַכט געטון — ביזט אַזוי אַלט געוואָרן.

עס איז זי טאַקע ניט געווען צו דערקענען: דאָס פּנים — בלאַס און אויסגעצערט, די אויגן זענען ווי טיפער געוואָרן און אַן אומעט האָט פון זיי אַרויסגעקוקט, די האָר — כמעט אינגאַנצן גרוי, כאָטש זי איז אַלט ערשט עטלעכע און פערציק יאָר. יאָ, מען האָט אויף איר פּנים געזען, אַז זי האָט געהאַט אַ שווער לעבן, מיין מאַמע. פאַר דער חתונה האָט זי געדאַרפט פירן אַ געראַנגל מיט איר טאַטן, מיט מיין זיידן, הייסט עס, וועלכער האָט זיך קעגנ־געשטעלט דעם שידוך, און אַז זי האָט חתונה געהאַט קעגן זיין ווילן, האָט זי אויפסניי געהאַט אויסצושטיין כלערליי ביטערע צרות. זי האָט מיר נישט איינמאָל דערציילט איר לעבנס־געשיכטע און ווען זי האָט מיר דערציילט, האָט זי געוויינט און מיר געזאָגט:

— זאָלסט קיינמאָל נישט חתונה האָבן מיט אַ מיידל, אויב אירע עלטערן וועלן זיך קעגנשטעלן...

איך בין דעמאָלט שוין אַרומגעגאַנגען מיט סאַריטאַן און ביי אירע רייד האָב איך אַליין נישט ווּיסנדיק פאַרוואָס, אַ ציטער געטון.

דערנאָך האָט זיך פאַר איר אָנגעהויבן דאָס נויט־לעבן ביי אַ נישט אָפּ־געצאָלטן היים־אַרבעטער און זי האָט זיך אויך געמוזט אויסלערנען די שניי־דערישע מלאכה, כדי צוצוהעלפן דעם טאַטן אין דער מאָגערער פּרנסה. עס איז איר אגב זייער גוט צונוץ געקומען, ווייל מיין טאַטע, ווי איר ווייסט שוין, האָט זייער אַ סך זיך אָפּגעגעבן מיט דער טעטיקייט אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און אין אירע נעבן־אינסטיטוציעס. זייער אָפט האָט מען אים אַרעס־טירט און דעמאָלט האָט די מאַמע געמוזט אַליין זיך אַוועקזעצן ביי דער ניי־מאַשין און אפילו דעמאָלט ווען ער איז געווען אין דער היים, האָט ער אויך נישט געקענט קיין סך אַרבעטן, ווייל, ערשטנס, האָט די פּאַרטיי־אַרבעט אים צוגענומען אַ סך צייט און צווייטנס איז ער אָפט קראַנק געווען פון די גוטע קעסט אין די תּפיסות און פון די קלעפּ וואָס ער האָט דאָרט געכאַפּט.

מיין מאַמע האָט זיך געהאָדעוועט אין אַ רעליגיעזער שטוב (איר טאַטע איז געווען אַ שוחט) און זי האָט מיידלווייז געלעבט, טאַקע ניט אין רייכ־קייט, אָבער דאָך — באַלעבאַטיש. גלייך נאָך דער חתונה, בעסער געזאָגט, נאָכן אַרויסנעמען דאָס ציוויל־ביכל, ווייל קיין רעליגיעזע חופּה האָט מיין טאַטע ניט געוואָלט שטעלן, האָט זי געמוזט זיך אַריינציען אין איין צימער, אין אַ שותּפות־וווינונג, וווּ עס האָבן געלעבט נאָך פיר קריסטלעכע שכנים. זי האָט דעמאָלט אויפגעהערט צו קומען צווישן ייִדן, אויך דערפאַר וואָס ער, מיין טאַטע, האָט פּאַרטייִיש געאַרבעט אויף דער „אַלגעמיינער" גאַס. אָבער ווען זי וואָלט זיך שוין יאָ אַמאָל געוואָלט ווייזן צווישן ייִדישע באַקאַנטע האָט זי דאָס אויך נישט געקענט, ווייל זי האָט ניט געהאַט קיין לייטיש קליידל. זי האָט אפשר געוואָלט לעבן אַן אַנדער לעבן ווי דאָס וואָס מיין טאַטע האָט אויף איר גוזר געווען, אָבער זיין וואָרט איז פאַר איר געווען אַ געזעץ. זי האָט אויך געליטן דערפון, וואָס דער טאַטע פירט מיך אויף זיינע וועגן, זי האָט אים אָבער גאָרנישט געזאָגט, ווייל עס האָט איר געפעלט מוט און כאַ־ראַקטער. אין די לעצטע יאָרן, ווען עס האָבן זיך אָנגעהייבן די דיסקוסיעס צווישן מיר מיטן טאַטן און דאָס שלום־בית אין שטוב איז געשטערט געוואָרן, האָט זי נאָך מער געליטן און זי האָט מורא באַקומען, אַז דאָס וועט זיך שלעכט ענדיקן, וואָרעם זי האָט זייער גוט געקענט דעם טאַטנס פאַנאַטיזם. זי האָט דעריבער תּמיד געזוכט צו פאַרווישן די שאַרפקייט צווישן מיר און מיין טאַטן און אויך איצט האָט זי אַרויפגעצויגן אַ שמייכל אויף אירע בלאַסע ליפּן און געזאָגט:

— דו ביסט איפּערזיכטיק, האַ? דו טראַכסט דאָך שוין לאַנג, אַז איך בין עובר־בטל. נו, זעסטו אַז ס'געפינט זיך נאָך אַ יונגערמאַן, דיר אויף צע־פּיקעניש, וועלכן מיינע קושן זענען נאָך גאָר, גאָר אָנגעלייגט. אַ יאָ, ראַוּליטאָ?

(איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז הינטער אירע כלומרשט שפּאַסיקע ווערטער איז געווען אַ טיפער ,אפשר פאַר איר אַליין אומבאַוווּסטער, ערנסט).

איך האָב ניט געוואָלט, אַז באַלד אין דעם ערשטן טאָג פון מיין צוריק־קומען זאָל די שטימונג געשטערט ווערן. און כדי אַריינצוברענגען אַ ביסל הייטערקייט האָב איך זיך אַ שטעל געטון און געזאָגט:

— נו, מאַמע, גיסט גאָרנישט צו עסן? אַזוי נעמסטו אויף דיין זון?

זי האָט זיך אויפגעהויבן פון בעט, גלייך־געמאַכט אויף זיך דאָס קלייד, מיר אַ קניפּ געטון אין באַק, און נעמענדיק גרייטן דעם טיש האָט זי געזאָגט:

— שיער, שיער וואָלט שוין נישט געווען ווער ס'זאָל דיר געבן עסן... אַז אַ בחורעץ גייט אַוועק אויף צוויי יאָר דינען און איך דערלעב קוים די מינוט מען זאָל אים באַפרייען, שרייבט ער אפילו ניט אַ וואָרט ווען ער קומט... נאָר פאַלט אַריין ווי אַ... ווי אַ...

זי האָט נישט פאַרענדיקט איר פאַרגלייך, ווייל ס'איז איר עפּעס ווידער אַמאָל נישט גוט געוואָרן און דאָס מאָל האָט זי זיך פּלוצים זייער שטאַרק צעוויינט.

— נו, וואָס כליפּעסטו? ער איז דאָך נאָך נישט געשטאָרבן! — האָב איך דערהערט מיין טאַטנס שטים.

איך האָב זיך צו אים אויסגעדרייט און האָב אַ קוק געטון אין זיינע אויגן. זיי האָבן אויסגעדריקט אומבאַשרייבלעכע שנאה.

איך האָב זיך ווידער אויסגעדרייט צו דער מאַמען און זי גענומען באַ־רויקן:

— נו, מאַמע טייערע, שוין, שוין. צו וואָס דאָס וויינען? גענוג שוין, איך בעט דיך. איך בין דאָך שוין דאָ.

די מאַמע האָט זיך לסוף באַרויקט און געענדיקט גרייטן דעם טיש און דערלאַנגט דאָס עסן.

ביים עסן האָב איך אויף דער מאַמעס בקשה אַביסל דערציילט וועגן סאָלדאַטישן לעבן. כ'האָב דערציילט וועגן דער קאַזאַרמע־דיסציפּלין, וועגן די מאַניעווורעס, וועגן דער אַרבעט אויף דער שיף און נאָך אַנדערע עפּיזאָדן פון מיליטער־דינסט.

ווען איך האָב געענדיקט דערציילן האָט זיך דער טאַטע אָפּגערופן:

— נו, און איצט, אַז דו ביסט שוין יאָ אַ סאָלדאַט און דו האָסט שוין דיין אייגנס אַ שטיקל מדינה וועסטו דאָך מסתמא פאָרן קעמפן פאַר טרו־מאַנען, כ'וויל זאָגן פאַר בן־גוריונען.

אין זיין זאָג איז געווען אַזויפיל חוזק און פּראָוואָצירנדיקע געמיינקייט, אַז איך האָב ביי מיין בעסטן ווילן זיך נישט געקענט מער איינהאַלטן. דאָס

בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַריין. די מאַמע האָט, ווייזט אויס, באַ־מערקט ווי אויף מיין פּנים האָבן זיך געביטן די קאָלירן, און זי האָט אַרויפ־געלייגט איר האַנט אויף מיינער — אַ צייכן אַז איך זאָל זיך באַהערשן. איך האָב זי פאַרשטאַנען און כאָטש איך האָב איר שטאַרק געוואָלט צוליב טון, האָב איך אָבער דאָך נישט געקענט איינהאַלטן די רייד וואָס זענען אַליין אַראָפּ מיט שאַרפקייט פון מיין צונג:

— איך וועל אפשר טאַקע פּאָרן — האָב איך געזאָגט — דו, מיין טאַטע, מעגסט זיין שטאָלץ וואָס אויב נישט דו וועט כאָטש דיין אייניקער זון קעמפן פאַר אייגענע יידישע אינטערעסן.

מיינע ווערטער זענען געפאַלן אין דער שטילקייט ווי שווערע שטיינער.

ער האָט אָבער מיט ביטול אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— מוחל, מוחל אַזאַ כבוד.

די מאַמע, מורא האָבנדיק אַז אונדזער דיסקוסיע וועט אַוועק צו ווייט, האָט זיך דאָסמאָל איינגעשטעלט און געזאָגט, קוקנדיק גלייך דעם טאַטן אין פּנים אַריין:

— אפשר וואָלט שוין געווען גענוג אויף היינט? דעם ערשטן אויפדער־נאַכט — און שוין!

— שאַ, שאַ, יאַכמער ניט — האָט דער טאַטע זיך אָפּגערופן — איך גיי באַלד אַוועק צו אַ זיצונג און דו וועסט קענען בלייבן מיט דיין ליובאָווי־ניק אומגעשטערט.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, דערטרונקען שטייענדיקערהייט זיין גלאָז וויין געמישט מיט סאָדע־וואַסער, אַראָפּגענומען פון הענגער זיין רעקל וואָס ער האָט אייליק אָנגעטאָן און ווען ער איז שוין געשטאַנען אין דער אָפענער טיר, געזאָגט:

— האָב ניט קיין זאָרג, אַלטע, דו וועסט נאָך פון דיין בניאָק האָבן אַ סך נחת. אַז בן־גוריון וועט אויסציען די קאָפּיטעס וועט ער פאַרנעמען זיין פּלאַץביים דינען טרומאַנען.

אָפּגעזאָגט איז ער גלייך אַרויס.

איך בין געבליבן זיצן אַן אויפגעקאָכטער אויף מיין אָרט, קוקנדיק מיט כעס צו דער טיר דורך וועלכער מיין טאַטע איז אַוועק. אין די אויערן האָבן מיר געקלונגען זיינע ווערטער און אין צימער איז געווען פיינלעך שטיל. פון דרויסן האָבן זיך דערהערט רייד, וואָס זייער זין איז אוממעגלעך געווען אויפצוכאַפּן. עס האָט זיך אויך דערהערט אַ בילעריי פון אַ הונט. אַן אויטאָמאָביל איז דורכגעפאָרן און דער הונט איז זיך פאַרגאַנגען אין אַן אויסגעצויגענעם געוואָי. אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט ווי אין מיין האַלדז האָט זיך

עפעס פאַרקנוילט און באַלד וועל איך אויך אַרויס מיט דעם זעלביקן אומ־היימלעכן כעסדיק־אומבאַהאָלפענעם געוואָי. אָבער אין דער מינוט האָב איך ווידער דערפילט לעבן זיך מיין גוטע מאַמע. זי האָט איר האַנט אַרויפגעלייגט אויף מיין אַקסל און הינטער דער ווירקונג פון איר צערטלעכקייט האָב איך זיך שטיל צעוויינט.

— וויין נישט, קינד מיינס — האָט זי גלעטנדיק מיך זיך געבעטן — ווי איז מיר, דער מאַמען דיינער. דעם ערשטן אָונט פאַרשטערט...

דער מאַמעס געוויין האָט מיך שטיל געמאַכט. איך האָב זיך אויפגע־שטעלט און געזאָגט:

— מאַמע, דאָס אַלץ וועט זיך ענדיקן, דו הערסט? דאָס אַלץ וועט זיך אין גיכן ענדיקן.

די מאַמע האָט אויפגעהערט וויינען און דערשראָקן געפרעגט:

— וואָס וועט זיך ענדיקן? וואָס מיינסטו?

מיט אַ זיכערער שטימע האָב איך געענטפערט:

— יאָ מאַמע, איך וועל חתונה האָבן מיט סאַריטאַן און דו וועסט זיין מיט אונדז.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט שרעק, ווי איך וואָלט פּלוצים משוגע געוואָרן.

— טפו, זאָלן מיינע שונאים ווערן, — האָט זי אַ שפּיי־געטון — וואָס הייסט איך וועל זיין מיט דיר? און דער טאַטע? איז ער מיר אַ פרעמדער? דו מיינסט טאַקע אַז איך וועל אים איבערלאָזן? וואָס בין איך אַ מיידעלע? איך וויל עס מער פון דיר נישט הערן, דו הערסט?

איך האָב זיך דערמאָנט מיין צוזאָג צו קומען צו סאַריטאַן און איך האָב זיך אָפּגערופן צו דער מאַמען:

— מאַמע טייערע, איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז דיך זאָל עס פאַרדריסן, אָבער איך וויל צוגיין זען סאַריטאַן. דו ווייסט דאָך, אַזוי לאַנג זענען מיר געווען צעשיידט...

איר פּנים האָט זיך געביטן. אויף אירע בלאַסע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ גליקלעכער שמייכל, אויך אירע טרויעריקע אויגן האָבן געשמייכלט און זי האָט געזאָגט:

— מיין קינד, כאָטש איך קען נאָך ניט סאַריטאַן, פונדעסטוועגן ווערט זי ביי מיר שוין פאַרעכנט פאַר אַ קינד. אָבער איך בעט דיך, לאָז מיך דעם היינטיקן אָוונט נישט אַליין.

זי האָט אויף מיר געקוקט מיט אַזעלכע בעטנדיקע אויגן, אַז איך האָב איר בשום אופן נישט געקענט אָפּזאָגן, כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז סאַריטאַן וועט דאָס שטאַרק פאַרדריסן.

# 16

איך בין שוין דעם אָוונט נישט געגאַנגען צו סאַריטאַן און דאָס האָט מיך געפּייניקט און נישט געלאָזט אַ גאַנצע נאַכט שלאָפֿן. איך האָב געהאַלטן אין איין קלערן וואָס פֿאַראַ תּירוץ איך זאָל איר זאָגן צוליב מײַן נישט קומען. איך האָב שוין געזען ווי זי גייט אַרום אַ ברוגזע און לאָזט צו זיך נישט רעדן און לאָזט זיך נישט אָנרירן...

אָבער נישט בלויז דאָס האָט בײַ מיר יענע נאַכט צוגענומען דעם שלאָף. ס'איז געווען נאָך עפּעס וועגן וועלכן איך האָב אײַך נאָך נישט דערציילט. אָט דער „נאָך עפּעס" האָט מיר די לעצטע צײַט קיין רו נישט געגעבן און מיך שטאַרק געפּייניקט. דאָס ערגסטע פֿון אָט־דעם „נאָך עפּעס" איז געווען דאָס, וואָס איך האָב וועגן אים מיט קיינעם נישט געקענט רעדן, נישט מיט מײַן טאַטן, נישט מיט מײַן מאַמען און אַוודאי און אַוודאי נישט מיט סאַ־ריטאַן. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָט־וואָס:

ווי איר ווייסט שוין האָט מײַן טאַטע, צוליב זײַנע איבערצייגונגען, נישט חתונה געהאַט מיט דער מאַמען כּדת משה וישראל, נאָר ער האָט זיך מיט איר פֿאַרשריבן אין ציוויל־אַמט. נו, פֿאַרשטייט איר דאָך שוין אַליין, אַז ווען מײַן טאַטע האָט פֿון קיין חופּה־וקידושין נישט געהאַלטן האָט ער פֿון מילה געהאַט נאָך אַן ערגערע מיינונג. און אַזוי איז טאַקע געשען, אַז ווען איך בין געבוירן געוואָרן האָט מען מיך נישט געייִדישט. כּל־זמן איך בין געווען קליין און אַפֿילו שפּעטער, ווען איך בין טעטיק געווען אין די „פּראָ־גרעסיווע" קרייזן האָט מיך דער גאַנצער ענין נישט געאַרט. אָבער ווען איך האָב אָנגעהייבן טראַכטן אין אַנדערע נאַציאָנאַלע קאַטעגאָריעס און איבער־הויפּט דעמאָלט, ווען איך האָב אָנגעהויבן אַרומצוגיין מיט סאַריטאַן, האָט מיך דער ענין שטאַרק גענומען באַאומרויִקן. אויך אין דער דאָזיקער שלאָפֿ־לאָזער נאַכט האָב איך כּסדר געטראַכט און געקלערט וועגן דעם און נישט געקענט געפֿינען קיין אויסוועג פֿון מײַן פֿאַרפּלאָנטערטער סיטואַציע איז ווען איך בין איינגעשלאָפֿן איז שוין געווען כּמעט טאָג.

פֿונדעסטוועגן ווי נאָר די מאַמע איז אַראָפּ פֿון בעט בין איך אויך אויפֿ־

געשטאַנען. איך האָב עס געטון, כאָטש איך בין געווען שטאַרק שלעפעריק, ווייל איך האָב געוואָלט אַוועקגיין פון שטוב איידער דער טאַטע שטייט אויף.

אויף דער גיך האָב איך זיך אָפּגעוואַשן, אָנגעטאָן און אויסטרינקענדיק עטלעכע מאַטעס וואָס די מאַמע האָט מיר דערלאַנגט האָב איך זיך געלאָזט גיין.

— וואָס איילסטו זיך אַזוי — האָט די מאַמע אַ פאַרזאָרגטע געפרעגט און גלייך צוגעגעבן:

— דעם ערשטן טאָג אין שטוב און יאָגט זיך אַרויס די נשמה...

פאַרשטייט זיך אַז דעם גאַנצן אמת פון מיין איילן זיך האָב איך איר נישט דערציילט. איך האָב איר בלויז געזאָגט, אַז איך וויל צופאָרן גאַנץ פרי אויף מיין פריִערדיקן אַרבעטס־פּלאַץ.

ווען איך בין שוין געשטאַנען לעבן דער טיר האָט מיך די מאַמע גע־הייסן וואַרטן. באַלד איז זי צוגעקומען צו מיר און מיר עפּעס אַריינגעלייגט אין טאַש.

— וואָס איז דאָס? — האָט איך געפרעגט.

זי האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט:

— ווייס איך וואָס, עטלעכע פּעזעס... ס'איז פון דעם געלט, וואָס דו האָסט מיר געגעבן יעדן חודש איידער דו ביסט געגאַנגען דינען. נו, האָב איך אַ טייל דערפון באַהאַלטן. איצט וועט דיר דאָס צונוץ קומען.

דער מאַמעס געטריישאַפט האָט מיך גערירט ביז טרערן. איך האָב זי אַרומגענומען, שטאַרק צוגעדריקט צו זיך און איר עטלעכע מאָל אַ קוש געטון:

— דו ביזט דאָך אַזאַ גוטע, מאַמעלע טייערע...

זי האָט זיך באַפרייט פון מיינע הענט און אַרויסשטופנדיק מיך, האָט זי געזאָגט:

— נו, נו, גיי שוין חניפהניק... גיי און קום נישט שפּעט. ווייסט דאָך, אַז דער טאַטע האָט ליב צו עסן פרי.

— גוט, מאַמע — האָב איך געענטפערט.

אָבער איך האָב זיך באַלד צוריקגעקערט און געזאָגט:

— וואַרט נישט אויף מיר מיטן עסן, מאַמע. איך וועל עסן אין גאַס. איך וויל צוגיין צו סאַריטאַן.

אויף אירע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ שמייכל, אַ רעזיגנירטער שמייכל. אָבער מיר האָט זי קיין זאַך נישט געזאָגט. זי איז שטיל, איינבויגנדיק דעם קאָפּ, אַריין אין דער הילצערנער קיך וואָס האָט זיך געפונען אַנטקעגן אונ־דזער צימער.

## 17

פון שטוב בין איך גלייך צוגעפאָרן צום געשעפט ווו איך האָב געאַרבעט איידער מען האָט מיך צוגענומען אין מיליטער. ווען איך בין אַריין אין גע־שעפט האָבן זיך אייניקע אַרבעטס־חברים שטאַרק דערפרייט מיט מיר. זיי האָבן מיך אַרומגענומען און גוטברודעריש געפּאַטשט אין פּלייצע. איינע אַן אָנגעשטעלטע, כּואַניטאַ האָט זי געהייסן, האָט מיר אפילו דערלאַנגט אַ קוש אין באַק, איז דערביי רויט געוואָרן און זיך צעלאַכט. דער בעל־הבית האָט מיר אויך געדריקט די האַנט און זיך אויסגעפרעגט ווי ס'איז מיר דער־גאַנגען. דערנאָך האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וועל צו דער אַרבעט קומען ערשט מאָנטיק. ער האָט מסכּים געווען און איך בין אַוועק.

דער טאָג איז געווען אַ שיינער. פון דער פרי אָן האָט די זון אַ פולע, אַ לויטערע געשיינט און געוואָרפן אירע שטראַלן אויף אונדזער הויפּטשטאָט. איך האָב שעהנוויז אַרומגעוואַנדערט איבער די גאַסן מיט אַ הנאה ווי איך וואָלט זיי צום ערשטן מאָל געזען. מיטאָג־צייט בין איך אַריין אין אַן אי־טאַליענישן רעסטאָראַן, כ'האָב אָפּגעגעסן און דערנאָך ווידער זיך געלאָזט וואַנדערן, אָבער איצט בין איך שוין געגאַנגען אין דער ריכטונג פון סאַרי־טאַס וווינונג צו וועלכער עס האָט געדאַרפט נעמען אַ דריי שעה גאַנג.. איך האָב אויסגערעכנט אָנצוקומען צו סאַריטאַן אין דער שעה פון מאַטע־טרינקען, ווייל איך האָב טאַקע געוואָלט ביי אַ מאַטע זיך דורכרעדן, פריער מיט סאַ־ריטאַן, און דערנאָך מיט איר טאַטן.

אָבער איך האָט סאַריטאַן נישט געטראָפן: איך האָב אָנגעקלונגען איין מאָל און אַ צווייטן מאָל און דאַן האָב איך דערהערט דעם הער גאָלדמאַנס שווערן גאַנג און זיין כראַניש הוסטעלע.

אַז ער האָט מיך דערזען האָט ער אַראָפּגענומען די ברילן, מיך אַ ווייל אָנגעקוקט מיט אַ צופרידענעם שמייכל. ער האָט געגעבן, ווי זיין שטייגער איז געווען, אַ קליין הוסטעלע און געזאָגט:

— נו, יונגערמאַן, וואָס שטייט איר ביים טיר? קומט אַריין. און ער האָט זיך געלאָזט גיין פאָראויס.

איך בין געגאַנגען שטיל און פּאַמעלעך. אין פאָדערצימער האָט ער זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אין אַ שווערן פאָטעל וואָס זיינע שפּרינגפעדערס האָבן מיט רוגזה אַ קרעכץ געטון. די ברילן האָט ער געהאַלטן אין דער רעכטער האַנט און מיט דער לינקער האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם פאָרענטש פון פאָטעל. ער האָט געקוקט אין אַ זייט און עס איז געווען שווער צו וויסן צי ער קוקט אויף מיר, צי אויפן בילד ווו ד״ר וויצמאַן און ד״ר הערצל האָבן געהאַלטן אַ ישראל־פאָן (ס׳איז געווען אַן אויסשניט פון אַ זשורנאַל).

נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגן האָט ער זיך אָפּגערופן נישט בייטנדיק די פּאָזע:

— איז וואָס זאָגט איר, יונגערמאַן? זאָגט וואָס איר דאַרפט. לאָמיר הערן. ער האָט זיך געכאַפּט, אַז איך שטיי און צוגעגעבן:

— וואָס שטייט איר? זיצט.

איך האָב זיך געפילט פאַרלאָרן. זיינע ווערטער האָבן געקלונגען, אי גאַסטפריינטלעך, ווי זיי וואָלטן מיר געוואָלט צוגעבן מוט, אָבער עס איז אין זיי אויך געווען אַ נאַטקע פון חוזק. און דאָס לעצטע האָט געברענגט דערצו, אַז איך זאָל פשוט נישט וויסן פון וואָס און ווי אַזוי אָנצוהייבן רעדן. אָבער, כדי עפּעס צו זאָגן, האָב איך זעצנדיק זיך געפרעגט:

— און ווו איז סאַריטאַ?

ער האָט אַ שמייכל געטון און זיך אויף זיין שטייגער צעהוסט:

— סאַריטאַ? איז איר ערגעץ אַוועק. נו יאָ. איר זענט דאָך געקומען וועגן עפּעס רעדן.

איך האָב געפילט, אַז איך ווער רויט. איך געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געקענט. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט ביז איך האָב זיך באַהערשט און דאַן האָב איך געזאָגט:

— איר ווייסט דאָך הער גאָלדמאַן, איך האָב ליב אייער טאָכטער...

אַ צופרידענער שמייכל האָט זיך באַוויזן אויף זיינע ליפּן. ער האָט אַרויסגעברומט:

— זייער פיין...

איך האָב פאַרגעזוצט:

— זי מיך אויך... נו, איר פאַרשטייט... מיר זענען טאַקע יונג, איר פאַר־שטייט?

ער האָט צוגעבאָמקעט:

— יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי.

— יאָ, איר פאַרשטייט — האָב איך איבערגעחזרט, זוכנדיק אָנצוהאַלטן דעם פאָדעם פון געשפּרעך — און אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס מיר זענען יונג... ווילן מיר... ווילן מיר חתונה־האָבן... מיר זענען דאָך יונג, איר פאַרשטייט?

ער האָט מיך אָנגעקוקט .פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט חוזק. איך בין געווען זיכער, אַז איך האָב צוליב מיין פּלאָנטערן זיך נאָר ערגער גע־מאַכט און האָב זיך נאָך מער פאַרלוירן.

מיטאַמאָל איז ער געוואָרן ערנסט. ער האָט אָנגעטון די ברילן און מיך פונדאָסניי גענומען באַטראַכטן. זיינע אויגן זענען דורך די ברילן מיר אויס־געקומען מאָדנע און גרויסע, משונהדיק גרויסע. זיין קוקן האָט מיך צעטומלט. איך האָב דערהערט ווי פון אַ נאָענטן קראַן האָט זיך געגומען גיסן וואַסער און דאָס האָט מיך געמאַכט נערוועז. איך האָב אַ ציטער געטון. פּלוצים האָט ער איבערגעריסן די שטילקייט. ער האָט פריִער אַ שטילן הוסט געטון און דערנאָך געזאָגט:

— יאָ, אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ. וואָס טוט איר? ווער איז אייער פאָטער? אַ טאַטע דאַרף אַלץ וויסן. מיין שווער זאָל זיך מיִען, האָט מיך אויך אַלץ אויסגעפרעגט. און איר וועט אַמאָל אויך פרעגן. אַזוי פירט זיך שוין אונדזער זינדיק וועלטל.

עס האָט מיר געקאָסט אַ סך מי ביז איך האָב זיך באַהערשט און אָנ־געהויבן רעדן. אָבער איינמאָל אָנגעהויבן האָב איך אים שוין דערציילט אַלץ, טאַקע אַלץ, נישט ווי קיין צוקונפטיקן שווער, נאָר ווי אַ חבר, אַ טאַטן. ער האָט זיך איינגעהערט רויִק, איבעררייסנדיק מיינע רייד מיט זיין הוסט. די אויגן האָט ער געהאַלטן האַלב־פאַרמאַכט ווי ער וואָלט געדרימלט. צייטנ־ווייז האָט ער זיי געעפנט און זיי האָבן זיך באַגעגנט מיט מיינע. איך האָב פון זיינע אויגן און פון זיין פּנים גאָרנישט געקענט אַראָפּלייענען. ער איז געווען ערנסט.

ווי געזאָגט האָב איך אים אַלץ דערציילט. אַלץ אַ חוץ דער זאַך וואָס האָט מיך געמאַכט אַזויפיל ליידן. איך וויס נישט פאַרוואָס איך האָב אים דאָס נישט דערציילט, נאָר בעת איך האָב גערעדט איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק צו פאַרבאָרגן פון אים דעם סוד. אָבער אויף צום סוף האָב איך דאָך נישט אויסגעהאַלטן און אים אויך דאָס דערציילט.

איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין נישט געיִידישט און אים אויך גע־זאָגט ווי אַזוי דאָס איז געשען.

ווי נאָר איך האָב אים דערציילט מיין סוד האָט ער זיך גלייך געגעבן אַ שטעל אויף, אַ הוסט געטון און טרוקן געזאָגט:

— יונגערמאַן, איר האָט דאָ מער נישט וואָס צו טון.

איך בין פון זיינע ווערטער געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט. פאַר די אויגן האָט מיר פּלוצים געגומען שווינדלען ווי איך וואָלט פון עמעצן פּלוצים באַקומען אַ שטאַרקן זעץ...

איך ווייס נישט וויפל צייט איך בין געבליבן זיצן אַזוי תמעוואַטע, נאָר עס האָט געדאַרפט געדויערן היפּשע עטלעכע מינוט, ווייל ווען איך בין שוין געקומען צו זיך, האָב איך שוין דעם הער גאָלדמאַן געזען לעבן דער טיר וואָס ער האָט געעפנט און מיט זיין האַרטער שטים האָט ער געזאָגט באַפעלעריש:

— איר קענט גיין פונדאַנען!

איך האָב אָבער נישט געוואָלט רעזיגנירן. איך האָב אים דורכויס געוואָלט אויפקלערן די דאָזיקע זאַך, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז ער האָט מיך שלעכט פאַרשטאַנען. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו באַהערשן מיינע נערוון און עס איז מיר אויף אַ רגע געלונגען און מיט נישט קיין נאַטירלעכע רויִקייט האָב איך זיך אָפּגערופן:

— אָבער, הער גאָלדמאַן...

— קיין אָבער! — האָט ער אַרויסגעבּרומט — סאַריטאַ וועט מיט אייך נישט חתונה האָבן!

— מיר האָבן זיך אָבער ליב — האָב איך פאַרלאָרן אַרויסגעשטאַמלט.

— דאָס איז אייער ענין — איז געווען זיין ענטפער — איך בין דער טאַטע און איך וועל נישט דערלויבן, אַז מיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן מיט אַ... מיט אַ...

ער האָט נישט פאַרענדיקט ווייל זיין כראָנישער הוסט וואָס האָט אים מער דאָקוטשעט ווען ער איז געווען אויפגערעגט, איז אים באַפאַלן. דאָ האָט זיך אָבער דערהערט אַ קלונג אין טיר און פון הינטער דער טיר האָט זיך דערטראָגן די קלינגענדיקע שטימע פון סאַריטאַן, וועלכע האָט זיך צוגעזונגען אַ לידל בעת זי האָט געוואַרט, אַז מען זאָל איר עפענען די טיר.

באַלד איז סאַריטאַ מיט גיכע טריט אַריין אין פאָדערצימער, זי האָט אַראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס שפּאַנישע היטעלע און עס אַוועקגעלייגט אויף אַ קליין טישעלע וואָס איז געשטאַנען כמעט ביים אַריינגאַנג. זי האָט אַ שטיפערישן שפּרונג געטון צום טאַטן און אים אַ קוש געטון.

מיך האָט זי נאָך, ווייזט אויס, נישט באַמערקט, אָבער אויף איר טאַטן האָט זי שוין יאָ באַמערקט, אַז ער איז שוין שטאַרק אויפגערעגט. זי האָט דעריבער עפּענענדיק ברייט אירע טיפע קאַשטאַן־ברוינע אויגן אַ פרעג געטון:

— וואָס האָט פּאַסירט, טאַטעלע ?...

ער האָט אַ קליין הוסטל געטון און מיט רוגזה זי אָפּגעשטופּט פון זיך.

— גאָרנישט, גאָרנישט האָט פּאַסירט. דו הערסט? גאָרנישט האָט פּאַסירט!

סאַריטאַ איז געווען אַ פּאָלגעוודיקע, אָבער אויך אַ צעפּיעשטשעטע און זי איז נישט געוווינט געווען, אַז מען זאָל אויף איר שרייען און ווען איר טאַטע האָט זי אויפגענומען מיט אַזאַ ברוך־הבא האָבן זיך אירע אויגן אָנגעפילט מיט טרערן און ציטערנדיק אינגאַנצן האָט זי אַ דערשטוינטע געפרעגט :

— אָבער טאַטעלע, פּאַרוואָס שרייסטו ? זאָג וואָס האָט פּאַסירט ? איך ווייס דאָך גאָרנישט.

— ס׳האָט גאָרנישט פּאַסירט, זאָג איך דיר, און עס וועט שוין גאָרנישט פּאַסירן — האָט ער אויסגעשריגן.

ער האָט געמאַכט עטלעכע שפּאַן אַהין און צוריק און פּלוצים זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן זיין טאָכטער :

— דו ווערסט מיט אָט־אָ דעם ניט חתונה האָבן — ער האָט אויסגעצויגן די האַנט אָנווייזנדיק אויף מיר.

ערשט איצט האָט סאַריטאַ מיך דערזען. מיט טרערן אָנגעפילטע אויגן האָט זי אַ וויל אָנגעקוקט איר טאַטן און איז גלייך צוגעלאָפן צו מיר, אַרייַנוואַרפנדיק זיך אין מיינע אָרעמס און צודריקנדיק זיך שטאַרק צו מיר.

— ראַול, ראַוליטאַ טייערער, זאָג וואָס האָט דאָ פּאַסירט ? — האָט זי אַ וויינענדיקע געפרעגט.

אירע טרערן זענען געפאַלן אויף מיינע הענט. ווען איך וואָלט מיט איר איצט געקענט ערגעץ אַנטלויפן, — איז מיר אַ געדאַנק דורכגעלאָפן. אָבער לאַנג האָב איך ניט געקענט חלומען, ווייל איך האָב דערהערט איר טאַטנס האַרטע שטימע וועלכע האָט געדונערט :

— אַהער קום, דו אומפאַרשעמטע !

סאַריטאַ איז געבליבן שטיין האַרט לעבן מיר. אויף איר פּנים האָבן זיך גענומען בייטן די קאָלירן. אירע שטענדיק גוטמוטיקע אויגן וואָס האָבן מיך געגלעט און פאַרכישופט האָבן איצט אויסגעדריקט שרעק און ווייטיק. זי האָט זיי אויף אַ וויל אויפגעהויבן צו מיר און מיך אָנגעקוקט אַזוי מאָדנע, ווי זי וואָלט זיך ביי מיר געבעטן : „ראַטעווע מיך!״. דערנאָך האָט זי זיך אײַסגעדרייט און מיט פאַמעלעכע טריט איז זי צוגעגאַנגען צו איר פאָטער.

— גיי אין דיין צימער — האָט ער געזאָגט מיט כעס.

זי האָט געוואָרפן אַ שטומען בליק אויף מיר און מיט גיכע טריט איז זי אַנטלאָפן און זיך צעוויינט.

אַ רגע בין איך געשטאַנען ווי פֿאַרגליווערט און זיך נישט געקענט רירן. אירע טרערן האָבן מיך אַזוי צערודערט אַז איך בין גרייט געווען זיך צו וואַרפֿן אויף איר פּאָטער. איך האָב אָט דעם מענטשן מיטאַמאָל פֿיינט גע־קראָגן און מיט יעדער מינוט האָט זיך מיין שנאה צו אים צעפֿלאַקערט אַלץ מער און מער. אָט די שנאה האָט עס געמאַכט, אַז איך זאָל קומען צו זיך און אָנהייבן רעדן. יאָ, איך האָב אָנגעהויבן רעדן מיט אַ שפּראַך וועלכע ער האָט שוין פֿאַרשטאַנען.

— איר וועט פֿאַר אַלץ באַצאָלן!

מיט די ווערטער האָב איך פֿאַרענדיקט און איך האָב זיך געלאָזט גיין. ביי דער טיר האָב איך זיך אויסגעדרייט און מיט שנאה אויסגעשריִען: זי וועט נישט זיין מיינע, אָבער אייערע אויך נישט און איך בין גלייך אַרויס, אַ קלאַפּ געבנדיק די טיר מיט אַזאַ קראַפֿט, אַז אייניקע קאָלירטע שויבן זענען אַרויסגעפֿאַלן מיט אַ בראַזג.

## 18

ווען איך בין אַרויסגעלאָפן פון סאַריטאַס שטוב איז די פולע בלענדיקייט פון דער זון מיך באַפאַלן און אַ רגע בין איך געשטאַנען ווי צעטומלט, מחמת מיינע אויגן האָבן גאָרנישט געזען און ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט אַז איך בין בלינד: דאָס וואָס איז פאָרגעקומען אין דער לעצטער שעה איז מיר נישט אַרויס פון קאָפּ. דאָס ברייטע ערנסטע פנים פון סאַריטאַס טאַטן איז מיר גע־שטאַנען פאַר די אויגן. זיין האַרטע באַפעלערישע שטימע האָט מיר גע־קלונגען אין די אויערן, צוזאַמען מיט סאַריטאַס געוויין. איך האָב גענומען גיין פאָראויס, כאָטש אין מיינע אויגן איז נאָך אַלץ געווען טונקל און דאָס האָט געברענגט דערצו, אַז איך זאָל זיך אָנשטויסן אין אַ פאַרבייגייענדיק פּאָרל.

— אַנטשולדיקט — האָב איך מעכאַניש אַ זאָג געטון.

— מ׳מאַכט נישט... — איז געקומען אַן ענטפער.

איך האָב אַ רייב געטון די אויגן און דערזען, אַז דאָס איז געווען אַ פּאָרל וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען געאָרעמט. דאָס פּאָרל האָט זיך געטוליעט איינער צום צווייטן און אַזוי האָבן זיי זיך דערווייטערט.

— גליקלעכע מענטשן — האָב איך ביי זיך געטראַכט.

אַ צעווייטיקטער האָב איך גענומען גיין אָן אַ ציל. אין עק גאַס איז געשטאַנען אַ גרויסע ריי און געדולדיק געוואַרט אויף אַן אויטאָבוס, וועל־כער איז טאַקע אָנגעקומען, אָבער זיך נישט אָפּגעשטעלט, נאָר אַדורכגע־לאָפן מיט געפּילדער. צייטונגס־פאַרקויפער האָבן אויסגערופן זייערע נאָכ־מיטאָג־צייטונגען. לעבן אַ קאַפע איז געזעסן אַן עלטערער שיך־פּוצער וועלכער האָט מיט אַ חניפה־שמייכל זיך אָנגעבאָטן מיר אָפּצופּוצן די שיך. ווען איך האָב אים ניט געענטפערט האָט ער זיך נישט געפּוילט צו שענקען אַ פּעט זידלוואָרט, וואָס האָט אויף מיר דאָסמאָל קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט. איך בין אַריין אין קאַפע. ס׳האָט זיך געפּילט אַ גערוך פון ביר,

דוויין און איטאַליענישע ציגאַרן. ווען כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים טישל איז צוגעקומען אַ קעלנער און געפרעגט וואָס איך וויל טרינקען.

— דערלאַנג אַ גוטן שנאַפּס.

ס׳איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב גענומען טרינקען בראָנפן. איך האָב עס געטון ווייל עס איז מיר אָנגעקומען אַ חשק זיך אָנצושיכורן, כדי צו פאַרגעסן דאָס פאָרגעקומענע. אָבער ווי נאָר איך האָב פאַרזוכט די ביטערע משקה און זי האָט מיר אַ ברען געטון דעם גומען האָב איך זיך פאַרהוסט און אָפּגערוקט פון זיך די כוסה. איך האָב באַמערקט ווי דער קעל־נער האָט זיך צעשמייכלט מיט אַזאַ שפּיציק שמייכעלע. איך האָב אויף אים בייז אַ קוק געטון און באַצאָלנדיק בין איך אַרויסגעגאַנגען.

צו מיינע אויערן האָט זיך דערטראָגן ראַדיאָ־מוזיק, מענערישע אויס־געשרייען און פרוישער געלעכטער. ס׳האָט מיר פאַרדראָסן פאַרוואָס מענטשן לאַכן. מיר האָט זיך געדוכט, אַז מען לאַכט פון מיר.

וויפל איך בין דאַן אַרומגעגאַנגען און ווו איך בין דאַן אויסגעווען ווייס איך אַליין נישט. דאָס איינציקע וואָס איך ווייס יאָ איז, אַז ווען איך בין אָנגעקומען אַהיים האָבן שוין מיינע עלטערן געהאַלטן ביים ענדיקן עסן דאָס אָוונט־ברויט.

אַ קוק טוענדיק אויף מיר, און מסתם האָב איך דאַן געהאַט דאָס רעכטע פּנים, — האָט זיך די מאַמע גוט דערשראָקן. זי האָט זיך גלייך אויפגעהויבן פון אָרט און איז צו מיר צוגעלאָפן. זי האָט מיך אַרומגענומען און קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן אַריין, געפרעגט:

— וואָס איז דיר, קינד מיינס? וואָס האָט פּאַסירט?

די ווערטער פון מיין מאַמען האָבן מיך אַביסל דערמוטיקט. איך בין איבערגעגאַנגען מיט דער האַנט איבערן פּנים און שטיל געענטפערט:

— גאָרנישט מאַמע, גאָרנישט.

— אַ שיינער „גאָרנישט“ — האָט די מאַמע געזאָגט — ועמען ווילסטו אָפּנאַרן? אַ בחור גייט אַרויס אינדערפרי פון שטוב, פריש און געזונט, און קערט זיך אום אַהיים אין אָוונט מיט אַ פּנים וואָס אַ שענערס לייגט מען אין דער ערד אַריין און דאָס איז ביי דיר גאָרנישט? ווי איז מיר — און זי האָט זיך באַלד צעוויינט.

דער טאַטע וואָס האָט אפילו נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אין מיין זייט און האָט ווייטער געגעסן, האָט אַ זאָג געטון ווי אין לעפל אַריין:

— מזל־טוב! זיך אָפּגעפונען דער שאָדן.

איך האָב אים צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק און ווענדנדיק זיך צו דער מאַ־מען, האָב איך געזאָגט:

— מאַמע איך בעט דיך, לאָז מיר איצט זיך צולייגן. איך בין שטאַרק מיד.

די מאַמע האָט ניט מיט איר קול אויסגעשריגן:

— אַז ליגן זאָלן שוין אונדזערע שונאים אין דער ערד. האָסט שוין גע־הערט אַ מעשה? וואָס הייסט דו וועסט זיך לייגן אַ הונגעריקער?...

— איך בין נישט הונגעריק...

— וואָס הייסט דו ביזט נישט הונגעריק? דו האָסט דאָך מסתמא אַ גאַנצן טאָג נישט געגעסן. קום, עס עפּעס.

איך האָב זיך ביי איר געבעטן:

— מאַמע, איך בעט דיך, איך קען נישט עסן. איך וויל זיך צולייגן.

זי איז אָבער נאָך צודרינגלעכער געוואָרן:

— אפשר רופן אַ דאָקטאָר?..

— איך דאַרף נישט קיין דאָקטאָר.

— נו, אויב דו דאַרפסט נישט קיין דאָקטאָר וועסטו ביי מיר גיין צום טיש. דו הערסט? זאָל איך שטאַרבן אויב דו וועסט נישט גיין עסן.

איך האָב זי אַ וויל אָנגעקוקט מיט רעזיגנאַציע און זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש.

## 19

ווי נאָר איך האָב געענדיקט עסן, בעסער געזאָגט, ווי נאָר איך האָב געענדיקט מיט גוואַלד אַריינצושטופּן אין זיך אַביסל פון דעם עסן וואָס די מאַמע האָט מיר דערלאַנגט, האָב איך זיך אויפגעהויבן כדי צו גיין זיך לייגן, אָבער מײַן מאַמע האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט:

— און איצט וועסטו מיר מוזן זאָגן — האָט זי זיך אָפּגערופן — פאַרוואָס דו ביזט אַזוי צערודערט?

איך האָב אויפגעהויבן מײַנע אויגן צו איר און איך האָב באַמערקט, אַז אירע אויגן זענען פול מיט טרערן און געבעט. איך האָב אויף איר געקוקט און איך האָב מיט מײַן בליק זיך געבעטן בײַ איר, אַז זי זאָל מיך צורו־לאָזן; זי האָט אָבער עקשנותדיק געקוקט אויף מיר מיט אויגן וואָס וואַרטן אויף אַן ענטפער. זעענדיק, אַז איך שווײַג האָט זי מיך דערמאָנט:

— נו?

איך האָב זיך אַביסל אויסגעגלײַכט, דערנאָך האָב איך אָנגעשפּאַרט מײַנע עלנבויגנס אויפן טיש, אַרײַנגעלייגט מײַן פּנים אין די אָפענע הענט און נאָך אַ קורצער פּויזע האָב איך גענומען דערציילן אַלץ וואָס ס׳איז פאָרגעקומען מיט מיר דעם הײַנטיקן טאָג.

ווען איך האָב געענדיקט דערציילן האָב איך פּלוצים דערהערט מײַן טאַטנס קול:

— אָט־אָ דאָס איז עס; ווער עס איז שיין, איך בין קלוג. איך האָב גלײַך געוווּסט, אַז עפּעס איז פויל...

איך האָב אויסגעדרייט מײַן פּנים צו אים און האַרט געפרעגט:

— וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגן?

— איך וויל זאָגן — האָט ער ווי אַרויסגעזונגען מיט גמרא־ניגון — אַז איצט ווייס איך שוין פאַרוואָס דו האָסט זיך איבערגעקערט.

איך האָב בייז אויסגערופן:

— איך האָב געביטן מײַנע אָנשוויונגען ווײַל איך האָב זיך איבערצײַגט, אַז דער וועג אויף וועלכן דו האָסט מיך געפירט איז אַ פאַלשער.

ער האָט אַ קרומען שמייכל געטון און געזאָגט:

— דו רעד ווייניקער פון אָנשוויונגען, ווײַל עס פּאַסט דיר נישט. דו ווייסט אַזויפיל וועגן אָנשוויונגען וויפל איך ווייס וועגן די געהיימע אָפּמאַכן וואָס דײַן בן־גוריון האָט געמאַכט מיט טרומאַנען.

די מאַמע האָט זיך אַרײַנגעמישט.

— אפשר וואָלט שוין געווען גענוג? איך האָב נאָך נישט געזען, אַז אַ טאַטע מיט אַ זון זאָלן זיך אַזוי אַרומרייסן. פונקט ווי אַ הונט מיט אַ קאַץ.

איך האָב זיך אויסגעדרייט צו דער מאַמען זאָגנדיק:

—זעסט דאָך מאַמע, אַז ער וויל זיך נאָר קריגן.

— נעם קלאַראַ, גיב אים אַ טיכל — האָט ער ווײַטער געחוזקט — ווײַל דאָס קינד וועט זיך באַלד צעוויינען...

די מאַמע האָט אים צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק פול מיט פאָרוואורף. זי האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט וואָס דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז ער זאָל שוין אויפהערן רעדן, אָבער ער, ניט מאַכנדיק זיך קיין וועזן פון אירע צייכנס האָט פאָרגעזעצט.

— איך האָב אָבער שטענדיק געזאָגט, אַז יעקע גנב איז גערעכט. יעקע זאָגט: „יעדער וואָרום, האָט זיין דאַרום”; איצט ווייס איך שוין, אַז ער האָט זיך איבערגעדרייט צוליב אַ קליידל.

זײַנע ווערטער האָבן מיך געשטאָכן ווי מיט שפּיזן. ווען די מאַמע זיצט ניט דאָ וואָלט איך זיך אויף אים געוואָרפן מיט די פויסטן — אַזוי האָבן זיי מיך דערצערנט. איך האָב אָבער געטון אַלץ כדי זיך צו באַהערשן. דאָס איז מיר אָבער נישט אינגאַנצן געלונגען, ווײַל איך בין אויסער זיך פון כעס אויפגעשפּרונגען און אויסגעשריגן:

— מיינסט נישט, אַז עס איז שוין גענוג צו פּראָוואָצירן?

—אַזוי? — האָט ער דאָס וואָרט בכיוון געצויגן אַזוי גאָר? זע נאָר, זע, איך האָב באַליידיקט אַמעריטשקע. אַזוי איז עס, וואָדען? אַז מען זאָגט דעם אמת, ווערט מען אין כעס. אַז איך זאָג, אַז ער האָט זיך איבערגעדרייט צוליב אַ מיידלשן הינטן ווערט ער נאָך דער ברוגז דער קאַוואַלירטשיק מײַנער...

איך האָב אַן אויפגערעגטער, ווי ניט מיט מיין קול אויסגעשריען:

— איך וועל דיר נישט דערלויבן, אַז דו זאָלסט זיך אַזוי אויסדריקן! סאַריטאַ איז אַ טייער מיידל.

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געמאַכט עטלעכע שפּאַן און געזאָגט:

— קודם־כל האָב איך נישט געזאָגט, אַז זי איז נישט קיין טייער מיידל. איך קען זי נישט און איך וויל זי נישט קענען, מוחל די טובה. פאַר מיר איז שוין איבער־גענוג, אַז איך קען דיך. אָבער עס איז שוין גענוג, אַז זי האָט מיט איר מיידלשקייט דיך איבערצייגט.

— באַסטאַ! — האָב איך ווילד אויסגעשריִען נישט קענענדיק מער זיך באַהערשן — דיין געמיינקייט האָט נישט קיין גרענעץ... דו, דו... איך וועל דיר...

...איך געדענק מער נישט וואָס עס איז מיט מיר דערנאָך געשען. איך געדענק בלויז, אַז די מאַמע האָט גענומען היסטעריש קוויטשען און זי האָט זיך געריסן אונדז ביידן פאַנאַנדער צו נעמען. ווי אין אַ חלום געדענק איך אויך, אַז די שכנים זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן און אונדז נישט געקענט צע־שיידן, ווייל מיר האָבן זיך געוואַלגערט אויפן דיל. דערנאָך איז געקומען פּאָליציי וועלכע האָט אונדז צענומען און אונדז אָנגעטון קייטלעך אויף די הענט. איך געדענק אויך, אַז בעת מען האָט מיך אַרויסגעפירט איז די מאַמע געלעגן אויפן דיל אַ בלאַסע.

## 20

ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך זיך געפונען אין אַ קליינע פאַר־מאַכטע צעל. פון איין זייט, אין דער הייך, האָט זיך געפונען אָנשטאָט אַ פענצ־טער — אַ לאָך, פאַרשטעלט מיט צוויי אייזערנע שטאַנגען, וואָס פון דאָרט האָט זיך דורכגעזיפּט אַ בלאַסער שיין. איך בין געזעסן אויפן דיל, ווייל קיין נאַרע איז דאָרט נישט געווען, אָנגעשפּאַרט אָן דער פייכטער וואַנט. איך האָב דערפילט ווייטיקן אין פאַרשידענע טיילן פון מיין קערפּער. איך האָב דעַ רעכע האַנט צוגעטראָגן צום קאָפּ און אָנגעטאַפּט אַ באַנדאַזש. אויך מיין לינקע האַנט איז געווען פאַרבאַנדאַזשירט. דער פוילער טוכלער ריח האָט מיר נאָך שווערער געמאַכט, סיי דאָס געמיט און סיי די ווייטיקן. וויפל צייט איך בין געווען פאַרשפּאַרט אין דער צעל געדענק איך נישט, איך געדענק אָבער יאָ, אַז עס איז צו מיר אַריינגעקומען אַ פּאָליציאַנט מיט נאָך צוויי מענטשן. איינער איז, וויזט אויס, געווען דער פּאָליציי־דאָקטאָר און דער צווייטער איז געווען אָנגעטון אין אַ ווייסן כאַלאַט און אַ ווייס היטעלע מיט אַ רויטן קרייץ. דורך דער אָפענער טיר האָט אַריינגעשיינט אַביסל ליכט.

דער פּאָליציאַנט האָט באַפוילן:

— שטיי אויף, קום.

איך האָב זיך פּאַמעלעך אויפגעשטעלט. דער קאָפּ איז מיר געווען זייער שווער. אין די אויערן האָט מיר גערוישט און פאַר די אויגן האָט מיר גע־נומען שווינדלען. איך האָב זיך אַ וואַקל געטון און בין צוגעפאַלן צום וואַנט. דער פּאָליציאַנט מיטן וועכטער האָבן מיר אונטערגעכאַפּט און מיך אַוועקגע־פירט אין אַ גרויסן צימער מיט אַ סך ליכט. דאָרט האָט מען מיר איבערבאַנ־דאַזשירט די ווונדן. דער דאָקטאָר האָט מיר אויסגעהערט די פּלייצע און דאָס האַרץ.

— עס וועט דיר גאָרנישט זיין — האָט ער אַ זאָג געטון, אַ פּאַטש טוענ־דיק מיר אין פּלייצע.

פון דאָרט האָט מען מיך שוין אַוועקגעפירט אין אַ גרעסערער צעל אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען נאָך דריי אַרעסטאַנטן און אין אַ וואָך אַרום האָט מען מיך אַריבערגעפירט קיין וויזשאַ־דעוואָטאָ ווו איך בין אָפּגעזעסן זעקס מאָנאַטן אין דער קרימינעלער אָפּטיילונג.

ביים אַרויסגיין האָט מיר דער טורמע־דירעקטאָר איבערגעגעבן קנאַפּע דריי טויזנט פּעזעס (דאָס איז געווען דאָס געלט, וואָס די מאַמע האָט מיר געהאַט געגעבן ווען איך בין צוריקגעקומען פון מיליטער־דינסט און וואָס מען האָט געפונען אין מיינע הויזן־קעשענעס בעת מען האָט מיר געבראַכט אין פּאָליציי־צירקל), אַ האַנט־זייגערל, אַ פּולפּעדער און נאָך אייניקע חפצים.

— נאָ, דאָס איז דיינס — האָט ער געזאָגט.

ער האָט אַ דריי־געטון די גרויסע, גרויע וואָנצעס און שמייכלענדיק צו־געגעבן:

— נעמענדיק אין אַכט, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל און איבערהויפּט דייַן גוטע אויפפירונג וויל איך האָפן, אַז דו וועסט שוין מער נישט צוריק־קומען אַהער. אַדיאָס. — און ער האָט מיר אויסגעשטרעקט אַ גראָבע פּליי־שיקע האַנט.

פון דאָרטן בין איך גלייך געפאָרן אַהיים. ביים אַריינגיין אין הויף האָב איך קיינעם נישט געזען. איך האָב באַמערקט, אַז אויף דער טיר פון אונדזער צימער הענגט אַ שלאָס. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דערבייקן צימער, אין וועלכן עס האָט אַמאָל געוווינט די דאָניאַ פּעפּאַ און זייט זי איז, מיט אַ פינף יאָר, זיך „צעגאַנגען" מיט האָראַסיאָן האָט דאָ געוווינט אַ יונגע אלמנה. מיט איר זענען מיר שוין נישט געווען אַזוי באַפריינדעט ווי מיט פּעפּאַן, ווייל זי האָט זיך בכלל ווייניק געחברט מיט די שכנים און זי האָט מיך זייער ווייניק געקענט. איצט, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט אין איר טיר, האָט זי מיך ווייזט אויס אינגאַנצן נישט דערקענט. זי האָט מיך מיט פאַרשנדע בליקן אָנגעקוקט און געפרעגט:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

מען האָט מיר טאַקע נישט געקענט דערקענען. מיין אָנצוג איז געווען שטאַרק צעקנייטשט און דאָס פנים — באַוואַקסן.

— איר דערקענט מיך נישט, דאָניאַ כוליאַ? — האָב איך זי געפרעגט.

זי האָט ברייט צעעפנט אירע גרויסע סאַמעט־שוואַרצע אויגן, אַ ווײַלע זיך גוט איינגעקוקט אין מיר און איבערצלמנדיק זיך האָט זי אויסגעשריען:

— הייליקע בתולה, גאָטס מוטער! ווּעמען איך זע דאָ!

זי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג מיך אַרומצונעמען, אָבער זי האָט זיך באַלד צוריקגעכאַפּט. ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט, צי דאָס איז געווען מחמת

בושה אָדער צוליב מיין אויסטערלישן אויסזען. זי האָט מיר אָבער דערלאַנגט אַ דיקלעך ווייך הענטל און זיך אָפּגערופֿן:

— קומט אַריין, ראַול, זעצט זיך. מיר וועלן טרינקען אַ מאַטע.

זי האָט גערעדט גיך מיט אַ צפֿונדיקן אַקצענט. אירע באַוועגונגען זענען אויך געווען רירעוודיקע. זי איז געווען עטוואָס נידעריקער פֿון מיטעלן וווקס, אַ דיקלעכע, געהאַט אַ שטאַרק טונקעלע הויט, אַ פּלאַטשיק נעזל, גראָבע תאווהדיקע ליפּן, פּעך־שוואַרצע האָר און פֿייערדיקע סאַמעט־שוואַרצע אויגן. איר גאַנצע האַלטונג איז געווען ווי פֿון אַ פֿרוי וואָס האָט שטאַרק ליב צו קאָקעטירן. איך געדענק ווי די שכנים פֿלעגן זי באַרעדן ווען זי פֿלעגט אין די פּאַרנאַכטן אַרויסגיין אַ ביסל שפּאַצירן.

— רעדט נאָר מיט גאָט — פֿלעגט מען זיך ווינצלען אויף איר חשבון.

— זי דאַרף זיין יענע סחורה — האָט אַ צווייטער באַמערקט.

— מען דערקענט אין איר דרייען דעם... — האָט אַ דריטער אונטער־געכאַפּט, אַנשטעלנדיק אַ פּאָר תאווהדיקע אויגן.

אין שטוב האָט זי אַלעמען רעספּעקטירט, אַלעמען אַנטקעגן געטראָגן דעם גוט־מאָרגן און... נישט מער. ווער זי איז, וואָס זי איז, פֿון וואַנען זי קומט, האָט מען נישט געוווּסט. איינמאָל האָט זי עפּעס יאָ דערציילט אַ שכנה וועלכע האָט אַלץ געמוזט וויסן, אַז זי איז אַן אלמנה. איר מאַן איז דערהרגעט געוואָרן ביי דער אַרבעט. ער איז געווען אַן אייזנבאַנער, אַ מאַשיניסט, זיין באַן האָט זיך צונויפֿגעשטויסן מיט אַ צווייטער און ער איז דערהרגעט געוואָרן.

מער האָט מען וועגן איר נישט געוווּסט. מען האָט אַפֿילו נישט געוווּסט וואָס זי עסט, ווייל זי האָט נישט געקאָכט אין דער הילצערנער קיך, נאָר אין צימער אויף אַ קליין קעראָסין־קיכל, וואָס זי פֿלעגט האַלטן אויף אַ טישל.

און טאַקע אויף דעם קיכל האָט זי איצט אָוועקגעשטעלט אַ טשייניק מיט וואַסער און גלייך גענומען אָנפֿילן די מאַטע מיט זשערבאַ, וואַרפֿנדיק אויף מיר זייטיקע בליקן און מעשה היימישע האָט זי געזאָגט:

— אויב איר ווילט פּריִער זיך אַרומוואַשן, אָדער אַרומראַזירן, קענט איר דאָס טאָן דאָ אין צימער. שעמט אייך נישט.

זי האָט מיר דערלאַנגט אַ ראַזיר־מאַשינקע מיט אַ מעסערל, ווי אויך אַ בערשטל כדי זיך איינצוזייפֿן און אויך אָוועקגעשטעלט אויף אַ שטול אַ גרויסע שיסל מיט וואַסער. זי האָט מיר אויך דערלאַנגט זייף מיט אַ האַנטוך, זאָגנדיק:

— נאַט און מאַכט עס גיכער. דאָס וואַסער איז שוין באַלד וואַרעם.

איך האָב אויסגעטאָן דאָס רעקל, דאָס העמד און געבליבן אַ שטאַרק

אַנטבלויזטער אין דעם אָן אַרבלדיקן אונטערהעמד. כ׳האָב זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט און זי האָט זיך געפּאָרעט ביים צוגרייטן די מאָטע, ווי אויך עפּעס צו פֿאַרבייסן.

ווען איך האָב געענדיקט זיך ראַזירן און וואַשן און בין צוגעגאַנגען צום שפּיגל זיך פֿאַרקעמען האָב איך זיך אַליין כמעט נישט דערקענט. דאָס פּנים האָט ווידער אויסגעזען פֿריש און יונג.

— שוין פֿאַרטיק? — האָב איך דערהערט דאָניאַ כוליאס כמעט מענערישע שטימע.

— יאָ, דאָניאַ כוליא — האָב איך געענטפֿערט ענדיקנדיק זיך פֿאַרקעמען. אָבער זי האָט זיך מיטאַמאָל צעלאַכט און איז צוגעגאַנגען נאָענט צו מיר. דער ריח פֿון איר פּערפֿום האָט מיר גענומען בייסן אין די נאָזלעכער. פֿון איר דעקאָלטירטער, זיידענער בלוזע האָבן זיך אַרויסגעזען אירע פֿולע בריסטן, אירע גרויסע, שוואַרצע אויגן האָבן תאווהדיק געקוקט און עס האָט אין זיי געברענט אַ פֿייער. זי האָט מיך אַ ווייל אָנגעקוקט, ממש זיך איינגעגעסן אין מיר מיט אירע אויגן, וועלכע זי האָט דערנאָך פֿאַרפֿירעריש פֿאַרזשמורעט.

— אפֿשר וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז איר זאָלט מיר אויפֿהערן צו רופֿן „דאָניאַ״?

זי האָט זיך פֿאַרשייט צעלאַכט און פּונקט אַזוי פּלוצעם האָט זי אויפֿגעהערט לאַכן און געזאָגט:

— רוף מיך פּשוט כוליא, אָדער נעגראַ. אַזוי רופֿט מען מיך פֿון קינדווייז אָן.

זי איז נאָך נענטער צוגעגאַנגען צו מיר און איך האָב דערפֿילט ווי איר הייס לייב שפּאַרט אויף מיר. אַ רגע בין איך געבליבן צעטומלט, אָבער דערנאָך ווייס איך אַליין נישט ווי אַזוי ס׳איז געשען און איך האָב פֿאַרגעסן, אַז איך בין געקומען זען מיין מאַמען און געטראָפֿן די טיר פֿאַרשלאָסן, פֿאַרגעסן אין סאַריטאַן און פֿאַרגעסן די זעקס חדשים אין וויזשאַ דעוואָטאָ... אַלץ האָב איך פֿאַרגעסן. איך בין פֿאַרזונקען אין אַ תהום פֿון תאווה און גענוס.

## 21

ווען איך האָב אינדערפרי אויפגעעפנט די אויגן האָבן דורך די לאָדנס שוין אַריינגעשיינט אין צימער פּאַסן ליכט. פון הויף האָבן זיך דערהערט רייד. אין צימער איז די לופט געווען אַ שווערע. כוליאַ איז געלעגן אַן אָפּגעדעקטע און איז געשלאָפן. איר רייפער גוף האָט געזונגען מיט געזונטקייט און געזעטיקט־קייט. אָבער קוקנדיק אויף איר האָב איך זיך דערמאָנט נאָך וואָס אייגנטלעך איך בין דאָ נעכטן אַהערגעקומען און עס איז מיר אויסגעקומען מאָדנע וואָס פּאַר די לעצטע 15־16 שעה וואָס איך האָב זיך געפונען אין דעם צימער איז מיר בכלל נישט איינגעפאַלן זי צו פרעגן וועגן דעם וואָס האָט מיך געבראַכט אין דער שטוב ווו איך בין מיט קנאַפּע 23 יאָר צוריק געבוירן געוואָרן, און ווו איך האָב זיך אַזויפיל אָנגעליטן און אַזויפיל איבערגעלעבט. דער געדאַנק, אַז איך האָב צוליב תאווה צו אַ צופעליק אָנגעטראָפענער פרוי געקענט פאַר־געסן אי מיין מאַמע, אי סאַריטאַן האָט מיר געברענגט דאָס בלוט אין פּנים אַריין און איך האָב זיך שרעקלעך פאַרשעמט פאַר זיך אַליין.

באַלד האָט טאַקע פאַר מיינע אויגן אַ שוועב געטון דאָס בילד וואָס איך וועל, כל־זמן איך וועל לעבן, ניט פאַרגעסן, דאָס בילד ווען די פּאָליציי האָט מיך מיטן טאַטן אַרויסגעפירט פון שטוב און אויפן דיל איז געלעגן די מאַמע אַ בלייכע און איבערגעבויגן איבער איר זענען געשטאַנען עטלעכע שכנות, וואָס האָבן זיך געמינטערט. באַלד נאָך דעם דאָזיקן בילד איז פאַר מיינע אויגן דערשינען סאַריטאַ. זי האָט אויף מיר געקוקט מיט אירע טיפע קאַשטאַן־ברוינע אויגן און אַזוי זיס געשמייכלט. איך בין זיכער, אַז אין דעם מאָמענט בין איך רויט געוואָרן. איך האָב געפילט, אַז מיינע באַקן האָבן גענומען פלאַ־מען פון בושה. איך האָב פּאַמעלעך אַראָפּגענומען כוליאַס האַנט פון מיר, זי צוגעדעקט מיטן ליילעך און האָב זיך אָנגעטון און בין גיך אַרויס פון צימער.

אַ שטאַרק פאַרכמאַרעטער הימל האָט מיך באַגעגנט און אַ וואַרעם ווינטל האָט מיר געבלאָזן אין פּנים. די גרויע שווערע וואָלקנס האָבן אָנגעוואָרפן אויף

מיר אַן אומעט. דער ווינט האָט אויפגעהויבן שטיקלעך פּאַפּיר און מיט אַ ווילדקייט זיי געטראָגן. אַ שטויב האָט זיך אויפגעהויבן און מיך געצוווּנגען צו פאַרמאַכן יעדע ווייל מיינע אויגן.

די שווערקייט אין דער לופט האָט אָנגעזאָגט אַ רעגן.

פון אָנהייב האָב איך זיך געלאָזט גיין גלאַט אַזוי, אָן אַ ציל. אַ פּוסטקייט האָט זיך צעלייגט אין מיין קאָפּ און איך בין ניט פעיִק געווען עפּעס צו טראַכטן. אָבער באַלד, ווי דורכן ווינט געבראַכט, זענען פאַר מיינע אויגן ווידער אויפגעגאַנגען די צוויי פּרויען־געשטאַלטן וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט. כ׳האָב דערזען די מאַמע און סאַריטאַן. זיי האָבן אויף מיר געקוקט אַזוי מאָדנע; עפּעס האָב איך מער נישט געזען די שטענדיקע צערטלעכקייט אין זייערע בליקן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז זיי פאָדערן ביי מיר אַ חשבון פאַר מיין נעכטיקער האַנדלונג.

אין אַ שווערער מרה־שחורהדיקער שטימונג האָב איך באַשלאָסן צוריק צוגיין אַהיים כדי דאַן זיך צו דערוויסן וואָס ס׳איז געשען מיט מיין מאַמע. איך בין געגאַנגען און געגאַנגען און מאָדנע — איך האָב פּלוצלינג זיך דערזען פאַר סאַריטאַס שטוב.

איך האָב אַ ווייל באַטראַכט די טיר לעבן וועלכער איך בין אַזויפיל נאַכטיקע שעהן אָפּגעשטאַנען אין סאַריטאַס נאָענטקייט. אַ ווייל איז אין מיין האַרץ אויפגעגאַנגען אַ דערמאָנונג פון יענעם גליקלעכן געפיל. איך האָב שוין געוואָלט אָנקלינגען, אָבער איך האָב זיך דערמאָנט די קריגעריי מיט איר טאַטן מיט איבער זעקס חדשים צוריק און איך האָב דייטלעך דערהערט זיינע ווערטער:

— מיין טאָכטער וועט מיט איך נישט חתונה האָבן.

איך האָב נישט געוואָגט אָנצוקלינגען צו סאַריטאַן, איך האָב אָבער אויך נישט געקענט אַוועקגיין פון איר שטוב. די נאָגנדיקע בנעקשאַפט זי צו זען איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב זיך ביז ווייטיק געביסן די פינגער. ענדלעך האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן צו זייער געשעפט כדי צו זען איר ברודער אַרנאָלדאָ און דורך אים זיך פאַרשטענדיקן מיט סאַריטאַן.

איך האָב טיף אין זיך געפילט, אַז איך באַגיי אַן עוולה קעגן מיין מאַמע, אָבער איך האָב אַנדערש נישט געקענט. די בענקשאַפט צו זען סאַריטאַן האָט מיך געהאַלטן אין אירע הענט.

# 22

ווען איך בין צוגעקומען צום געשעפט איז שוין געווען האַלבער טאָג. עס איז געווען די צייט ווען די מענטשן קערן זיך אום אַהיים צו מיטיק. איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט נעבן הער גאָלדמאַנס קלייט און האָב אַ ווייל געוואַרט.

באַלד איז אַרנאָלדאָ אַרויסגעקומען פון קלייט, ער האָט צוגעשלאָסן דאָס געוועלב און אַראָפּגעלאָזט די שטאָרן, דעמאָלט בין איך אויסגעוואַקסן לעבן אים.

ער האָט מיך אַן איבעראַשטער אַרומגעכאַפּט און ניט מיט זיין קול אויסגעשריען:

— ראַוּל!

נאָך דעם ווי זיין ערשטע איבעראַשונג איז אַריבער האָט ער זיך אָפּגערופן:

— וואַרט אַ ווײַלע, ראַוּל, איך וועל טעלעפאָנירן אַהיים, אַז מען זאָל אויף מיר נישט וואַרטן מיטן עסן. איך גלייב, אַז דו וועסט זיך דאָך ניט אָפּזאָגן מיט מיר צו עסן מיטיק. קום — האָט ער מיך אָנגענומען ביים אָרעם — מיר האָבן דאָך אַזויפיל צו רעדן.

מיר זענען אַרײַן אין אַן עלעגאַנטן רעסטאָראַן, ווו מיר האָבן פאַרנומען אַ ווינקל־טישל, כדי וואָס ווייניקער געשטערט צו ווערן. ביים קעלנער האָט אַרנאָלדאָ באַשטעלט עסן פאַר ביידן, אָנזאָגנדיק אים, אַז זאָל זיך נישט איילן מיטן צוברענגען, ווייל פריִער וועלן מיר טרינקען אַן אַפּעריטיוו.

גלייך ווי דער קעלנער האָט זיך גענומען דערווייטערן האָט מיך אַרנאָלדאָ גענומען פאַרשיִטן מיט פראַגן.

— וואָס מאַכסטו? פאַרוואָס האָט מען דיך נישט געזען? ווו ביזטו געווען?

איך האָב געקענט אַרנאָלדאָן פאַר אַן אויפריכטיקן חבר. ער האָט נישט פאַרמאָגט, ווי אַנדערע, קיין צוויי פּנימדיקייט. ביי אים איז געווען, וואָס געזאָגט, דאָס געמיינט. איך בין דעריבער זיכער געווען, אַז אויב ער

פרעגט מיך ווו איך בין געווען איז דאָס אַ סימן אַז ער ווייסט טאַקע גאָרנישט. דאָך האָב איך אים שטיל געפרעגט:

— ווייסט טאַקע נישט ווו איך בין געווען?

— נאָר איינער, ווען איך ווייס וואָלט איך דאָך נישט געפרעגט — האָט ער תמימותדיק געענטפערט — איך ווייס נאָר אַז דו ביזט פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין.

— איך בין זעקס חדשים געווען אין וויזשאַ־דעוואָטאָ — האָב איך שטיל געזאָגט, צייל־נדיק די ווערטער און קוקנדיק אים גלייך אין פנים, כדי צו זען וואָס פאַראַ איינדרוק מיינע ווערטער מאַכן אויף אים.

און זיי האָבן ווירקלעך געמאַכט אויף אים אַ שטאַרקן איינדרוק. איך האָב באַמערקט אַז ער איז בלאַס געוואָרן און זיינע גלעטנדיקע מאַנדל־אויגן האָבן מיך דערשטוינט אָנגעקוקט. ער האָט וויזט אויס ניט געוואָלט גלייבן אַז איך רייד ערנסט, ווייל ער האָט אַ זאָג געטון:

— מאַכסט שפּאַס?

— ניין, אַרנאָלדאָ, איך שפּאַס נישט. איך בין געווען אַרעסטירט זעקס חדשים און ערשט נעכטן האָט מען מיך באַפרייט.

דער קעלנער האָט צוגעבראַכט צוויי פלעשער, גלעזער מיט טעלער־לעך. אויך אַ סיפאָן סאָדעוואַסער און אַ באַזילבערטע כלי מיט שטיקלעך אייז.

אַרנאָלדאָ האָט אָנגעגאָסן פון ביידע פלעשער צו ביסלעך אַפּעריטיוו, אַריינגעלייגט שטיקלעך אייז און דערענדיקט אָנפילן די גלעזלעך מיט סאָדעוואַסער. דער קעלנער האָט גלייך צוגענומען די פלעשער און זיך דערווייטערט. אַרנאָלדאָ האָט מיר דערלאַנגט איין גלאָז און דאָס צווייטע האָט ער זיך גענומען און אָנקלאַפּנדיק זיין גלעזל אָן מיינס האָט ער אויס־גערופן: סאַלוט!

מיר האָבן ביידע אָפּגעטרונקען און איך האָב באַמערקט, אַז ער האָט זיך פאַרטראַכט. ער האָט מיר אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגן און מיט דערשטוינונג געפרעגט:

— אָבער פאַרוואָס?

— ווייל איך האָב זיך געשלאָגן מיט מיין טאַטן.

— אָבער וואָס רעדסטו, ראַול? איך פאַרשטיי דיך נישט. דו האָסט זיך געשלאָגן מיט דיין טאַטן? ווי איז דאָס מעגלעך?

— יאָ, אַרנאָלדאָ, עס איז אַ פאַקט...

און איך האָב אים געגומען דערציילן וועגן די כסדרדיקע אינצידענטן וואָס זענען פאָרגעקומען צווישן מיין טאַטן און מיר זייט איך האָב אויפ־

געהערט צו קומען אין זיינע קרייזן. איך האָב אים דערציילט וועגן די ביטערע דיסקוסיעס וואָס מיר האָבן געפירט און ווי אַזוי מיין מאַמע האָט פון דעם געליטן. און אַזוי האָב איך אים דערציילט אַלץ ביז צו דעם מאָ־מענט ווען די פּאָליציי האָט מיך אַרעסטירט נאָכן געשלעג מיטן טאַטן.

איך האָב געענדיקט דערציילן. ער איז געבליבן זיצן אַ דערדריקטער און שטיל געשוויגן. אַ ווײַלע האָבן מיר ביידע זיך נישט געקוקט אין די אויגן און דאַן האָב איך אים געפרעגט:

— און סאַריטאַ? וואָס מאַכט זי?

— סאַריטאַ? — האָט ער איבערגעפרעגט און מיט זיין נאַטירלעכער רויִקייט צוגעגעבן:

— סאַריטאַ איז אין ישראל.

איך האָב געוווּסט, אַז סאַריטאַס חלום איז געווען צו פאָרן קיין ישראל. זי האָט דאָס מיר פיל מאָל געזאָגט. מיר האָבן ביידע געחלומט צו פאָרן קיין ישראל צוזאַמען. און דאָך האָט מיך זיין תשובה איבעראַשט. מיר איז געווען שווער צו גלייבן אַז ער זאָגט אמת און איך האָב אַ פאַר־חידושטער געפרעגט:

— אין ישראל?

— וואָס וווּנדערסטו זיך אַזוי? — האָט ער געפרעגט און צוגעגעבן:

— ווער, ווער, נאָר דו ווייסט דאָך, אַז זי האָט וועגן דעם געחלומט.

— יאָ, אָבער — האָב איך נישט געפינענדיק קיין ווערטער גע־שטאַמלט:

— גלייב מיר — האָט ער פּלוצים געזאָגט, נאָך אַ קורצער פּויזע — אַז איך פאַרשטיי דיך. איך ווייס, אַז דו האָסט מיין שוועסטער ליב און זי דיך אויך (איך האָב ביי די ווערטער אַ ציטער געטון), זי האָט דאָס מיר אַליין געזאָגט, אָבער...

ער איז שטיל געבליבן, ווי ער וואָלט זיך אָן עפּעס פאַרהאַקט.

— אָבער, וואָס? — האָב איך געפרעגט.

ער האָט מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און שאַרף געענטפערט:

— נו, אויב דו ווילסט דווקא אַז איך זאָל דיר זאָגן, וועל איך דיר צוליב טון. דו האָסט צוגעאײַלט איר אָוועקפאָרן.

אַ דערשטוינטער האָב איך געפרעגט:

— איך?

— יאָ — האָט ער געענטפערט — דו... דו מיט דיין פאַרשווינדן ווערן האָסט געמאַכט, אַז זי זאָל פאַרשנעלערן אירע פּלענער וועגן עליה.

געפאָרן וואָלט זי דאָך אַלץ איינס, אָבער מיט דיר. זי האָט דאָס מיר אַליין געזאָגט. איי ראַול, ווען דו ווייסט, ווי זי האָט געליטן.

— אָבער, אַרנאָלדאָ, — האָב איך גענומען זיך פאַרענטפערן — דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז עס איז נישט געווען מיין שולד. דערמאָן זיך נאָר די גאַנצע סצענע וואָס דיין פאָטער האָט מיר אָפּגעשפּילט ווען איך בין צו אים געקומען אין יענעם פאַטאַלן טאָג...

אַרנאָלדאָ האָט אַרויסגעקרעכצט:

— יאָ, מיין טאַטע — און ער האָט פאַרביטערט געשאָקלט מיטן קאָפּ. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— זי האָט פון טאַטנס האַנדלונג אַזוי פיל געליטן. פריער פון זיין האַנדלונג לגבי דיר און ווען דערנאָך ווען זי האָט געוואָלט פאָרן קיין ישראל.

איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט דערמיט און אים דאָס טאַקע געזאָגט:

— איך פאַרשטיי דיך נישט...

ער האָט ביטער געשמייכלט.

— און איך פאַרשטיי נישט ביזן היינטיקן טאָג מיין טאַטן. וועסט גלייבן? ער האָט דאָך נישט געוואָלט, אַז זי זאָל פאָרן קיין ישראל.

— ס'איז נישט מעגלעך! — האָב איך אַ דערשטוינטער אויסגערופן. — דיין טאַטע איז דאָך אַ ציוני!

— אָט דאָס איז דאָך דער וויטיק.

פון זיינע רייד האָט זיך געהערט וויטיקלעכער פאַרדרוס. זיין שטענדיק גוטמוטיק־שמייכלענדיק פנים איז געווען פאַרוואָלקנט. איך האָב געזען, אַז דאָס דערמאָנען זיך דאָס פאַרגאַנגענע פאַרשאַפט אים פילליידן.

אָבער פּלוצים האָט ער אויפגעהויבן זיינע אויגן צו מיר און שטיל געפרעגט:

— ווילסט הערן וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט סאַריטאַן ביז זי איז אַוועקגעפאָרן?

— וואָס הייסט, צי איך וויל?

—טאָ הער!

— יענעם טאָג — האָט ער אָנגעהויבן דערציילן — ווען דו ביזט ביי אונדז געווען דאָס לעצטע מאָל, דאָס הייסט, אויפצומאָרגנס נאָך דיין צוריקקומען פון מיליטער־דינסט, בין איך ווי יעדן פאַרנאַכט, צוריקגעקומען אַהיים פון געשעפט. איך האָב אָבער אין שטוב קיינעם נישט דערקענט. דער טאַטע איז געלעגן אין בעט מיט אַ פענכער אייז אויפן קאָפּ און די

מאַמע האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פּאַרוויינטע. זי האָט גערעדט שטיל ווי צו זיך אַליין, אָבער דאָך אַזוי, אַז דער טאַטע זאָל הערן:

— אַז איך ווייס נישט וואָס מען וויל פונעם קינד? זי האָט אים ליב? ער האָט זי ליב? געזונטערהייט! וואָסי? אויף עשירות און גליק נעמט מען דען אַרויס אַ קוויטל? אַז מיר האָבן חתונה געהאַט האָבן מיר ניט געהאַט מיט וואָס אַ טאָג איבערצוקומען. מיר האָבן זיך ליב געהאַט, האָבן מיר חתונה געהאַט.

דער טאַטע האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט, צוהאַלטנדיק מיט איין האַנט דעם אייז־פּענכער און איר איבערגעשלאָגן:

— ביי מיר איז ער נישט קיין ייִד! שוין געהערט אַ מעשה? טאַטע און מאַמע האָבן נישט חתונה געהאַט, נאָר זיי לעבן אַזוי זיך, מיט אַ ביכל, דער זון איז נישט געייִדישט, קיין פּראָפעסיע האָט ער אויך נישט... פּשוט: אַ האַלע־דריגע! און דאָס דאַרף זיין מיין איידעם! איך וויל פאַר מיין קינד אַ ייִדישן יונגנמאַן און אַ דאָקטאָר. דו הערסט וואָס איך זאָג דיר? אַ דאָקטאָר! מיר שטייט אָן צו האָבן אַ דאָקטאָר פאַר אַן איידעם. עס מאַכט נישט, כאַקאַבאַ גאַלדמאַן האָט גענוג געלט דערצו. וואָסי? מאַוריסיאָ שמערל דעם שמש'ס מעג האָבן אַן איידעם פאַר אַ דאָקטאָר און איך נישט?...

די מאַמע האָט וויינענדיק דערווידערט

— און אַז עס וועט זיין אַ דאָקטאָר — אַ פּאַרך? עס טרעפט דען נישט? און צוריק־גערעדט, ווען זי ליבט זיך איין אין אַ שגץ, טפו — האָט זי אויס־געשפּיגן, — איך זאָל עס בעסער נישט דערלעבן, און גייט אַוועק מיט אים און אונדז הערט זי ווי חיים דעם גראַגער, דעמאָלט וואָלט שוין בעסער געווען? ער וויל דאָך דורכמאַכן די אָפּעראַציע. טאָ וואָס אַרט עס דיך?

— איך וויל נישט און שוין! — האָט ער אויסגעשריען — איך בין בעל־הבית. איך בין דער טאַטע און זי וועט חתונה האָבן מיט דעם וועמען איך וועל וועלן.

— געדענק — האָט זי אים געוואָרנט — געדענק, דו וועסט נאָך ברענגען, זאָלן דאָס מיינע שונאים בעסער נישט דערלעבן, אַן אומגליק. געדענק.

— אין אָנהייב — האָט אַרנאַלדאָ פאַרגעזעצט — האָב איך ניט געוווּסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. איך האָב געוווּסט, אַז איר ביידע האָט זיך ליב, אָבער איך האָב ניט געוווּסט, אַז עס האַלט שוין ביי אייך אַזוי ווייט. און אַ חוץ דעם האָב איך נישט געוווּסט, אַז דו ביזט... נו, דאָס וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט. אַיין זאַך האָב איך אָבער פאַרשטאַנען: אַז דאָ איז פאַרגעקומען אַ סקאַנדאַל וועלכן מען האָט מיט קלוגשאַפט געקענט אויסמיידן. אָבער פאַרפאַלן. איך האָב באַשלאָסן אַריינגיין אין מיין צימער כדי צו וואַרטן אויף סאַריטאַן, ווייל

איך האָב געמיינט, אַז זי איז נישטאָ אין דער היים. אָבער גייענדיק צו זיך האָב איך פון איר צימער געהערט אַ געוויין. איך האָב אויפגעעפנט די טיר און געזען ווי זי ליגט מיטן פּנים איינגעגראָבן אין קישן און וויינט. שייך צו זאָגן: זי וויינט? אַלץ הייסט ביי דיר געוויינט? איר קערפּער האָט זיך קאָנ־ווולסיוו געוואָרפן און זי האָט אַזוי געכליפּעט, אַז עס האָט פּשוט געשניטן ביים האַרצן. איך מאַך זיך, אַז איך ווייס כלומרשט גאָרנישט (קיין סך האָב איך דאָך טאַקע נישט געוווּסט) און גיב זי אַ פרעג:

— וואָס וויינסטו? קלאָגסט וואָס בעווין ליידט אויף זיין פאַרשיווער האַרץ, אָדער, וואָס די אַראַבער כאַפּן מפּלות?

דערהערנדיק מיין קול האָט זי זיך אַביסל באַרויִקט און זיך אָוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון בעט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט לעבן איר, מיט אַ טיכעלע האָב איך איר אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און גלייך צוגעגאַנגען צום עיקר.

— איצט, זאָג מיר פאַרוואָס וויינסטו? — האָב איך געפרעגט.

זי האָט מיט אירע פאַרוויינטע אויגן מיך אָנגעקוקט און דערנאָך האָט זי גענומען מיר דערציילן וואָס ס׳איז היינט פאָרגעקומען אין שטוב צווישן דיר מיטן טאַטן. וואָס זאָל איך דיר זאָגן ראול? האָסט גאָרנישט קיין אַנונג ווי מיך האָט דאָס פאַרדראָסן. איך ווייס טאַקע, אַז מיין טאַטע איז אַ שטרענגער, אַז ער קוקט נאָך אויף פיל זאַכן אין לעבן ווי זיין טאַטע, אָדער זיידע האָבן געקוקט אין זייער בעסאַראַביש שטעטל. אָבער, אַז ער זאָל נאָך קענען אָפּשפּילן אַזאַ פאַרצייטישע סצענע, דערויף האָב איך זיך קיינמאָל נישט געריכט.

סאַריטאַן, מיין אָרעמער שוועסטער האָב איך דערוויל גאָרנישט געקענט העלפן. איך האָב געמאַכט אַ פריילעך פּנים אין דער פאַסקודנער לאַגע און איך האָב זיך אָפּגערופן:

—זאָרג זיך נישט סאַריטאַ, מיר וועלן נאָך אַלע דריי פאָרן קיין ישראל, אַלעמען אויף להכעיס.

— אָבער ראַול... ראַול... — האָט זי זיך אויפסניי צעוויינט, נישט קענענ־דיק אַרויסברענגען וואָס זי וויל זאָגן.

— נו, הער שוין אויף צו וויינען — האָב איך זיך מיט געמאַכטן גרבייזער אויף איר צעשריִען — דו צוואָנציק־יאָריקע יאַכנע, ביסט נישט די ערשטע און נישט די לעצטע וועלכע עס קומט אויס צו ליידן פון ליבע. וועסט זען — האָב איך אָבער באַלד צוגעגעבן — איך וועל רעדן מיטן טאַטן, ער וועט נאָכ־לאָזן, וועסט זען.

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ דאַנקבאַרן בליק און איך בין אַרויס פון איר צימער זיך דורכצורעדן מיטן טאַטן.

איך בין גלייך אַריין אין זיין צימער, און ווען איך בין אַריין האָט ער זיך אויפגעזעצט. איך האָב באַמערקט, אַז דער אייז־פּענכער איז געלעגן אויף אַ שטול לעבן בעט. ער האָט אויסגעטון די ברילן און ער האָט מיך פאַרדעכטיק אָנגעקוקט.

— וואָס עפּעס נייעס ? — האָט ער מיך געפרעגט.

דעם אמת געזאָגט, האָב איך געהאַט חשק גלייך צוצוגיין צום עיקר, אָבער אַזוי ווי איך קען מיין טאַטן און וויס אַז מיט אים מוז מען אומגיין דיפּלאָ־מאַטיש, האָב איך געזאָגט :

— איך זע דאָך, אַז דו פילסט זיך נישט גוט, נו, בין איך געקומען זיך דערוויסן וואָס דיר איז.

— אַהאַ — האָט ער אַ ברום געטאָן.

איך האָב געפרעגט:

— איז וואָס זשע ליגסטו? פילסט זיך טאַקע נישט גוט?...

— מיט היינטיקע קינדער קען מען זיך דען פילן גוט? — האָט ער אַ בייזער מיר צוריקגעענטפערט מיט אַ פראַגע.

— טאַטע — האָב איך שמייכלענדיק געזאָגט — דו באַקלאָג זיך נאָר נישט אויף דיינע קינדער. עס זענען פאַראַן ערגערע.

— ערגערע, ערגערע — האָט ער איבערגעחזרט ווי פאַר זיך און גע־פרעגט:

— וואָס קען שוין זיין ערגער ווען קינדער ווילן נישט פאָלגן אַ טאַטן?...

איך האָב געוואָלט אַ ביסל אויפהייטערן זיין געמיט און דעריבער האָב איך געשפּאַסט:

— טאַטע, איך זע טאַקע, אַז דו ביסט נישט מיט אַלעמען. איך קום פון געשעפט און דו גיסט מיר אַזאַ ברוך־הבא?

— איך מיין נישט דיך, איך מיין זי, שרהן, סאַריטאַן, מיין איך.

— סאַריטאַן? — האָב איך זיך כלומרשט געוווּנדערט — זי איז דען אַ שלעכט מיידל? הלוואי זאָל איך קריגן נישט קיין ערגערע כלה.

— איך האָב נישט געזאָגט, אַז זי איז אַ שלעכט מיידל. זי איז אַ... און ער האָט זיך פאַרהוסט.

ער איז אַראָפּ פון בעט און זיך שטאַרק צעהוסט. ווען ער האָט געענדיקט הוסטן האָט ער, אַ ביסל אַ באַרויִקטער, זיך אָפּגערופן:

— זאָג, נאָר, אַראָנטשיק, דו קענסט דעם מערזאָוועץ? דעם ראַול?

— צי איך קען אים? — האָב איך איבערגעפרעגט און גלייך צוגעגעבן — אַוודאי קען איך אים. מיר זענען גוטע חברים. ער איז זייער אַ ווױלער בחור.

ער האָט זיך ווידער פֿאַרהוסט און גענומען אַרומשפּאַצירן איבערן צימער מיט שווערע טריט, רעדנדיק צו זיך:

— אַז נישט געדאַכט זאָלן מײַנע שונאים ווערן. הער נאָר אַ מעשה, מײַן זון איז מיט אים חבר, מײַן טאָכטער פֿירט זיך מיט אים אַרום און איך, גרויסער, ווי רופֿט מען עס, ווייס גאָרנישט פֿון דעם. אוי, רבונו של עולם, ווו זענען געווען מײַנע אויגן?

ער האָט געגעבן עטלעכע שפּאַן און זיך אָוועקגעשטעלט האַרט לעבן מיר, אָנקוקנדיק מיר מיט פֿאַרשנדיקע בליקן, אַ ווײַלע געקלערט און דערנאָך האָט ער געפֿרעגט, ניין, נישט געפֿרעגט, נאָר גיכער מיר אַרײַנגעשריגן אין פּנים:

— און אַז ער איז נישט קיין ייִד ווייסטו?

ער איז געשטאַנען נאָענט צו מיר אַ שרעקלעך אויפֿגערעגטער און צעבראָכענער. דעם אמת געזאָגט האָב איך אויף אים באַקומען רחמנות. וואָס איז ער נעבעך שולדיק — האָב איך געטראַכט — וואָס ער פֿאַרשטייט שלעכט און איז איבערצייגט, אַז ער פֿאַרשטייט בעסער ווי אַלע אַנדערע?

— טאַטע — האָב איך אים געזאָגט — איך קען שוין ראַולן אַ סך יאָרן און איך פֿאַרזיכער דיר, אַז ער איז אַ גוטער ייִדישער יונגערמאַן.

מײַן טאַטע האָט זיך צעשריגן:

— און אַז זײַן טאַטע־מאַמע לעבן אַזוי זיך, נישט חתונה געהאַט, דאָס ווייסטו אויך? וואָסזשע ווערסטו דערויף זאָגן? און אַז ער איז נישט געמלט ווייסטו אויך?

איצט מעג איך דיר זאָגן דעם אמת ראַול, אַז פֿאַר מיר איז דאָס געווען אַן איבערראַשונג. מיר זענען אַזוי פֿיל יאָרן געווען חברים און איך האָב וועגן דעם נישט געוווּסט. אָבער איך האָב באַהערשט מײַן איבערראַשונג און רויִק געזאָגט:

— דו דאַרפֿסט דאָך פֿאַרשטיין טאַטע, אַז אין ביידע זאַכן איז ער נישט שולדיק. מילא, דאָס ערשטע קען ער געוויס נישט אויסבעסערן, אָבער דאָס צווייטע... מײַן טאַטע האָט זיך צעשריִען אויף די העכסטע טענער:

— דו אויך?! אָט האָסטו דיר! טאָקע כדאי צו ווערן אַ לעבן־לאַנג אויסגעריסן, אַז דאָס אייגענע בלוט און פֿלייש זאָל דיר ווערן שונאים.

איך האָב זיך באַמיט אים אײַנצושטילן. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו זײַן וואָס רויִקער. אָבער רויִק און באַהערשט האָב איך געהאַלטן פֿאַר נייטיק אים אַרויסצוזאָגן מײַן מיינונג וועגן דעם גאַנצן ענין, כאָטש איך האָב גוט געוווּסט, אַז עס איז אומזיסט, ווײַל איך האָב געקענט זײַן עקשנות.

— טאַטע — האָב איך געזאָגט רויִק, אָבער מיט אַ זיכערן טאָן. — ווי

סאַריטאַס עלטערער ברודער נעם איך זיך דאָס רעכט צו זאָגן אַ וואָרט אין דער גאַנצער זאַך. זיי נישט אין כעס טאַטע, אָבער איך מוז דיר זאָגן, אַז דו האַנדלסט נישט גוט.

ער האָט ברייט צעעפנט זיינע אויגן:

— האַ? וואָס? דו?

איך האָב פאָרגעזעצט:

— יאָ, טאַטע, ער איז זייער אַ ווויילער בחור און דער עיקר, זיי האָבן זיך ליב. סאַריטאַ וועט די צעשיידונג נישט איבערטראָגן. פאָלג מיך, טאַטע, און גיב דיין הסכמה.

ער האָט זיך צעשריגן:

— דאָס קיינמאָל נישט! איך וועל מיין הסכמה קיינמאָל נישט געבן! זי וועט באַדיי פאַרזיצן, אָבער מיט קיין לאָבוז וועל איך זי נישט לאָזן חתונה האָבן!

וואָס זאָל איך דיר נאָך זאָגן ראַול? וויפל איך האָב מיט אים נישט אַריינ־געטענהט האָט דאָס אַלץ נישט געהאָלפן.

נו, און ווייטער איז די זאַך געווען אַזוי: דער טאַטע האָט זיך אין גאַנצן אַרויסגעלאָזט פון געשעפט און איז געבליבן אין שטוב, כדי ער זאָל האָבן אַן אויג אויף סאַריטאַן. ער האָט זי געהאַלטן אין איין היטן. ער האָט זי פשוט פון שטוב נישט אַרויסגעלאָזט פון מורא, אַז זי וועט זיך טרעפן מיט דיר. זי פלעגט מיך יעדן טאָג פרעגן צי איך זע דיך? און דו, ווי אויף צו להכעיס, ביסט פאַרשוווּנדן. איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז נישט נאָר סאַריטאַן, נאָר אויך מיר איז מער ווי איינמאָל איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז דו האָסט זיך אַ מעשה אָנגעטאָן... צום סוף זענען מיר ביידע, איך און סאַריטאַ, געקומען צום באַשלוס, אַז אויב דו לעבסט און ווייזט זיך נישט איז דאָס אַ סימן, אַז דו ווילסט איבערדרייסן. און אויב אַזוי טאָ וואָס פאַראַ זין האָט פאַר סאַריטאַן געהאַט צו זיצן און וואַרטן? אפשר זיך דערוואַרטן ביז דער טאַטע וועט איר ברענגען אַ חתן, אַ דאָקטער? זי האָט דעריבער באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל. ווען זי האָט מיר מיטגעטיילט וועגן איר באַשלוס האָב איך זי געפרעגט:

— ווילסט אַנטלויפן פון זיך אַליין?

זי האָט מיר אויף דעם נישט געענטפערט. נאָר זי האָט זיך צוגעטוליעט צו מיר און זי האָט זיך פונאַנדערגעוויינט.

איך בין געווען זיכער, אַז דעם טאַטן וועט דער פלאַן געפעלן ווערן, ווייל אַזוי אַרום וועט ער דאָך זיין זיכער, אַז זי וועט מיט דיר נישט חתונה האָבן. אָבער ס׳איז נישט אַזוי געווען. האָסט געזאָלט זען ווי ער האָט זיך אָנגעצונדן ווען ער האָט דערהערט, אַז סאַריטאַ וויל אַוועקפאָרן קיין ישראל.

ס'איז געווען אַזוי: זי איז איינמאָל צו אים צוגעגאַנגען אין מיין אָנוועזנ־הייט און אים געזאָגט:

— טאַטע, איך וויל מיט דיר עפּעס רעדן.

ער האָט איר טרוקן געפרעגט:

— וואָס ווילסטו?

— כ'ווייס, אַז דו ווילסט נישט אַז איך זאָל חתונה האָבן מיט ראָולן (איך האָב געזען ווי אירע אויגן האָבן געגלאַנצט טרערן), נו, גוט, כ'בין מסכים.

מיין טאַטע האָט אַוועקגעלייגט די צייטונג וואָס ער האָט אַקוראַט געלייענט, ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן און אויף זיין פּנים האָט זיך באַוויזן אַ צופרידענער, נצחונדיקער שמייכל.

— אויב אַזוי — האָט ער אויסגעזונגען מיט ניגון — האָב איך דיך ליב. אַ קינד מוז פאָלגן אַ טאַטן.

— איך וויל אָבער...

— זאָג, טאָכטער מיינע, וואָס דו ווילסט. פאַר דיר איז מיר גאָרניט צו שווער.

— איך וויל פאָרן קיין ישראל.

זיין צעשטראַלט פּנים האָט זיך מיטאַמאָל פאַרכמאַרעט. פון זיינע אויגן האָט געשפּריצט פייער און ווי שטענדיק ווען ער איז געווען שטאַרק אויפ־גערעגט האָט אים דער הוסט גענומען שטיקן. ווען דער הוסט האָט אים אַ ביסל אָפּגעלאָזט האָט ער זיך צעשריִען:

— ביסט משוגע, מיינע שונאים! און ער האָט זיך ווידער פאַרקייכט אין אַ שטאַרקן הוסט.

איך בין געבליבן דערשטוינט פון זיין אויפרעגונג און געשריי. איך האָב זיך פשוט נישט געקענט פאָרשטעלן, אַז דער דאָזיקער פאַרלאַנג זאָל אים אַזוי אויפרעגן. איך האָב זיך אָפּגערופן:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, טאַטע, איך ווייס נישט פאַרוואָס דו שרייסט. דו אַליין זאָגסט שטענדיק, אַז דו ביסט אַ ציוניסט. האָסט געוואָלט, אַז דיינע קינדער זאָלן זיין ציוניסטן, אמת? און אַז אַ קינד וויל פאָרן קיין ישראל מאַכסטו אַזעלכע געוואַלדן?

— דו שוויַיג! — האָט ער אויף מיר אַ געשריי געטאָן. ער וועט מיר לערנען וואָס עס איז ציוניזם.

— פאַרוואָס טאַקע נישט? — בין איך צוגעשטאַנען.

— זאָלן פאָרן די פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. זאָלן פאָרן די וואָס האָבן נישט וואָס צו עסן. זאָלן פאָרן די... און ער האָט זיך פאַרהוסט.

— דו קאָכסט זיך, דו ביסט אין כעס — האָב איך געזאָגט — אָבער דו ביסט דאָך נישט גערעכט. פאַרשטיי, טאַטע, אַז פאָרן קיין ישראל דאַרפן אַלע

ייִדן און איבערהויפּט די וואָס זענען אידעאַליסטן און קענען און ווילן אַר־בעטן. פאַר ישׂראל זענען נישטאָ קיין בעסערע ייִדן און ערגערע ייִדן. אַלע ייִדן דאַרפן פאָרן קיין ישׂראל.

ווייזט אויס, אַז מיינע ווערטער האָבן געמאַכט אויף אים אַ געוויסן איינ־דרוק, ווייל ער האָט, אַ ביסל אַ באַרויִקטער, מיך אָנגעקוקט. אָבער באַלד איז דאָס פּנים ביי אים ווידער רויט געוואָרן פון אויפרעגונג און ער מיט זיין האַר־טער שטימע האָט אַרויסגעדונערט:

— באַסטאַ! כּל זמן איך לעב וועט זי אין דער וויסטעניש נישט פאָרן!

— געדענק — האָב איך אים צום ערשטן מאָל געוואָרנט אין אַ הויכן טאָן, ווייל איך בין שוין אויך געווען אויפגערעגט — געדענק, דו שפּילסט זיך מיט דיין קינדס לעבן!

— פאַרמאַך דעם פּיסק! — האָט ער זיך היסטעריש צעשריגן.

אַן אויפגערעגטער און אַ באַליידיקטער האָב איך פאַרלאָזט דאָס צימער. אויך סאַריטאַ איז צוזאַמען מיט מיר אַרויס.

ווי נאָר מיר זענען אַריין אין מיין צימער האָט זי זיך גלייך אַ וואָרף געטאָן אויף מיין בעט און זיך צעוויינט. איך האָב איר געלאָזט גוט זיך אויס־וויינען און דערנאָך האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויפן בעט און שטיל אין איר אַריינגערעדט:

— נו, מיין שוועסטער, גענוג! מיטן וויינען וועסטו גאָרנישט מאַכן. שיין וועלן אויסזען אונדזערע חלוצים אויב זיי וועלן האַלטן אין איין וויינען. מיר מוזן זוכן אַ מיטל ווי אַזוי דעם טאַטן וויכער צו מאַכן...

איך האָב געטראַכט און געטראַכט און לסוף האָב איך געזאָגט:

— הער מיך אויס, איך זע פאַר דיר נישט קיין אַנדערע עצה ווי זיך אַרויסצוגנבענען פון שטוב. דו וועסט אַוועקגיין פון שטוב און איך וועל דיך שוין באַזאָרגן מיט געלט. פאַרשטייט זיך, אַז פריִער וועלן מיר צוגרייטן די נייטיקע דאָקומענטן, וואָס מען וועט דאַרפן מאַכן אויף אַ פרעמדן אַדרעס, כּדי דער טאַטע זאָל זיך נישט דערוויסן. ווען אַלץ וועט שוין זיין פאַרטיק וועסטו פאַרלאָזן די שטוב און — היידאַ! און ווען דו וועסט אָנקומען קיין ישׂראל וועסטו שיקן אַ טעלעגראַמע, אַז דו ביסט שוין דאָרט און דו בעטסט ער זאָל דיר מוחל זיין.

סאַריטאַ האָט אַ ביסל געטראַכט און דערנאָך האָט זי געזאָגט:

— ניין, אַרנאָלדאָ, עס טויג נישט.

— פאַרוואָס?

— ווייל איך בין אַ מינדעריאָריקע און אַן דעם טאַטנס דערלויבעניש וועט מען מיר קיין וויזע נישט געבן.

איך בין זיך מודה, אַז וועגן דעם האָב איך נישט געטראַכט.
דערשלאָגענע זענען מיר זיך צעגאַנגען.
סאַריטאַ האָט מיר געזאָגט אַוועקגייענדיק:
— ער וועט עס באַדויערן.
— טו נאָר נישט קיין נאַרישקייטן — האָב איך איר געענטפערט.
צומאָרגנס בין איך ווי יעדן טאָג אַהיימגעקומען צום מיטיק. מיר האָבן זיך געזעצט צום טיש און געוואַרט אַז סאַריטאַ זאָל אַריינקומען. זי האָט זיך אָבער נישט באַוויזן. די מאַמע איז אַריין צו איר אין צימער זי רופן. אָבער אין עטלעכע מינוט אַרום בין איך אויפגעציטערט געוואָרן פון דער מאַמעס היסטע־רישע קולות. זי האָט געגוואַלדעוועט מיט אַזעלכע קולות, אַז איך בין שיער פון בענקל אַראָפּגעפאַלן. איך האָב זיך דערמאָנט סאַריטאַס נעכטיקע ווערטער און איר דערשלאָגנקייט און איך האָב באמת מורא געקריגן. איך האָב זיך גלייך געלאָזט לויפן — און דער טאַטע הינטער מיר — צום אָרט פון וואַנען די קולות זענען געקומען, דאָס הייסט: צו סאַריטאַס צימער. דאָ האָב איך זיך דערוווסט, אַז סאַריטאַ האָט אין פאַרצווייפלונג באמת געהאַט פאַרטראַכט אַ שרעקלעכע זאַך. נאָך גוט וואָס די מאַמע האָט צופעליק דערזען ביי איר עפּעס אַ פאַרדעכטיק פלעשעלע ווען זי איז אַריין זי רופן צום מיטיק. סאַריטאַ האָט דאָס פלעשעלע געוואָלט אויף גיך באַהאַלטן, אָבער די מאַמע האָט עס אַרויסגעריסן פון אירע הענט און דערזעענדיק, אַז דאָס איז סם האָט זי זיך צעשריגן מיט קולי קולות.
נאָך דער דאָזיקער סצענע האָט די שטענדיק שטילע מאַמע געעפנט אויפן טאַטן אַזאַ מויל, אַז ער האָט תיכף נאָכגעגעבן און מסכים געווען, אַז סאַריטאַ זאָל פאָרן קיין ישראל.
זי איז אָבער נישט גלייך אַוועקגעפאָרן. פריִער איז זי געפאָרן אויף דער הכשרה, ווו זי איז געווען דריי חדשים און ערשט מיט צוויי חדשים צוריק איז זי, מיט נאָך אַ גרופּע חלוצים, אָפּגעשווומען קיין ישראל און יענע וואָך איז שוין פון איר אָנגעקומען אַ בריוו.
ווען אַרנאָלדאָ האָט געענדיקט דערציילן האָב איך געוואָרפן אַ בליק אויפן רעסטאָראַן און איך האָב דערזען, אַז מיר זענען די איינציקע געסט אין זאַל און דער קעלנער שטייט טאַקע פון דער ווייטן און קוקט אויף אונדז ברוגז. איך האָב אים צוגערופן און אַרנאָלדאָ האָט אים באַצאָלט.
דערנאָך האָבן מיר זיך צעשיידט ווייל אַלע געשעפטן זענען שוין געווען אָפן און ער האָט אויך געדאַרפט גיין עפּעס זיין געשעפט. מיר האָבן זיך אָבער צוגעזאָגט צו טרעפן אין די נאָענטסטע טעג.

## 23

איך האָב זיך צעשיידט מיט אַרנאָלדאָן און זיך געאײַלט אַהיים, צו כוליאַן. איך בין געווען מיד און מײַן אײנציקער פאַרלאַנג איז געווען זיך אַ ביסל אויסצורוען.

איך האָב שוין געקלערט אַרײַנצוגיין אין אַ האָטעל כּדי זיך גוט אויס־צושלאָפֿן, אָבער אַזוי ווי איך האָב געוואָלט זיך עפּעס דערוויסן וועגן דער מאַמע און דאָס האָב איך געקענט נאָר בײַ כוליאַן בין איך טאַקע אַוועק צו איר.

אַרנאָלדאָס דערציילונג האָט אויפגעריסן אין מײַן האַרץ אַ וווּנד וואָס איז נאָך לחלוטין נישט געווען פאַרהיילט. דער געדאַנק, אַז סאַריטאַ איז אָפּ־געפאָרן מיט ליבשאַפט צו מיר האָט אויפסניי אָנגעצונדן מײַן ליבע צו איר, וואָס איז במילא געווען גאַנץ שטאַרק. איך האָב זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז זי איז איצט ווײַט און איך וועל זי מער שוין נישט קענען דערגרייכן.

— איך האָב זי פאַרלוירן — האָב איך מיט ווייטיק צו זיך געמורמלט — און אַלץ צוליב אים.

מיט דעם „אים" — האָב איך געמיינט מײַן טאַטן צו וועלכן איך האָב גענומען פילן נאָך אַ גרעסערע שנאה ווײַל ער איז געווען שולדיק אין אַלע מײַנע צרות.

אָבער ווען איך בין אַרײַן אין הויף פון אונדזער אַמאָליקער וווינונג בין איך געווען צופרידן וואָס קיינער האָט מיך נישט געזען און איך בין גלײַך אַרײַן צו כוליאַן.

ווען איך בין אַרײַן איז זי געלעגן אין דער פּיזשאַמע אויפן בעט און האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ מאָדע־זשורנאַל. דער ראַדיאָ אויפן נאַכט־טישל לעבן בעט האָט געשפּילט טאַנגאָ־מוזיק.

בײַ מײַן אַרײַנקום איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און צוגעלאָפן צו מיר.

— אָהאַ, ביסט שוין דאָ? — האָט זי אַרויסגעצישעט — האָסט זיך אָנגעזעטיקט ווי אַ חזיר און אַוועק אָן אַ וואָרט אַפּילו.

איר פּנים האָט געברענט פון כּעס. די אויגן האָבן מיך געשטאָכן. איך האָב איר אָבער גאָרנישט געענטפערט. מיין קאָפּ, מיין האַרץ, מיינע געדאַנקען זענען געווען ערגעץ אַנדערש, ביי סאַריטאַן. איך בין געשטאַנען אַנטקעגן איר אַ שטומער און נישט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט. איך האָב געזען ווי זי קוקט אויף מיר בייז, ביסלעכווייז אָבער איז איר בליק געוואָרן מילדער און אָשטאָט בייזקייט האָט שוין פון איר פּנים און אירע בליקן אַרויסגעשיינט ליבשאַפט. פּאַמעלעך האָבן אירע אויגן באַקומען זייער נאַטירלעכן פייערדיקן תּאוודיקן גלאַנץ. זי האָט מיך אַרומגענומען, זיך צוגעדריקט צו מיר און זיך געחנדלט:

— שלעכטער וואָס דו ביסט. אַזוי פירסטו זיך אויף מיט דיין שוואַרצינקער? ביסט אַוועק און מיך איבערגעלאָזט, נישט זאָגנדיק ווען דו קומסט צוריק. און איצט גיסטו מיר נישט אַפּילו קיין איין קוש?

און ווידער האָט איר הייס תּאווהדיק לייב אויף מיר אָנגעווייעט אַ מין שכרות־צושטאַנד אין וועלכן מיינע בלוטן האָבן גענומען זידן. איך האָב זי גענומען אין מיינע אָרעמס און בין גרייט געווען מיט איר פאַרפאַלן צו ווערן אין תּהום פון אויפגעברויזטע ליידנשאַפטן.

אָבער איך האָב זי פּלוצעם, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, אַרויסגעלאָזט פון מיינע אָרעמס און שטיל געזאָגט:

— לאָז מיר איצט, איך בעט דיך.

זי האָט געקוקט אויף מיר מיט שכורע אויגן.

— וואָס פאַר אַ ווערעמל האָט דיר אַ ביס געטאָן? — האָט זי געפרעגט.

איך האָב זיך געלאָזט גיין צו דער טיר.

זי האָט מיך אָבער אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט שלעפּנדיק מיך צו זיך. זי האָט זיך צוגעדריקט צו מיר און אַרומנעמענדיק מיך האָט זי געפרעגט:

— זאָג וואָס איז דיר?

איך האָב זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ בענקל און געזאָגט:

— מאַך, שוואַרצע, אַ מאַטע, דער האַלדז איז מיר אַזוי טרוקן.

זי האָט מיר אַ שטאַרקן קוש געטאָן.

— איך וועל דיר געבן נישט קיין מאַטע, נאָר אַ שטאַרקע כּוסה — האָט זי געזאָגט — דאָס וועט דיר גוט מאַכן.

— ניין, כוליא, איך וויל אַ מאַטע.

— גוט. זאָל זיין ווי דו ווילסט.

זי האָט גענומען אָנוואַרעמען וואַסער און איך האָב זיך דערווייל אויס־געצויגן אויפֿן בעט און איך בין גלייך איינגעשלאָפֿן.

קיין סך בין איך אָבער נישט געשלאָפֿן ווייל ווי נאָר דאָס וואַסער האָט זיך אָנגעוואַרעמט איז זי צוגעקומען צום בעט מיט אַ צעשוימטער מאַטע. זעענדיק, אַז איך ליג רויק האָט זי זיך אויסגעצויגן אויפֿן בעט לעבן מיר. איך האָב געעפֿנט די אויגן ווייל איך האָב דערפֿילט איר ברי׳ענדיקן אָטעם אויף מיינע ליפּן און איר הייס לייב אויף מיינעם.

זי האָט זיך צעלאַכט מיט אַ ווילד און פֿאַרשייט געלעכטער:

— אוי גאָט, ער שלאָפֿט גאָר? אין איין צימער מיט אַ פֿרוי און שלאָפֿט.

איך בין אַראָפּ פֿון בעט און בין צוגעגאַנגען צום טיש. זי האָט זיך אַוועק־געזעצט נאָענט פֿון מיר. גאַנץ אומדערוואַרט האָט זי מיך ביים דערלאַנגען די מאַטע געפֿרעגט:

— פֿאַרוואָס ביסטו אַזוי אומעטיק? צוליב אַ מיידל?...

איך האָב נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— איז זי געווען אַ שיינע? שענער פֿון מיר? איז זי געווען יינגער פֿון מיר? איז זי געווען... ליידנשאַפֿטלעכער פֿון מיר (דאָס לעצטע האָט זי געפֿרעגט מיט מער וווּלגאַרע ווערטער).

— שווייג! — האָב איך אויסגעשריגן.

— וואָס ביסטו אַזוי אין כּעס? איך האָב דיך דען באַליידיקט?

— אַז מען פֿרעגט אַ סך פֿרעגט מען אויך זאַכן וואָס מען דאַרף נישט פֿרעגן — האָב איך אַן אויפֿגערעגטער געענטפֿערט.

— זיי נישט אין כּעס, ראַוליטאָ — האָט זי זיך שוין גענומען לאַשטשען צו מיר. — זיי מיר מוחל. איך האָב בלויז געוואָלט וויסן. זיי אַ גוטינקער, דערצייל.

און אַליין נישט וויסנדיק פֿאַרוואָס האָב איך איר אַלץ דערציילט וועגן סאַריטאַן. איך האָב דערציילט און זי האָט זיך אַוועקגעזעצט פּונקט אַנטקעגן מיר, צודריקנדיק אירע קני צו מיינע, אויף וועלכע זי האָט אָנגעשפּאַרט אירע עלנבויגנס און אונטערשפּאַרנדיק איר פּנים מיט די הענט האָט זי אַרויפֿ־געקוקט צו מיר.

ווען איך בין אַנטשוויגן געוואָרן האָט זי זיך אויפֿגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו דער שפּייז־שאַפֿקע און פֿון דאָרטן אַרויסגענומען אַ פֿלאַש בראָנפֿן. דערנאָך האָט זי אָנגעגאָסן צוויי האַלבע גלעזער — איינס פֿאַר זיך און דאָס אַנדערע פֿאַר מיר. זי האָט אויפֿגעהויבן איר גלאָז און עס אַ קלאַפּ געטאָן אין מיינעם.

— טרינק! — האָט זי אַ זאָג געטון באַפֿעלעריש.

— ביזט משוגע — האָב איך געשטוינט — מיינסט טאַקע, אַז מיר איז איצט אַזוי גוט אויפֿן האַרץ, אַז איך זאָל זיך נעמען שיכורן?

זי האָט זיך פֿאַרשייט צעלאַכט:

— זײַ נישט קיין נאַר. כדי צו פֿאַרגעסן אַ פרוי וועלכע מען האָט ליב זענען פֿאַראַן צוויי מיטלען. איין מיטל — גוט זיך אָנצושיכורן און דאָס צווייטע — אַ צווייטע פרוי... האָסט פֿאַרשטאַנען? נאָר אַזוי וועסטו פֿאַרגעסן די ערשטע. איין ליבע טרייבט אַרויס די צווייטע.

— דו רעדסט ווי דו וואָלסט עפּעס געוווּסט — האָב איך אַ ברוגזער אַ ברום געטון.

— און איך ווייס טאַקע — האָט זי מיט טראַציקייט מיר צוריקגעענט־פֿערט. איך ווייס מער וויפֿל דו, אומדערפֿאַרענער נאַר, שטעלסט זיך פֿאָר. אַהאַ ווייס איך... ווילסט איך זאָל דיר דערציילן?

נישט וואַרטנדיק אויף מיין ענטפֿער האָט זי אַ טרונק אויס געטון דעם בראָנפֿן, זיך פֿאַרקרומט און אָפּגעווישט די ליפּן און דערנאָך האָט זי גענומען רעדן.

— ווען איך האָב זיך באַקאַנט מיט כאַרכען בין איך נאָך קיין פֿולע פֿערצן יאָר נישט אַלט געווען. איך בין שוין אָבער געווען אַ היפּשע מויד און די מאַנסלייט האָבן מיר קיין רו נישט געגעבן. איך בין געווען אַ שיינע און נישט איינמאָל האָבן די בחורים זיך צעשלאָגן צוליב אַ טאַנץ מיט מיר. אויף אַזאַ טאַנץ־אָוונט האָב איך זיך טאַקע באַקאַנט מיט כאַרכען. ער איז געווען אַ נייער ביי אונדז אין שטעטל. ער האָט געאַרבעט אַלס „פּאַגיסט״ 1) און שפּעטער איז ער געוואָרן אַ מאַשיניסט. ווען מיר זענען געוואָרן חתן־כלה האָבן די מענער אים מקנא געווען, אָבער די מיידלעך האָבן מיך מקנא געווען. ווייל כאַרכע — דאָס איז געווען אַ יונג — אַ דעמב, דערצו אַ שטיק פייער. יאָ, דאָס איז ער געווען. ווען ער האָט מיך אַריינגענומען אין זיינע שטאַרקע אָרעמס האָב איך אָן אַלץ פֿאַרגעסן. איך גלייב נישט, אַז ס'איז דאָ אַ פרוי וואָס האָט זיך געזאָלט אים קענען אַנטקעגנשטעלן.

אַ קורצע צייט, נאָכן באַקענען זיך, איז ער געקומען אַהיים בעטן מיין האַנט און מיין טאַטע האָט נישט געוואָלט הערן. ער האָט אים פּשוט אַרויס־געטריבן, ווייל ווייסנדיק אַז מענער לויפֿן מיר נאָך צוליב מיין שיינקייט, האָט ער געוואָלט פֿאַר אַן איידעם נישט קיין אַרבעטער נאָר אַ רייכן מאַן.

איינמאָל, ווען מיר האָבן זיך געטראָפֿן, ווי אַלעמאָל, בסוד, האָט כאַרכע מיר געזאָגט:

---

1) הייצער.

— ווייסט, שוואַרצינקע, איך האָב געבעטן מען זאָל מיר איבערשיקן אין אַ צווייטן פּונקט. די טעג פאַר איך אַוועק.

איך האָב אים נישט געוואָלט גלייבן. איך האָב געמיינט, אַז ער שפּאַסט. בין איך געשטאַנען און אים אָנגעקוקט און פּלוצים זיך פונאַנדערגעוויינט. דעמאָלט האָט ער מיך שטאַרק גענומען דריקן צו זיך און ליידנשאַפטלעך קושן, מורמלענדיק:

— זאָרג נישט, מיין אוצר, מיר וועלן זיין צוזאַמען. פאַר מיט מיר, וועסט זען, ווי מיר וועלן זיין גליקלעך.

אין דעם אָפּגערעדטן טאָג בין איך אַרויס פון שטוב, מיטנעמענדיק מיט זיך אַ ביסל זאַכן.

מיין גליק האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. צוויי יאָר בין איך באמת געווען גליקלעך. מיר האָבן געלעבט אין אַ ליידיקן וואַגאָן וואָס דער סטאַנציע־שעף האָט אונדז געגעבן ווייל מיר האָבן נישט געקענט קריגן קיין דירה. ביסלעכווייז האָבן מיר איינגעקויפט אַ ביסל מעבל און אַנדערע נייטיקע זאַכן. אָבער, ווי געזאָגט, האָט דאָס גליק געדויערט נישט לאַנג. אין אים האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער וואָרעם פון אייפערזוכט און דאָס האָט צעשטערט אונדזער לעבן. כאָטש איך גאָט איז מיין עדות, אַז איך בין אים געווען געטריי. זיין אייפערזוכט־משוגעת האָט זיך מיט יעדן מאָל געשטאַרקט. ער איז אין שטוב זייער ווייניק געווען, ווייל צוליב זיין אַרבעט אַלס מאַשיניסט איז ער אָפּט אַוועקגעפאָרן אויף עטלעכע טעג און ווען ער איז צוריקגעקומען איז ער געווען שיכור און דעמאָלט פלעגט ער שרייען, אַז איך זיין אָפּוועזנהייט לעב איך מיט אַנדערע. ווען ער האָט געזען, אַז אַ מאַן קוקט אויף מיר האָט ער מיך חושד געווען, אַז יענער איז מיין געליבטער. די אייפערזוכט־סצענעס האָבן מיך באַליידיקט, ווי געטון און צעשטערט אונדזער לעבן.

איך האָב דערפון אַזויפיל געליטן, אַז איינמאָל איז מיר שוין איינגעפאַלן דער געדאַנק אים צו פאַרלאָזן און זיך אומקערן אַהיים. אָבער איך בין גע־ווען זיכער, אַז דער טאַטע וועט מיך נישט אַריינלאָזן אין שטוב. דעריבער האָב איך געליטן און געשוויגן. איך האָב געשוויגן אפילו דערנאָך, ווען ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט אהיימצוקומען, ווייל ער האָט זיך אָפּגעזוכט אַ צווייטע.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך דער משא־צוג וואָס ער האָט געפירט צוזאַמענגעשטויסן מיט אַ צווייטן צוג און ער איז דערהרגעט געוואָרן.

זי איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָנגעגאָסן זיך אויפסניי בראָנפן אין גלאָז און אויסגעטרונקען.

— און דערנאָך? — האָט איך געפרעגט.

זי האָט אויף מיר אויפגעהויבן אירע גרויסע שוואַרצע אויגן און מיך אָנגעקוקט מיט אַ מאָדנעם ווייטן בליק, וואָס איך האָב נאָך ביי איר נישט געזען און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט זי זיך אָפּגערופן:

— דערנאָך? כאַ, כאַ, כאַ, וואָס אינטערעסירט דיך דער דערנאָך? איך האָב, ווי זיין געזעצלעכע פּרוי באַקומען אַ חודשלעכע פּענסיע און פון דעם לעב איך. מער אינטערעסירט מיך גאָרנישט. אין אָנהייב איז מיר טאַקע געוועזן זייער שווער און איך האָב שוין געטראַכט אַריבערצוגיין צו אים אויף יענער וועלט. אָבער דערנאָך האָב איך אויסגעפונען צוויי וווּנדערבאַרע מיטלען וואָס דערהאַלטן מיך ביים לעבן. די מיטלען זענען: בראָנפן יעדן טאָג און אַ מאַן יעדע נאַכט. דאָס זענען גוטע מיטלען. זיי מאַכן פאַרגעסן אַלע צרות. פאָלג מיך, פּרוּוו אויס די דאָזיקע מיטלען און דו וועסט אויך דיינע צרות פאַרגעסן.

זי האָט זיך האַסטיק דערלאַנגט אַ שטעל אויף און מיך מיטגעצויגן מיט זיך. זי האָט זיך אויף גיך געבומען אויסטון, בלייבנדיק האַלב־נאַקעט און שלעפנדיק מיך צו זיך האָט זי באַדעקט מיין פּנים מיט אירע ווילדע קושן.

זי האָט מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן און לאַכנדיק געפרעגט:

— נו, איז אַזוי נישט בעסער? קום, איך וועל דיך מאַכן פאַרגעסן — און זי האָט מיך ווידער גענומען לײדנשאַפטלעך קושן.

אַ ווײַלע בין איך געשטאַנען ווי אַ צעטומלטער. דווקא אירע רייד וועגן פאַרגעסן האָבן מיך דערמאָנט סאַריטאַן און דאָס דערמאָנען זיך אין איר האָט מיך פּשוט משוגע געמאַכט. אָבער די היץ וואָס האָט געשלאָגן פון איר קערפּער האָט מיך פאַרשלונגען. אירע קושן און איר הייסער אָטעם האָבן מיך געבריט. איך האָב זיך געוואָלט באַפרייען פון אירע אָרעמס און נישט געקענט, ווי עס וואָלטן מיך פאַרלאָזן די כוחות און ווי מיין ווילן וואָלט זיך פון מיר אינגאַנצן אָפּגעטון.

מיינע הענט האָבן גענומען פיבערן איבער איר הייס לייב. צום ערשט לייכט און דערנאָך אַלץ פעסטער און פעסטער, ביז איך בין אַ באַרוישטער צוגעפאַלן מיט מיין מויל צו אירע זאַפטיקע ליפּן, צו איר לייב וואָס זי האָט מיר מיט אַ רייצנדיקער הפקרות אַנטקעגנגעטראָגן.

## 24

אויף צומאָרגנס, זענען מיר ווידער אויפגעשטאַנען שפּעט. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט האָט פון הויף שוין אַריינגעשמעקט דער ריח פון געבראָטנס און אַנדערע מאכלים — אַ סימן אַז עס איז שוין מיטאָג־צייט. איך האָב זיך אָנגעטאָן און אויך כוליאַן געהייסן זיך אָנטאָן, כדי מיר זאָלן ערגעץ גיין אָפּעסן. זי אָבער האָט נישט געוואָלט.

— האָסט איבעריק געלט? — האָט זי געפרעגט — טאָ גיב עס אַהער.

— באַלד גיב איך דיר געלט — האָב איך געענטפערט — נישטאָ קיין נאַראָנים.

— אַז דו האָסט נישט קיין געלט נאָך וואָס רופסטו מיך אין רעסטאָראַן?

— איך האָב נישט קיין געלט? נאַ, זע! — און איך האָב אַרויסגענומען דאָס פּעקל געלט און איר צוגעטראָגן ביז צו אירע אויגן און עס גלייך צוריק אַריינגעלייגט אין קעשענע.

זי האָט אַביסל פאַרזשמורעט די אויגן זאָגנדיק:

— נו, טייערינקער, פריִער וועלן מיר טרינקען עטלעכע מאַטעס. איך מוז ביים אויפשטיין טרינקען עטלעכע מאַטעס. דאָס איז כדי אַראָפּצושווענקען די גאַנצע ביינאַכטיקע חזיריי.

— אַז דו ווילסט, מאַך, וועלן מיר גיין דערנאָך.

איך האָב אויסגעטון דאָס רעקל און ווידער זיך אויסגעצויגן אויפן בעט. כוליאַ וועלכע האָט צוגעגרייט די מאַטע האָט באַמערקנדיק, אַז איך ליג שוין ווידער, זיך לאַכנדיק אָפּגערופן:

— זי געפעלט דיר, האַ?

— ווער?

— דאָס בעט?

מיר האָבן ביידע געלאַכט.

דערווייל האָט זיך אָנגעוואַרעמט דאָס וואַסער און זי האָט גענומען דער־לאַנגען די מאַטע און איך האָב ווי נעכטן זיך אַוועקגעזעצט לעבן טישל, וואָס איז געשטאַנען לעבן וואַנט פון אונדזער צימער. און בעת איך האָב דורך דעם מעטאַלענעם רערל אַריינגעצויגן אין זיך די צעשוימטע פליסיקייט איז מיך אויפסניי דער אומעט באַפאַלן. ביים האַרצן האָט מיך גענומען דריקן און ווען איך וואָלט זיך נישט געשעמט פאַר כוליאַן וואָלט איך זיך צעוויינט. איך האָב טאַקע דערפילט, אַז מיינע אויגן זענען פייכט געוואָרן. איך האָב זיך פאַר־טראַכט און פאַרטראַכטערהייט האָב איך געהאַלטן אין איין קוקן אויף דער וואַנט ווי איך וואָלט מיט מיינע בליקן זי דורכלעכערן און אַריינגיין אינע־ווייניק זען, וואָס דאָרט טוט זיך.

זי האָט עס באַמערקט און דוכט זיך, אַז זי האָט מיך פאַרשטאַנען, ווייל פון איר פנים איז פאַרשווונדן דער פאַרשייטער שמייכל און זי איז געוואָרן ערנסט.

— פאַרוואָס ביזטו אַזוי טרויעריק? — האָט זי מיך שטיל געפרעגט.

איך האָב איר דערלאַנגט די ליידיקע מאַטע־שאָל און קוקנדיק אויף דער וואַנט האָב איך געענטפערט:

— אויף יענער זייט וואַנט בין איך געבוירן געוואָרן און אָפּגעלעבט מיין גאַנצע קינדהייט און יוגנט און איצט...

איך האָב נישט דערענדיקט, ווייל איך האָב געזען ווי כוליאַ לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און איך האָב מיט אַ שלעכט פאַרגעפיל זי געפרעגט:

— ווייסטו עפּעס וועגן מיינע עלטערן? וועגן מיין מאַמע? איך קום שוין צו דיר דעם צווייטן מאָל און איך באַוויז אַלץ נישט צו פרעגן זייער נייעם אַדרעס, ווייל דו...

זי האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אירע גרויסע סאַמעטענע אויגן וואָס האָבן אויסגעדריקט צער און פאַרווונדערונג.

— זייער נייעם אַדרעס — האָט זי איבערגעפרעגט — וואָס דו ווייסט טאַקע נישט? הייליקע בתולה! און זי האָט זיך איבערגעצלמט.

איך האָב מיט כעס געענטפערט:

— ווען איך וואָלט געוווסט וואָלט איך דאָך ביי דיר נישט געפרעגט.

זי האָט אַוועקגעשטעלט די מאַטע און האָט זיך אַביסל אָפּגערוקט פון מיר. מיין האַרץ האָט האַסטיק גענומען קלאַפּן און איך האָב דערהערט איר שטים.

— יענעם אָוונט ווען מען האָט דיך אַרעסטירט בין איך נישט געוועזן אין שטוב, דאָס הייסט, איך בין געקומען פּונקט דאַן ווען מען האָט דיך מיט דיין טאַטן אַרויסגעפירט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז עפּעס נישט גוטס האָט

געטראָפן, אויב מען האָט אייךביידן אַרעסטירט. איך האָב געפרעגט ביי אַ שכנה, וואָס איז צוזאַמען מיט אַנדערע געשטאַנען לעבן אייער צימער (דאָס איז געווען דאָניאַ פּילאַמענאַ, די נייגעריקע וואָס אַלץ מוז זי וויסן) וואָס דאָ איז געשען. האָט זי מיר געענטפערט, אַז דער ייִדל דאָן כאָסע האָט זיך צעשלאָגן מיט זיין זון, מיט דיר, הייסט עס, און אַבי־געזונט — האָט זי אַ לאַכנדיקע געזאָגט — איצט וועלן מיר שוין פון זיי פּטור ווערן.

זי האָט נאָך נישט פאַרענדיקט דערציילן ווי עס האָט זיך דערהערט דער וואָיענדיקער פּייף פון דער „אַסיסטענסיאַ". די קאַרעטקע האָט זיך אָפּגעשטעלט פּונקט אַנטקעגן טיר און עס זענען גלייך אַריינגעקומען צוויי מענטשן אָנגעטאָן אין ווייסן. זיי זענען גלייך אַריין צו אייך אין צימער. איך בין אַריין מיט זיי און האָב געזען די מאַמע דיינע ליגן אויפן דיל אַ פאַרחלשטע. מען האָט זי אָוועקגעלייגט אויפן בעט און ווען דער דאָקטאָר האָט זי באַטראַכט האָט ער טרויעריק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און געזאָגט:

— „נאָ האי נאַדאַ קע האַסער" 1)

מען האָט גלייך אַריינגערופן דעם „אַלמאַסאַנעראָ" 2), וואָס איז דיין טאַטנס אַ פּאַיסאַנאָ 3) און אויפּצומאָרגנס נאָכמיטאָג האָט מען זי צוגענומען אין אַ גרויסן שוואַרצן אויטאָ, אַזאַ טויטן־וואָגן ווי ביי אונדז, נאָר אָנשטאָט אַ צלם האָט ער אויבן געהאַט אַן אַנדער סאָרט דריידל.

אין אַ דריי וואָכן אַרום — האָט זי ווייטער דערציילט — איז צוריקגעקומען דיין טאַטע. ער איז געווען נאָך דאַרער און איינגעהויקערטער ווי פריער. ווען מען האָט אים דערציילט, אַז דאָניאַ קלאַראַ איז געשטאָרבן האָט ער זיך צעוויינט און איז אַריין אין צימער ווו ער האָט זיך פאַרמאַכט אויף אַ גאַנצן מעת־לעת נישט אַרויס. דערנאָך איז ער אַרויס און איז צוריקגעקומען מיט נאָך צוויי מענטשן, וואָס האָבן באַטראַכט אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין צימער. דערנאָך איז צוגעפאָרן אַ לאַסט־אויטאָ און די מענטשן האָבן אויף אים אַרויפגעלייגט אַלץ וואָס ס'האָט זיך געפונען אין שטוב. דיין טאַטע האָט זיי אַלץ פאַרקויפט. דערנאָך איז ער אַוועק, לאָזנדיק דאָס צימער האַלב־אָפן. ער האָט זיך נישט אומגעקערט ביזן היינטיקן טאָג.

אַ צעוויייטיקטער בין איך געבליבן זיצן און שטאַרק געקוקט. מיין קאָפּ איז מיר געוואָרן הויל און פּוסט. אַ ווייטיק האָט מיך אָנגעכאַפּט ביים האַרץ. דער ווייטיק האָט זיך פאַמעלעך באַוועגט פון האַרץ ביזן האַלדז, ווו ער האָט זיך אַוועקגעלייגט ווי אַ קנויל וואָס האָט מיר פאַרכאַפּט דעם אָטעם. דערנאָך האָט אַ הייסער שטראָם טרערן זיך אַ גאָס געטון פון מיינע אויגן.

1) גאָרנישטאָ וואָס צו מאַכן; 2) שפּייז־קרעמער; 3) לאַנדסמאַן.

איך בין אַ פאַל געטון מיטן פּנים צום האַרטן ברעט פון טישל און געכליפּעט.
— מאַמע, מאַמע...

אין מוח זענען אויפגעגאַנגען אַ גאַנצע ריי בילדער פון מיין מאַמע. איך האָב דערזען, ווי זי זיצט אַן איינגעבויגענע איבער דער מאַשין און ווי איר האַלב־אויסגעלאָשענע אויגן קוקן אָנגעשטרענגט, אַז די נאָדל זאָל גיין גלייך. און אָט האָב איך זיך דערמאָנט די צייטן ווען קיין אַרבעט איז נישט געווען, אָדער ווען דער טאַטע איז געווען אַרעסטירט, דעמאָלט פלעגט זי זיך לייגן מיט מיר פרי, נישט עסנדיק קיין וועטשערע און זי האָט מיר דערציילט מעשהלעך וועגן צייטן ווען אָרעמע קינדער וועלן עסן צו דער זעט. אָט זע איך זי אין שפּיטאָל, אָט קומט זי אַריין מיטן טאַטן און דאָביאַ פּעפּאַן שווין פון שפּיטאָל. מיטאַמאָל האָב איך זי דערזען ווי זי ליגט אין מיינע אָרעמס אַ פאַרחלשטע בעת איך בין צוריקגעקומען פון מיליטער און אָט זע איך זי אין לעצטן מאָמענט ווי זי ליגט אויפן דיל אַ בלאַסע און די פּאָליציאַנטן פירן מיך און דעם טאַטן אַרויס פון שטוב.

מיטאַמאָל איז אין מיין מוח דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, פאַר וועלכן איך האָב זיך פון אָנהייב דערשראָקן איך האָב גענומען דערזען פּנימער אויף די ווענט. איך האָב גענומען זען מענטשן וואָס טייטלען אויף מיר מיט זייערע פינגער און שרייען:

מערדער! מערדער!

אָבער וואָס ווייטער האָט זיך דער געדאַנק איינגעגעסן אין מיר מיט מער עקשנות. איך בין געוואָרן ביי זיך זיכער, אַז איך בין שולדיק אין מיין מאַמעס טויט. ווען איך וואָלט זיך באַהערשט און עס וואָלט נישט געקומען צו דער דיסקוסיע און געשלעג מיטן טאַטן, וואָלט מיין מאַמע ביז היינט נאָך געלעבט. איך בין דעריבער געווען דער גורם פון איר טויט.

דער געדאַנק אַז איך בין שולדיק אין מיין מאַמעס טויט איז אויף מיר אַרויפגעגאַנגען מיט אַזאַ קלאָרקייט, אַז איך האָב דערפילט ווי אַ היץ באַשלאָגט מיך און אין קאָפּ האָט זיך אַלץ גענומען מישן.

אָט זע איך סאַריטאַן מיט אַרנאָלדאָן צווישן די פרעמדע, שרייענדיקע מענטשן. זיי קוקן מיך אָן און גייען אַוועק. איך וויל שרייען, רופן, אָבער זיי קוקן אויף מיר בייז און מיר דאַכט זיך אַז סאַריטאַ זאָגט:

— און איך האָב אים ליב געהאַט? ליב געהאַט אַ מערדער?

איך האָב גענומען שטאַרקער וויינען און שרייען און כוליאַ האָט זיך, ווייזט אויס, גוט דערשראָקן. זי איז צו מיר צו און מיך גענומען גלעטן און באַרויקן און איר קול איז גאָרנישט ענלעך געווען צו דעם פאַרשייטן קול

וואָס איך האָב ביז איצט פון איר געהערט. זי האָט זיך ביי מיר מיט צאַרט־קייט געבעטן:

— באַרויִק זיך, ראַול, ייִנגל מיינס, דו ביזט דאָך אַ מאַן. נו, וויין נישט, באַרויִק זיך.

זי האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט, צוגעפירט צום בעט און מיך אַוועקגעלייגט, צודעקנדיק מיך מיט אַ ליילעך. דערנאָך איז זי צוגעגאַנגען צו דער שאַפקע אין וועלכער זי האָט געהאַלטן דעם בראָנפן און מיר אָנ־געגאָסן אַ גלאָז בראָנפן:

— נאַ, טרינק, וועסטו זיך אַביסל באַרויִקן און איינשלאָפן.

איך האָב אָנגענומען דאָס גלאָז און מיט איין שלונג האָב איך אויסגע־טרונקען די ביטערע פליסיקייט. איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן ברי אין גומען און אין האַלדז און גלייך נאָך דעם האָט מיר אין קאָפּ גענומען רוישן, עס האָט מיר גענומען שווינדלען פאַר די אויגן וועלכע האָבן זיך גענומען קלעפּן און ווייזט אויס, אַז איך שטאַרק איינגעשלאָפן.

## 25

ווײַפֿל איך בין דאַן געשלאָפֿן געדענק איך נישט. איך האָב זיך אויפֿ־געכאַפּט, ווען איך האָב דערפֿילט, אַז עמיצער קערט מיך איבער אויף דער אַנדערער זײַט און אַ האַנט איז אַרײַן אין דער הינטערשטער קעשענע פֿון מײַנע הויזן. און כאָטש אין קאָפּ האָט נאָך גערוישט פֿון אויסגעטרונקענעם בראָנפֿן האָב איך מיר אָפּגעגעבן חשבון וואָס דאָ געשעט. עס איז קלאָר, אַז כוליאַ האָט געוואָלט אויסנוצן מײַן צושטאַנד, כדי מיך צו באַגנבֿענען. איך האָב זיך פּאַמעלעך אויסגעדרייט, האַלטנדיק די אויגן פֿאַרמאַכט. דאָך האָב איך געזען ווי זי האָט אַרײַנגעלייגט מײַן געלט צו זיך אין בוזעם. דעמאָלט האָב איך אינגאַנצן אויפֿגעעפֿנט מײַנע אויגן וועלכע האָבן זיך גלײַך צונויפֿ־געטראָפֿן מיט אירע. זי האָט מיך אָנגעקוקט אַביסל דערשראָקן. איך האָב זיך געמאַכט גלײַך איך ווייס גאָרנישט און אַ זאָג געטון:

— האַלאָ, שוואַרצינקע!

זי האָט מיך אַ רגע אָנגעקוקט פֿאַרשנדיק, ווי זי וואָלט זיך געוואָלט איבערצײַיגן צי איך ווייס וואָס זי האָט אָפּגעטון. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט זי אויף מיר גאָרנישט דערקענט, ווײַל אירע אויגן האָבן צוריקגעקריגן דעם נאָרמאַלן גלאַנץ און אויף איר פּנים האָט זיך גענומען אויסשפּרייטן אַ ברייטער שמייכל און זי האָט אַ לאַכנדיקע געזאָגט:

— האַלאָ, פּעפּער, אַזוי גיך שטייסטו אויף?

איך האָב נישט אַראָפּגענומען מײַנע אויגן פֿון איר, היטנדיק איר יעדע באַוועגונג. איך האָב מיטאַמאָל גענומען פֿילן צו איר אַן עקל און איך האָב געהאַט חשק צו געבן איר צו פֿילן מײַנע פֿויסטן. איך האָב אָבער זיך באַ־הערשט און אײַנהאַלטנדיק מײַן רויִקייט האָב איך איר אַ זאָג געטאָן:

— אַלײן איז אומעטיק צו ליגן. און איך האָב אויסגעשטרעקט צו איר מײַנע הענט.

אין אירע אויגן האָט גענומען פֿינקלען אַ גיריק פֿײַערל און אַ צעפּלאַמ־

טע האָט זי פּריִער אויסגעשטרעקט אירע הענט און דערנאָך זיך אַרויפגע־
לייגט אויף מיר מיט איר גאַנצן קערפּער.

איך האָב האַלטנדיק זי פעסט אין מיינע אָרעמס געוומען אַראָפּשלעפּן
פון איר די מלבושים, וואָס זי האָט מיר געהאָלפן מיט פיבערדיקע פינגער.
זי האָט זיך אין גאַנצן אונטערגעגעבן מיין ווילדן אָנגריף און זי האָט תאווה־
דיק געציטערט ווען זי איז געבליבן ליגן אַ נאַקעטע אויפן בעט.

— נו... קום... וואָס וואַרטסטו? — האָט זי מיך גערופן.

אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס איך בין אַליין אויך געווען צערייצט
פון איר נאַענטקייט און נאַקעטקייט, בין איך מיטאַמאָל אַראָפּגעשפּרונגען פון
בעט און אין מיינע הענט האָב איך געהאַלטן מיין געלט.

אַ ווײַלע האָט זי מיך אָנגעקוקט און ערשט דערנאָך האָט זי פאַרשטאַנען
וואָס דאָ איז געשען. איר פּנים איז געווען צונטער רויט. אירע אויגן האָבן
געשפּריצט מיט פייער. מיטאַמאָל איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, אויפ־
געעפנט אַ שופלאָד פון אַ נאַכט־טישל וואָס איז געשטאַנען לעבן בעט און
פון דאָרטן האָט זי אַרויסגענומען אַ קליינעם רעוואָלווער, וועלכן זי האָט אָנ־
געצילט אויף מיר.

— גיב צוריק — האָט זי אַרויסגעצישעט.

— און אַז נישט? — האָב איך געפרעגט קוקנדיק איר גלייך אין פּנים.

זי איז פּאַמעלעך צוגעגאַנגען נענטער צו מיר, היטנדיק מיין יעדע באַ־
וועגונג און האַלטנדיק דעם רעוואָלווער פעסט איינגעקלאַמערט אין איר
רעכטער האַנט.

— אַז נישט — האָט זי צווישן די ציין אַרויסגעזייט — וועסט שוין פון
פון דאַנען נישט אַרויסגיין קיין לעבעדיקער. וואָס האָסטו געמיינט — האָט
זי נאָך אַ קורצער פּויזע געזאָגט — אַז דו וועסט האָבן אַ פרוי אומזיסט?
דו זונהשער זון.

ווי נאָר זי האָט אַרויסגערעדט די לעצטע ווערטער האָט מיך באַהערשט
אַ ווילדע רציחה. איך האָב געפילט, אַז מיינע באַקן האָבן גענומען פלאַמען
און פון שטאַרקער אויפרעגונג האָב איך גענומען ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער.
זי האָט אָבער מיין ציטערן פאַרשטאַנען אַנדערש. זי האָט געמיינט, אַז איך
ציטער פון מורא און זי האָט זיך אָפּגערופן:

— האָסט מורא, האַ? גיב אַהער דאָס געלט, וועסטו קענען גיין צום
טייוול.

מיין אויפרעגונג איז נאָך שטאַרקער געוואָרן און איך האָב זיך שוין מער
נישט געקענט באַהערשן. אַליין נישט וויסנדיק ווי אַזוי האָב איך זיך אַ וואָרף
געטאָן אויף איר אָנכאַפּנדיק זי פאַר דער רעכטער האַנט וואָס איך האָב גע־

נומען שטאַרק דריקן ביז זי האָט אַרויסגעלאָזט דעם רעוואָלווער. דאַן האָב איך זי גענומען שלאָגן. פון די קלעפּ איז זי אומגעפאַלן און ערשט דעמאָלט האָב איך אויף איר אַ שפּיי געטאָן:

— נאַ, זונה!

זי האָט גענומען שרייען מיט באַנומענע קולות. אויף איר היסטערישן געשריי זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן די שכנים, וועלכע האָבן גערופן פּאָליציי און מען האָט אונדזביידן אַרעסטירט.

ווען מען האָט מיך אויסגעפרעגט אין קאָמיסאַריאַט האָב איך דערציילט דעם גאַנצן אמת און איך האָב אויך דערציילט, אַז ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק בין איך אַרויס פון וויזשאַ דעוואָטאַ, ווו איך בין אָפּגעזעסן זעקס חדשים און דאָס געלט האָט מיר אָפּגעגעבן דער טורמע־דירעקטאָר, ביי וועלכן מען קען זיך נאָכפרעגן צי איך זאָג אמת.

ווען איך האָב געענדיקט רעדן האָט זיך דער פּאָליציי־באַאַמטער שטאַרק צעלאַכט. ווען ער האָט געענדיקט לאַכן האָט ער געזאָגט, קוקנדיק גלייך אויף מיר:

— הייסט עס, אַז דו ביסט שוין אַן אייגענער ביי אונדז. — און ער האָט געהייסן אַ פּאָליציאַנט מיך אַריינפירן אין אַ צעל.

אַזוי האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ ניי, מישטיינסגעזאָגט, לעבן. יעדן טאָג האָט מען מיך גענומען פאַרשן פאַרוואָס איך בין באַפאַלן די פרוי כוליאַ פערעירא, און צי איך האָב געהאַט מיטבאַטייליקטע. אויך האָט מען מיך אויסגעפרעגט וועגן פאַרשידענע גנבות, אָנפאַלן און אַפילו מאָרדן. אַז איך האָב פּראָטעסטירט האָט מען מיך גענומען שלאָגן און אויף צום סוף, נאָך לאַנגע פּייניקונגען און אויספאָרשונגען האָט מען מיך פאַרמשפּט אויף אַ יאָר טורמע פאַר וועלן באַרויבן און פאַרגוואַלדיקן אַ פרוי.

## 26

ווען איך בין אַרויס אויף דער פריי האָב איך זיך געווינטשן דעם טויט ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין סענס ביי דער נשמה און ווי איבערצונעכ־טיקן. די ערשטע נאַכט האָב איך טאַקע געגעכטיקט אין אַ פּאַרלאָזטן וואַגאָן ערגעץ אויף אַ הינטערשטאַטישער באַנסטאַציע. אַזוי בין איך אַ הונגעריקער איבערגעשלאָפן די ערשטע נאַכט. אויף צומאָרגנס האָב איך זיך אַרומגעדרייט אַ גאַנצן טאָג אין ווייטע געגנטן ווי איך בין נאָך קיינמאָל נישט געווען. איך האָב נישט געוואָלט, אַז מען זאָל מיר טרעפן אין אַזאַ צושטאַנד און דעריבער בין איך אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אַ הונגעריקער און גערעדט צו זיך אַליין.

יאָ, איך האָב גערעדט צו זיך אַליין אַזוי ווי אַ משוגענער. אַזוי דאָס גאַנצע יאָר אין טורמע און אַזוי אויך איצט אויף דער פריי. איך האָב גע־האַלטן אין איין פירן דיסקוסיעס מיט זיך אַליין. די אַלע דיסקוסיעס מיט מיין טאַטן, דאָס שמועסן מיט דער מאַמען, סאַריטאַן, אַרנאַלדאָן, כוליאַן. אַלץ האָב איך איבערגעחזרט מיט זיך אַליין. און אַזוי רעדנדיק צו זיך אַליין בין איך צוגעקומען צו אַ בריק. איך האָב זיך איבערגעבויגן איבער דעם פּאַרענטש און איך האָב געזען אין וואַסער אָפּגעשפּיגלט מיין פּנים. אַ ווינטל האָט גע־נומען בלאָזן און צעשויבערט מיינע האָר און דאָס האָט געמאַכט, אַז איך זאָל מיין פּנים זען נאָך העסלעכער, ווילדער, ווי עס איז אין דער אמתן געווען. אַ קליין יאַכט־שיפל האָט זיך באַוויזן און פאַרשווונדן. עס האָט מיר פּלוצעם אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַ געדאַנק: מאַכן אַן ענדע! וויפל איז דער שיעור צו ליידן? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט.

— איך האָב אין מיין יונג לעבן שוין אַזויפיל געליטן. איך בין געוואָרן געפירט אויף אַ פאַלשן וועג און דעם ריכטיקן האָב איך אַליין געפונען. אַ גוטע יידישע טאָכטער האָט אין מיר דערוועקט די איידלסטע, מענטשלעכסטע גע־פילן — די געפילן פון אויפריכטיקער ריינער ליבע און איך האָב זי פאַרלוירן.

איך האָב פאַרלוירן זי און מיין מאַמען וואָס איך האָב צוזאַמען מיט סאַריטאַן אַזוי שטאַרק ליב געהאַט. דאָס זענען דאָך פּאַקטיש געווען די איינציקע צוויי מענטשן וועלכע איך האָב ליב געהאַט. און איצט האָב איך גאָרנישט, גאָר־נישט. איך בין קאַטאַלאָגירט אַלס פאַרברעכער. בלויז דו — האָב איך ווי געשעפּטשעט צום וואַסער — בלויז דו וועסט מיר באַפרייען... אויף שטענדיק באַפרייען... און אין אַזעלכע רעיונות און דמיונות האָב איך פלוצים דערזען מיין מאַמע. יאָ, מיין מאַמע! איר פּנים איז אַרויסגעשוווּמען צו מיר פון וואַסער און האָט אויף מיר געקוקט שטום ווי זי וואָלט זיך ביי מיר געבעטן רחמים. מיט דעם זעלבן בליק האָט זי אויף מיר אויך געקוקט יענעם לעצטן אָוונט פאַרן געשלעג מיטן טאַטן.

דער ווינט איז געוואָרן עטוואָס שטאַרקער און דאָס וואַסער האָט זיך גענומען כוואַליען. מיין מאַמעס פּנים איז פאַרשווּנדן אין די כוואַליעס און איך האָב זיך צעוויינט. איך קען אייך באמת נישט דערקלערן ווי אַזוי דאָס איז געשען. דער מענטש טוט אָפטמאָל זאַכן נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס ער טוט. ער ווערט פּשוט געפירט פון דעם פאַטום. דער מענטש איז אָפט־מאָל נישט מער ווי אַ גולם, וואָס טוט לויט עפּעס אַ פרעמדן ווילן. און דערי־בער איז אים דערנאָך אוממעגלעך צו דערקלערן פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָן און ווי אַזוי ער האָט דאָס געטאָן. אָט צום ביישפּיל ווען איך זאָל אייך איצטער וועלן דערקלערן ווי אַזוי איך בין געקומען אונטערן בריק — ווייס איך נישט. דאָס איינציקע וואָס איך ווייס יאָ איז, אַז ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט בין איך געלעגן אונטערן בריק, נאָענט פון וואַסער. אַ קאַלטער ווינט האָט געבלאָזן און ס׳איז מיר געוואָרן שטאַרק קאַלט. פון דער וויטנס האָט זיך דערהערט אַ קרייען פון הענער, אַ האַווקען פון הינט, אַ מוקען פון בהמות. די גאַסן־ליכטער זענען אויסגעלאָשן געוואָרן, אַזוי אויך די שטערן. בלויז איינער האָט זיך נאָך געזען, דער מאָרגנשטערן, וואָס האָט געוואַרט, אַז דער טאָג וואָס האָט זיך שוין גענומען אַרויסשיילן פון דער בלויקייט זאָל קומען צוזאַמען מיט דער זון און אים באַפרייען פון דער איינזאַמקייט.

מיטאַמאָל האָב איך דערפילט, אַז מיינע קישקעס האָבן מיך אַ צי געטאָן צו דער ערד און אונטערן האַרצן האָב איך געשפּירט אַ נאָגעניש. איך האָב פון ביידע הענט געמאַכט אַ מולטערל אָנצונעמען וואַסער און אַזוי האָב איך זיך אָנגעטרונקען. איך האָב געפילט ווי דאָס וואַסער פאַלט אַריין אין מיינע ליידיקע קישקעס און אַ וווייל האָט דער הונגער זיך איינגעשטילט. אָבער דאָס איז געווען נאָר אויף אַ רגע, ווייל אין די קישקעס האָט מיר גענומען נאָך מער ציִען און אונטערן האַרצן נאָך שטאַרקער צו נאָגן. איך האָב באַשלאָסן צוריקצוגיין אין שטאָט. ווו?, צו וואָס? און נאָך וואָס? — דאָס האָב איך נישט

געוווסט. איך האָב זיך געלאָזט גיין גלאַט אין דער וועלט אַריין און בעת איך האָב זיך פּאַמעלעך געשלעפּט איבער די טראָטואַרן זענען מיינע בליקן געפאַלן אויף אַ מיסט־בלעך, אויף וועלכער עס זענען געלעגן שטיקלעך ברויט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די שטיקלעך ברויט האָבן צו מיר געשמייכלט. ווי זיי וואָלטן זיך געבעטן: נעם אונדז אַרויס פון דאַנען. איך האָב זיך אַרומ־געקוקט צי קיינער זעט נישט און אויף גיך זיי אַ כאַפּ געטון. איך האָב אין דעם מאָמענט געפילט ווי איך ווער רויט. איך האָב דאָס ברויט באַהאַלטן אין קעשענע און מיט גיכע טריט זיך דערווייטערט. איך בין כמעט ווי גע־לאָפן. ווען איך בין צוגעקומען צו אַ סקווער האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק און דאָרט האָב איך דאָס ברויט אויפגעגעסן.

איך בין זיך מודה, אַז דעם טעם פון יענעם ברויט וועל איך געדענקען מיין גאַנצן לעבן. קיינמאָל האָב איך נאָך נישט געפילט אַזאַ הנאה אין ברויט. דאָס טרוקן שטיקל ברויט האָט געהאַט אַלע טעמים.

און ווי זאָגט מען דאָס, עס איז נאָר שווער דער אָנהייב. ביסלעכווייז האָב איך גענומען באַקומען דעם נאָרמאַלן אויסזען פון אַ וואַגאַבונד. מיט יעדן טאָג בין איך געוואָרן מער פאַרוואקסן, מער שמוציק און מער אָפּגעריסן. איך האָב זיך שוין אויפגעהערט צו זאָרגן וואָס מיט מיר וועט מאָרגן זיין. עס האָט מיר שוין גאָרנישט נישט אינטערעסירט. ביסלעכווייז האָב איך זיך אָפּגעזוכט הייזער וווּ מען פלעגט מיר געבן עפּעס צו עסן פאַר געוויסע שוואַרצע אַרבעטן

אַזוי האָב איך זיך ביסלעכווייז צוגעווינט צו אַלץ, אַפילו צו די אָפּטע קלעפּ וואָס איך פלעג קריגן, איבערהויפּט פון די פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן מיט זייערע שטעקנס מיך געטריבן פון די באַלעבטע גאַסן.

און, ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, האָב איך דאָס אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. אַפילו מיט אַ געוויסער צופרידנקייט ווייל איך האָב אָנגענומען די אַלע קלעפּ און באַליידיקונגען, די אַלע ליידן אַלס שטראָף פאַר מיין מאַמעס טויט, אין וועלכן איך האָב זיך געפילט שולדיק.

## 27

ראַול איז שטיל געוואָרן. דורך דעם אָפֿענעם פֿענצטער האָט אַריינגע־בלאָזן אַ קיל, פֿרימאָרגן־ווינטל. פֿון דעם ווייטן האָריזאָנט האָט זיך שוין גע־נומען אויסשיילן דער טאָג. פֿון דרויסן האָבן זיך דערטראָגן די פֿרימאָרגנ־דיקע קלאַנגען פֿון אויפֿשטייענדיקער שטאָט. מילך־צעפֿירער האָבן זיך אָפּגע־שטעלט לעבן הייזער און מיטן בייטש־שטעקן גענומען קלאַפּן אין זייערע וועגעלעך, שרייענדיק דערביי:

— לעטשעראָ!*)

גרינס און פֿרוכט־פֿאַרקויפֿער האָבן אויסגעשריגן זייערע סחורות מיט אַן איטאַליענישן אָדער אַראַבישן אַקצענט. צייטונגס־פֿאַרקויפֿער האָבן אויס־גערופֿן זייערע פֿרימאָרגן־צייטונגען. אויף די שויבן האָבן אויפֿגעגלאַנצט די ערשטע שטראַלן פֿון דעם אויפֿגייענדיקן טאָג.

אַזוי ווי די גאַנצע נאַכט אַזוי האָב איך אויך איצט נישט אַראָפּגענומען מיינע אויגן פֿון ראַולן. ער איז געזעסן טיף אַראָפּגערוקט אין פֿאָטעל, דעם רעכטן עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויפֿן פֿאָרענטש און מיט דער האַנט האָט ער זיך צוגעהאַלטן דעם שטערן, קוקנדיק אַראָפּ צום דיל. איך האָב אים אָנגע־קוקט. זיין בלאַס, לענגלעך פּנים האָט זיך מיר איצט אויסגעוויזן נאָך לענג־לעכער און נאָך בלאַסער און זיינע גרויסע אויערן זענען נאָך גרעסער געוואָרן.

— און וואָס רעכנט איר איצט צו טאָן? — האָב איך געפֿרעגט, איבער־רייסנדיק די שווערע שטילקייט וואָס האָט זיך געשטעלט אין צימער נאָך זיין דערציילן. ער האָט געעפֿנט זיינע גרינלעכע אויגן וואָס האָבן מיך דערשראָקן אָנגעקוקט, און איך האָב געזען אַז זיי זענען פֿייכט.

— וואָס איך רעכן איצט צו טאָן? — האָט ער מעלאַנכאָליש איבערגע־פֿרעגט און גלייך צוגעגעבן:

---

*) מילך־צעפֿירער.

— איך האָב אייך שוין נעכטן אין אָוונט געזאָגט, אַז איצט איז מיר נאָך ערגער ווי פריִער... פריִער האָב איך אַלץ אָנגענומען פאַר ליב. ווי אַ שטראָף פאַר מיינע באַגאַנגענע זינד. אָבער איר האָט מיך ווי מיט גוואַלד אַרויס־געריסן פון דעם תהום. און וואָס קען איך איצט טאָן?

די ווערטער האָט ער אַרויסגערעדט פּאַמעלעך און אָפּגעהאַקט, מיט אומ־נאַטירלעכע פּויזעס צווישן איין וואָרט און דעם צווייטן. און אין זיין פרעגן איז געלעגן אַזויפיל ווייטיק און אַזויפיל הילפלאָזיקייט, אַז עס האָט מיר פּשוט גערירט ביז טרערן.

— ראַול — האָב איך זיך אָפּגערופן — גלויבט מיר, אַז פון מיין גאַנצן האַרצן וויל איך אייך העלפן. איך וויל עס טאָן צוליבן פּשוטן טעם, ווייל איך האַלט עס פאַר מיין חוב, כאָטש איך קען אייך קיין גליקן נישט צוזאָגן, ווייל קיין גביר בין איך נישט. נאָר אויב איר ווילט קענט איר מיטפאָרן מיט מיר און איר וועט טאָן דאָס וואָס איך טו: ס׳הייסט האַנדלען... מיטן „פּעקל" און וואָס עס וועט זיין מיט כל ישראל וועט אויך זיין מיט...

איך האָב נישט פאַרענדיקט ווייל איך האָב פּלוצעם דערזען ווי ער כאַפּט מיין לינקע האַנט און באַדעקט זי מיט קושן. פון זיינע אויגן זענען אויך גערונען טרערן, וועלכע זענען געפאַלן אויף מיין האַנט.

איך האָב אַ ריס געטאָן מיין האַנט זאָגנדיק:

— וואָס איז מיט אייך, ראַול, דאָס פּאַסט פאַר אַ ייִדענע.

ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגן, זיך אויפגעשטעלט און גענומען אַרומשפּאַנען איבערן צימער. ענדלעך האָט ער זיך צוריק אַוועקגעזעצט אויף זיין פריִערדיקן אָרט און קוקנדיק מיר גלייך אין פּנים האָט ער געזאָגט:

— ניין, מיין פריינט. איך קען נישט זיין קיין שטענדיקער לאַסט פאַר אייך. איר האָט פאַר מיר שוין אַזויפיל געטאָן, אַז איך וועל דאָס אייך קיינמאָל נישט קענען פאַרגעסן. גלויבט מיר, אַז איך דאַנק אייך פאַר אַלץ פון טיפן האַרצן. אָבער — איך מוז בלייבן דאָ.

— פאַרוואָס מוזט איר בלייבן דאָ? — האָב איך אַ דערשטוינטער גע־פרעגט.

— ווייל דאָ וועל איך אפשר נאָך קענען...

— וואָס ?

— אָפּזוכן סאַריטאַן.

זיין ענטפער האָט מיך שטאַרק איבעראַשט.

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ראַול, איך פאַרשטיי אייך נישט. איר האָט מיר געהאַט דערציילט, אַז סאַריטאַ איז אַוועקגעפאָרן קיין ישראל און זי

געפינט זיך אין אַ קיבוץ, ווי אַזוי־זשע קלערט איר זי אָפּצוזוכן דאָ אין דער שטאָט ?

מיט אַ זיכערקייט אין זיין קול האָט ער מיר געענטפערט מיט אַ פּראַגע :

— פאַרוואָס נישט ? איך וועל זי נישט זוכן דאָ, נאָר דאָרט ווו זי געפינט זיך.

מיין איבערראַשונג איז געוואַקסן. איך האָב נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי ער וועט מאַכן אַזאַ רייזע נישט האָבנדיק קיין געלט.

— ווי אַזוי וועט איר דאָס באַווייזן — האָב איך אים געפרעגט.

— ווי אַזוי ? — האָט ער איבערגעפרעגט, — איך האָב אייך דערציילט, אַז איך בין טעטיק געווען צוזאַמען מיט סאַריטאַן און אַרנאָלדאָן אין אַ ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס דורך איר האָט סאַריטאַ עולה געווען.

— נו ?

— רעכן איך זיך ווענדן צו אַרנאָלדאָן...

— מיינט איר — האָב איך אים איבערגעשלאָגן — אַז אַרנאָלדאָ וועט אייך געבן...

אויף זיינע דינע ליפּן האָט זיך באַוויזן אַ סאַרקאַסטישער שמייכל.

— איר פאַרשטייט מיך נישט, מיין פריינט — האָט ער דערנאָך געזאָגט — מיר איז אַפילו נישט איינגעפאַלן צו גיין צו אַרנאָלדאָן בעטן אויף רייזע־הוצאות. אָבער איך וועל אים דערציילן דעם אמת, דעם גאַנצן אמת, פאַרוואָס איך בין נישט צוריק געקומען לויט דעם ווי מיר האָבן זיך דעמאָלט אָפּגערעדט. נאָך אַלעמען איז ער דאָך אויך אַ מאַן און איך האָף, אַז ער וועט מיר פאַרשטיין און גלייבן און מיט זיין הילף אין דער אָרגאַניזאַציע וועט מיר אפשר געלונגען פאָרן פריִער אויף הכשרה און דערנאָך עולה־צו־זיין !

— מיינט איר, אַז אַרנאָלדאָ וועט אייך גלייבן ?

באַגיסנדיק זיך מיט אַ רויטקייט האָט ער גלייך געענטפערט :

— אַרנאָלדאָ קען מיך און וויס אַז איך בין נישט קיין פאַנטאַזיאָר אָדער ליגנער...

ער איז געווען שטאַרק אויפגערעגט און איך האָב באַמערקט, אַז ער וויל זיך באַהערשן. און כדי אים צו באַרויִקן האָב איך אָפּגערופן :

— ראַוּל, איך גלייב, אַז איר וועט נישט צווייפלען אין מיין אויפריכטיקייט. איך האָב אייך באמת נישט געוואָלט ווייט טון. אָבער מיין פראַגע איז דאָך געווען, גלייב איך, אויפן אָרט, ווייל נאָך דעם, ווי איינער ווערט פאַרשוווּנדן אויף אַזאַ מיסטעריעזן אופן ווי איר, מוז ער דערוועקן אפילו ביים נאָענטסטן פריינט אַ חשד.

אויף ראַולס פּנים האָט זיך אויסגעגאָסן אַ טרויער. מיינע ווערטער האָבן, זעט אויס, אַ תּל געמאַכט פון אַלע זיינע אילוזיעס און האָפענונגען.

— וואָס מיינט איר — האָט ער טרויעריק שטיל געפרעגט — דאַרף איך איצט טון?

— וואָס? — האָב איך איבערגעפרעגט און גלייך צוגעגעבן: — איר דאַרפט טון דאָס וואָס איר האָט באַשלאָסן.

ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַ פראַגע. פון זיינע גרינלעכע קליינע אויגן האָט געגומען אַרויסשיינען אַן אומרויִק פייערל. זיין פאַרכמורעט פּנים האָט זיך ביסלעכווייז גענומען אויסלייטערן. און לסוף אויפגעשיינט מיט אַ שמייכל.

— מיינט איר — האָט ער געפרעגט ציילנדיק די ווערטער — אַז אַר־נאָלדאָ וועט נישט צווייפלען?

איך האָב געענטפערט:

— פאַרוואָס זאָל ער צווייפלען? ער קען דאָך אייך און אַחוץ דעם וועל איך אפשר אייך קענען מיט עפּעס העלפן. איך האָב אַ געדאַנק — האָב איך פּלוצים געזאָגט — באַקענט מיך מיט אַרנאָלדאָן.

ער האָט מיר אויף דעם נישט באַלד געענטפערט. נאָר אַ צעשטראַלטער האָט ער אַריינגענומען מיינע הענט אין זיינע און זיי שטאַרק געדריקט.

נישט קוקנדיק אויף דער מידקייט נאָך אַ גאַנצער נאַכט נישט שלאָפן האָב איך באַשלאָסן אַרויסגיין מיט אים אין גאַס כּדי תּיכּף אָפּצוזוכן אַר־נאָלדאָן.

—לאָמיר זיך אַרומוואַשן — האָב איך געזאָגט — און מיר וועלן אַרויס־גיין אין גאַס. מיר וועלן זען וואָס מיר קענען טאָן.

ער האָט מיר אויף דעם נישט געענטפערט. נאָר ער איז גלייך אַריין אין באָד־צימער. אין עטלעכע מינוט אַרום איז ער אַרויס אַן אַרומגעוואַשענער און פאַרקאַמטער, קוקנדיק אויף מיר מיט טרויעריקע בליקן.

בעת איך בין געשטאַנען אין באָד־צימער און זיך איינגעזייפט מיין באָרד צום ראַזירן האָב איך אין שפּיגל געזען ווי ער איז שטיין געבליבן ביים אַריינגאַנג און נאָך אַ ווײַלע טראַכטן האָט ער זיך אָפּגערופן שטיל:

— הער לייב, איך וויל אייך עפּעס זאָגן...

— וואָס איז? — האָב איך געפרעגט, קוקנדיק אויף אים אין שפּיגל.

— גלייבט מיר — האָט ער געזאָגט — אַז איך בין אייך זייער דאַנק־באַר פאַר אַלץ וואָס איר האָט פאַר מיר געטון. כאָטש ס׳וואָלט אפשר געווען בעסער ווען איר טרעפט מיך נישט און איר וואָלט ווייטער אָפּגעקומען פאַר מיינע באַגאַנגענע זינד... אָבער איך מיין, אַז עס וועט זיין בעסער איך זאָל זיך טרעפן מיט אַרנאָלדאָן אַליין... וועט ער מיר גלייבן, איז גוט, און אויב

נישט איז אַ סימן, אַז איך האָב נאָך נישט באַצאָלט דעם פולן פּרייז פאַר מיינע זינד... און דאָס הייסט, אַז איך מוז נאָך ליידן,

ער האָט זיך געלאָזט צו דער אַרויסגאַנג־טיר.

מיט דער אָנגעזייפטער באָרד בין איך אַרויס פון באָד־צימער און נאָך באַוויזן אים צו פאַרהאַלטן ווען ער איז שוין געשטאַנען אין דער אָפענער טיר.

— איין מינוט, ראַול — האָב איך געזאָגט — וואָס איז דער געאײַל? זעצט זיך אַ ווײַלע וועלן מיר שמועסן.

ער האָט מיר טרויעריק אָנגעקוקט. ער איז צוריק אַרײַן און זיך אַוועק־געזעצט אויף זיין פריערדיקן אָרט. איך האָב מיטן האַנטוך אָפּגעווישט די מולינעס פון מיין פּנים און זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים.

— מיינט נישט — האָב איך זיך אָפּגערופן נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, אַז צוליב מיין האַנדלונג לגבי אייך, וועל איך זוכן זיך צו אימפּאָנירן. ניין, איך וואָלט זיך נישט באַרעכטיקט דאָס צו טון. אָבער איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך קען בשום אופן נישט פאַרשטיין אייער האַנדלונג.

איך בין אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן, וואַרטנדיק, אַז ער זאָל מיר עפּעס זאָגן, אָבער זעענדיק, אַז ער שווייגט, האָב איך פאָרגעזעצט:

— איך וויל האָפן, אַז איר צווייפלט נישט אין מיין אויפריכטיקייט. איך האָב נישט קיין אַנדערע כוונה, ווי נאָר אויסצושטרעקן אַ מענטשלעכע האַנט צו איינעם וואָס געפינט זיך ביים ראַנד פון אומקום. ווייל פון דעם תהום אין וועלכן איר האָט זיך געפונען איז זייער זעלטן, אַז איינער זאָל זיך ראַ־טעווען. איך האָב אייך שוין געזאָגט נעכטן אין אָוונט, אַז איר מוזט זיך נעמען אין די הענט. איר מוזט זיך אַרויסשלאָגן די איינרעדעניש, אַז צוליב אייך איז אייער מאַמע געשטאָרבן. עס איז אַן אַבסורד — כדי נישט צו זאָגן עפּעס אַנדערש. און כאָטש איך בין נישט קיין פאַטאַליסט, דאָך מוז איך אייך זאָגן — אורטיילנדיק לויט דאָס וואָס איר האָט מיר דערציילט, אַז אייער מאַמע איז געשטאָרבן, ווייל עס האָבן זיך איר געענדיקט די כוחות... איר האָט דאָך אַליין געזאָגט, אַז אייער מוטער האָט אַ גאַנצן לעבן געליטן און אַז זי איז שטענדיק קראַנק געווען.

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן:

— מיינט איר אַזוי?..

זיין פּראַגע, ווי זיין פּנים האָבן אויסגעדריקט צווייפל.

— ניט איך מיין, — האָב איך געענטפערט מיט אַ זיכערע שטימע — נאָר איך בין זיכער! איך בין איבערצייגט! פאַרוואָס זאָל אַזאַ יונגערמאַן ווי איר נעמען אויף זיך אַ פאַרברעכן וועלכן איר זענט נישט באַגאַנגען?

איר זענט גאָרנישט שולדיק, ווייל ווען אייער פּאָטער וואָלט נישט געבראַכט צו דעם וואָלט...

— ניין, ניין! — איז ער מיר אַריינגעפאַלן אין די רייד — איך בין שולדיק, איך בין איר מערדער! צוליב מיר איז זי געשטאָרבן, צוליב מיר — און ער האָט זיך ווידער צעוויינט.

פּלוצים האָב איך זיך אויפגעשטעלט און אויך ראַוּלן האָב איך מיט גוואַלד אויפגעשטעלט, אַ שלעפּ טוענדיק אים מיט כוח ביי די הענט און מיט כעס אויף אים אַ געשריי געטון:

— הערט שוין אויף צו וויינען!

איך האָב דערזען ווי זיינע פאַרוויינטע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט דער־שראָקן. זיין טרויעריק פּנים איז געוואָרן נאָך טרויעריקער און זיין קערפּער האָט געציטערט. איך האָב געזען, אַז מיין געשריי האָט אים שטאַרק פאַר־חידושט און וויי־געטון. ער האָט מיר אָבער גאָרנישט געענטפערט.

ביסלעכווייז האָט ער גענומען קומען צו זיך. ער האָט זיך אויסגעווישט די אויגן, דאָס פּנים האָט צוריק באַקומען זיין נאָרמאַלן בלאַסן שיין. ער האָט זיך אויך צורעכט געמאַכט דעם אויסבינדער און דאָס רעקל.

— עס וועט זיין בעסער — האָט ער געזאָגט אויסשטרעקנדיק מיר זיין האַנט — אַז איך זאָל שוין גיין...

איך בין אים אַריינגעפאַלן אין די רייד, זאָגנדיק:

— ראַוּל, איך האָב אייך נישט געמיינט צו באַליידיקן; אויך נישט וויי־טון. איך פאַרשטיי אייך. און אויב איר ווילט דווקא גיין אַליין, בנ גייט און זייט מצליח... אָבער איידער איר גייט אַוועק, וועל איך אייך זאָגן נאָך עט־עטלעכע ווערטער: שלאָגט אייך אַרויס פון קאָפּ אייער איינרעדעניש. יעדעס מאָל ווען דער געדאַנק קומט אייך אַריין אין קאָפּ אַריין פאַרטרייבט אים פון זיך.

אין זיינע גרינלעכע אויגן האָט געגומען שיינען אַ פייערל. מיט דאַנק־באַרע בליקן האָט ער מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און ער האָט מיך פּלוצים אַרומגענומען.

איך האָב גענומען זיין האַנט און געזאָגט:

— גייט און געדענקט וואָס איך האָב אייך אָנגעזאָגט. רעדט מיט אייער חבר אויפריכטיק. מעגלעך, אַז ער וועט אייך פאַרשטיין. איך באַדויער וואָס איך קען מער וועגן דעם גאָרנישט טון, אויב אָבער — האָב איך נאָך אַ קורצער פויזע צוגעגעבן — איר וועט מיך דאַרפן וועט איר זיך מוזן אָראָפּ־כאַפּן צו מיר קיין טוקומאַן, ווייל איך פאָר שוין היינט אַוועק. נאַט אייך מיין אַדרעס — און איך האָב אים דערלאַנגט מיין וויזיט־קאַרטל.

ער האָט גענומען מיין וויזיט־קאַרטל און אַ דערשטוינטער אויסגע־שטאַמלט:

— איר פאָרט היינט אַוועק?

— יאָ, מיין פריינט, איך פאָר אַוועק צוריק צו מיין פאַמיליע, צו מיין אַרבעט.

איך האָב געזען, אַז דאָס האָט אים שטאַרק און ווייטיקלעך איבעראַשט. איך האָב עס געזען פון זיינע פייכט־געוואָרענע אויגן וואָס האָבן געקוקט אויף מיר. איך האָב עס געזען פון זיין פּנים אויף וועלכן עס האָבן זיך גע־ביטן די קאָלירן, פון זיין בלייבן ווי צוגעשמידט צום אָרט און פון דעם מאָד־נע באַוועגן מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגן און זיין קול וואָלט אים נישט געדינט...

איך האָב באמת באַדויערט וואָס איך האָב נישט געקענט בלייבן אין בוענאָס איירעס נאָך עטלעכע טעג כדי צו קענען העלפן דעם אומגליקלעכן, הילפלאָזן בחור איינגאַנצן זיך אַרויסרייסן פון דעם תהום און העלפן אים פאַרווירקלעכן זיינע צוויי הייליקסטע ווונטשן: פאָרן קיין ישראל און זיך טרעפן מיט סאַריטאַן, מיט אָט דעם מיידל אַ דאַנק וועלכער ער איז אַרויף אויף אַ געזונטן יידישן וועג און צוליב וועלכער ער האָט אַזויפיל געליטן אין זיין הייסער ליבשאַפט צו איר.

איך האָב אים נאָך אַמאָל אויסגעשטרעקט מיין האַנט וועלכע ער האָט אַריינגענומען אין זיינער און שטאַרקער, שטאַרק געדריקט, מורמלענדיק:

— איך דאַנק אייך. איך דאַנק אייך. גאָט זאָל אייך באַצאָלן!

דערנאָך איז ער גיך אַרויס פון צימער און איז אַוועק.

אַ מידער האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט אין דעם זעלבן פאָטעל אין וועלכן איך בין אַ גאַנצע נאַכט געזעסן און זיך איינגעהערט צו דער דערציילונג פון אַ צופעליק־באַקאַנטן מענטש. אין קאָפּ איז מיר אויפגעגאַנגען אַלץ וואָס איך האָב געזען און געהערט אין די לעצטע פיר און צוואַנציק שעה.

(סוף פון ערשטן טייל)

## 1

שוין צענדליקער יאָרן, אַז עס קומען אָן די חדשים אַפּריל־מאַי הײבן טאָג־טעגלעך אָן אָנצוקומען קײן טוקומאַן, אין אָט דער װוּנדערבאַרער אַרגענטינער צפון־פּראָװינץ, װעלכע מען רופט אָן מיט רעכט: דער גאָרטן פון דער רעפּובליק, זײער פיל װוּנדעדאָרן. אַ סך פון זײ קומען װי „אָפּיצירן" און „מאַטראָסן". דאָס מײנט פּשוט, אַז זײ פאַרשטעלן זיך װי אַזעלכע און זײ גײען פאַרקױפן מכלומרשטן קאָנטראַבאַנד און מיט דעם „טריק" כאַפּן זײ גיכער אַ „פּיש", װעלכער מײנט, אַז ער כאַפּט אַ מציאה. די „מאַטראָסן" װערן באַגלײט פון „ציװילע", װעלכע גילטן װי זײערע „איבערזעצער". עס קומען אױך אָן „פּעכאָטניקעס", ד״ה פוסגײער, װעלכע גײען אַרום באַלאָדענע מיט װאַליזעס און פּעק פאַרשידענע סחורות איבער די שטעט און שטעטלעך, „אינגעניאָס"[1] און קאָלאָניעס. אַלע קומען זײ „אַרבעטן" „קאָסעטשע"[2] דאָס מײנט פּשוט: זײ קומען פאַרקױפן זײערע סחורות.

אױך דאָס יאָר זענען, װי תמיד אָנגעקומען אַ גרױסע צאָל „װוּנדעדאָרן", װאָס די מערהײט פון זײ זענען מיר שױן געװען באַקאַנט, װײל זײ קומען יאָר־אײן, יאָר־אױס כסדר „אָפּאַרבעטן" די פיר, פינף חדשים בעת װעלכע מען שנײדט די צוקער־רערן און מען פאַבריצירט דעם צוקער. אָבער צװישן דעם גאַנצן שטאַב געקומענע „װוּנדעדאָרן" האָבן איך דאָס־מאָל דערזען אַ מענטש װעלכן איך האָב איצט געזען צום ערשטן מאָל.

ער איז געװען עטװאָס העכער פון מיטעלן װוּקס. אַ דאַרער מיט אַ שפּיציק שיטער באַװאַקסן ביר־געלן בערדל, דינע ליפּן, װאָס די אָפּגעלאָזענע װאָנצעס האָבן פאַרשטעלט, מיט אַ בײנערדיקער שפּיציקער נאָז צװישן אַ פּאָר קלײנע װאַסערדיקע אױגן, װאָס האָבן געקוקט מילד. די רעכטע פּלײצע האָט ער געהאַט אַ ביסל אײנגעהױקערט. גערעדט האָט ער, אין קאָנטראַסט מיט זײן אױס־

---

1) צוקער־פאַבריקן; 2) שניט־צײַט

זען, מיט אַ האַרטער בּאַסאָווער שטימע, וואָס ער האָט זיך אָנגעשטרענגט צו מאַכן ווייכער, סיי ווען ער האָט גערעדט מיט באַקאַנטע (אגב, ער האָט זיך זייער ווייניק אָפּגעגעבן מיט שליסן באַקאַנטשאַפטן, ווי בכלל רעדן מיט מענטשן) און סיי ווען ער האָט אין זייער ווייניק אויסנאַמען — אָנגעבאָטן זיינע סחורות. און ווען ער האָט דאָס יאָ געטון, איז עס שטענדיק געווען שטיל און אָפּגעהאַקט.

געגאַנגען איז ער זייער פּאַמעלעך, טראָגנדיק אין זיין רעכטער האַנט אַ קליינע וואַליזע און אָנגעהאנגען אויף זיך — מיט אַ פּאַס אַרום האַלדז — אַ פּלאַטשיק קעסטל, געמאַכט אין דער פאָרם פון אַ וואַליזע, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען: זאָקן־שלייקעס, פּאַסיקלעך, ראַזיר־מעסערלעך און בערשט־לעך צום איינזייפן די באָרד, טיכעלעך און פאַרשידענע ווייבערישע באַפּוצונגען, ווי למשל: שפּילקעס, אויר־ינגל'עך, שנירל'ך, פּאַלשע קרעלן, פינגערלעך אאַ״וו. אויף דער לינקער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ פּעקל צענומענע קראַוואַטן. די סחורות האָט ער אָנגעבאָטן — ווען ער האָט עס שוין יאָ געטון — אַזוי שטיל, אַז מען האָט געדאַרפט שטיין זייער נאָענט פון אים, כדי צו הערן, וואָס ער באָט אָן. ער האָט דאָס געטון אין אַזאַ פאָרם, וואָס האָט געבערענגט צו טראַכטן, אַז ער שעמט זיך דאָס צו טון...

ווען איך האָב אים דאָס ערשטע מאָל דערזען — דאָס איז געווען אין „טרינידאַד" 1) איז ער געגאַנגען, ווי זיין שטייגער איז געווען, פּאַמעלעך און באַוועגט מיט די ליפּן, ווי ער וואָלט תפילה געטון. ער איז געגאַנגען און גע־טאָפּטשעט אין די בלאָטעס און אויף קיינעם זיך נישט אומגעקוקט, ווי ער וואָלט געווען זיכער, אַז קיינער דאַרף נישט אים און נישט זיינע סחורות...

— אָרעמער מענטש — האָב איך צו זיך אַליין אַ זאָג געטון, באַ־טראַכטנדיק אים. איך האָב שוין געוווּסט פון דער פּראַקטיק, אַז פון אַזאַ אַרומ־גיין קען מען קיין פּרנסה נישט האָבן. ווייל סחורות מוז מען אָנבאָטן און אַפילוביים פאַרקויפן צושטיין, ווי מען זאָגט, אויף „גוואַלד". און וויפל מאָל דאַרף מען זיך מאַכן צו־נאַר, כדי צו לייזן? אָבער אַז ער גייט אַרום אַזוי־אָ, וואָס־זשע פאַר אַ מסחרים קאָן ער שוין מאַכן?

ער האָט מיך גענומען פאַראינטערעסירן, עפּעס מאָדנע פאַראינטערעסירן. און ביזן היינטיקן טאָג קען איך זיך נישט דערקלערן, וואָס האָט מיך מער געצויגן צו אים: צי די נייגעריקייט צו וויסן ווער ער איז און פאַרוואָס ער שווייגט אַזוי? אָדער דער ווילן אים אויסצושטרעקן אַ האַנט און אים מיט־העלפן אין דער אַרבעט, כדי ער זאָל האָבן פּרנסה? ווייל אַלס טוקומאַנער,

1) אַ נאָמען פון אַ צוקער־פאַבריק.

האָב איך בעסער געוווסט פון „לעכער״, ווו אַ וווּנדעדאַר קען אַריינקומען, כדי צו מאַכן דעם „טאָג״. איך האָב אויך גיכער געוווסט פון אַ „פּאַגאַ״ 1) כדי צו קענען אָנקומען פון די ערשטע...

האָב איך טאַקע, ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען — אַן דיפּלאָמאַטיע און מעשה אַלטער באַקאַנטער, כאָטש איך האָב אים געזען צום ערשטן מאָל, — אים אַ פרעג געטון?

— וואָס הערט זיך, אַלטער, עס לייזט זיך געלט?

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַוועקגעשטעלט די וואַליזע אויף אַ שטיין, כדי זי זאָל זיך נישט איינשמוצן, מיך אַ ווײַלע באַטראַכט, פאַרזשמורענדיק דאָס לינקע אויג און שטיל אַרויסגעברומט:

— צי עס לייזט זיך? ס׳איז אַ לויזן נישט קיין לייזן...

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ר׳ ייִד? אַז מיט אייער אופן פון אַרבעטן...

— וואָ־אָס איך אַרבעט דען נישט?... — האָט ער איבערשלאָגנדיק מיך, תמימותדיק געפרעגט.

איך האָב אים אויף דעם געענטפערט:

— ניין, מיין פריינט, איך האָב נישט געזאָגט, אַז איר אַרבעט נישט, אָבער ווי האָט מען אַמאָל געזונגען אין דער אָפּערעטקע: „די ווייבער, זיי זענען קיין ווייבער נישט, די מיידלעך, זיי זענען...״ אַזוי איז עס ר׳ ייִד. איר אַרבעט טאַקע, אָבער עס איז נישט קיין אַרבעט... סחורה מוז מען זייער אָפּט פאַרקויפן ב׳גוואַלד.

ער האָט אַריינגעזאָגט אין זיין שיטער בערדל:

— מען דאַרף, הייסט עס, זיין אַ שגץ...

— אַזוי איז עס פעטער... אויף וואָס פאַר אַ יום־טוב מען געפינט זיך, אַזעלכע לידער זינגט מען. ווילט איר עסן וווּנדעדאַרסטוואַ־ברויט, מוזט איר אַנדערש פאַרקויפן אייער סחורה, אויב איר ווילט נישט לייגן די ציין אין די קעשענעס.

פון אונטער זיין געלבלעכער וואָנצע האָט זיך דורכגעריסן אַ כמו־שמייכל, וואָס האָט אָבער קיין סך נישט אָנגעהאַלטן, טאַקע נישט מער ווי אַ רגע.

פון דעם טאָג אָן, האָבן מיר זיך, אַזוי צוזאָגן, באַפריינדעט און יעדן טאָג, בעסער געזאָגט: יעדן פאַרטאָג, ווען איך פלעג וואַרטן אויף דער באַן, איז ער אויף דער באַן־סטאַנציע אויסגעוואַקסן לעבן מיר, אַוועקגעשטעלט זיין וואַליזע און קעסטל לעבן מיינע פעק און שטיל אַ ברום געטון:

— אַ גוט מאָרגן...

1) אויסצאָלונג פון לויך.

דאָס ערשטע מאָל נאָך אונדזער „באַקאַנטשאַפט", ווען איך האָב אים דער־זען בין איך צוגעגאַנגען אַ צופרידענער צו אים און זיך אָפּגערופן:

— קומט פעטער מיט מיר, עס וועט שוין זיין גוט...

האָט ער שוין פון מיר נישט אָפּגעטראָטן. אַזוי אין „פורגאָן" 1) ווו די מערהייט וואַנדערער זענען געפאָרן צוליב די פּעק, וואָס מען פירט, און אַזוי אויך דערנאָך ביים אויסשטייגן און אַוועקגיין אין „אינכעניאָ" אָדער קאָלאָניע. מען האָט אונדז אַזויפיל געזען צוזאַמען, אַז חברה וואַנדערער האָבן זיך שוין גענומען וויצלען אויף אונדזער חשבון:

— לייב האָט אויף דער עלטער באַקומען אַ טאַטן...

אָדער:

—דער בטלן האָט זיך אויף אַזאַ עלטער נישט געריכט...

אַזוי, אַז וואָס אַ טאָג זענען מיר געוואָרן מער צוגעבונדן איינער צום צווייטן. מיך האָט שוין ווי גענומען אויספעלן זיין שטילער נאָכגיין נאָך מיר, כאָטש, דעם אמת געזאָגט, איז ער נישט געווען גאָר פון די אָנגענעמע באַגלייטער, ווייל זעלטן ווען ער האָט אויסגערעדט אַ וואָרט. אפילו ביים פאַרקויפן האָב איך פיל מאָל, ווען עס איז אונטערגעקומען אַ קונה, געמוזט זיך אָפּ־שטעלן און פאַרקויפן זיינע סחורות.

אַזאַ שווייגער איז ער געווען!

פונדעסטוועגן בין איך יעדן טאָג געוואָרן מער צוגעבונדן צו אים. יעדן טאָג האָט ער מיך מער פאַראינטערעסירט און... געחידושט.

— ווער איז ער? — האָב איך זיך פיל מאָל געפרעגט — פאַרוואָס שווייגט ער? — און וויפל מאָל איך האָב געפּרווט, גייענדיק אויף די וועגן מיט אים פאַרפירן אַ שמועס וועגן זיין לעבן און פאַרוואָס ער שווייגט, איז עס מיר קיינמאָל נישט געלונגען. אין אַזעלכע פאַלן פלעגט ער מיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, רויק אויסהערן. מיט זיינע קליינע וואַסערדיקע אויגן פלעגט ער קוקן אויף די אומענדלעכע „קאַניאַ"־פעלדער 2) און שווייגן. און בין איך איינמאָל צו אים אפילו צוגעשטאַנען מיט טענות, פאַרוואָס ער האַלט אין איין שווייגן, זאָגנדיק אַז אַ נאָרמאַלער מענטש, אויב ער איז אַפילו נישט קיין שטאַרק־באַרעדעוודיקער, רעדט פאָרט עפּעס. איר — האָב איך אים געזאָגט — האַלט רק אין איין שווייגן. איך ווייס צומאָל נישט צי איר זענט אַ חתונה־געהאַטער אָדער נישט. אָבער איך שטעל זיך פאָר, אַז אויב איר זענט יאָ אַ חתונה־געהאטער האָט ביי אייך אייער ווייב געדאַרפט האָבן דאָס אמתע לעבן, ווייל ווייבער, ווייסט איר דאָך מסתמא, האָבן פיינט ווען

---

1) די טייל ווו מען פירט פּעק. 2) פעלדער ווו עס וואַקסן די צוקער־רערן.

מענער שווייגן. זיי האָבן ליב צו הערן אַ וואָרט, ווייל זיי האַלטן, אַז דער וואָס רעדט נישט, טוט נישט...

איינמאָל, ווען איך האָב פאַר אים געהאַלטן אַ גאַנצע „לעקציע“ וועגן רעדן און שווייגן, האָט ער קוקנדיק אין ווייטן חלל אַריין אַרויסגעוואָרטשעט:

— וואָס איז די נפקא מינא וואָס איך בין און ווער איך בין? וואָס וועט איר שוין האָבן פון דעם, אַז איך וועל יאָ רעדן? אַז איינער שווייגט, שווייגט ער מסתם צוליב עפּעס.

איך האָב געענטפערט:

— יאָ, איך פאַרשטיי. נו, אם כן? אַז עס איז צוליב „עפּעס“, דאַרף מען עס שטיקן אין זיך? אַ סך מאָל, אַז מען רעדט זיך אַראָפּ פון הארצן ווערט לייכטער. מיינט נישט, אַז איך זאָג עס איך צוליב נייגעריקייט... חלילה. אָבער ווי שווייגט עס אַ מענטש אַזויפיל?

האָט ער מיך אויסגעהערט אַ ווײַלע, מיך מילד אָנגעקוקט און דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אַ סך מאָל איז בעסער אַזוי.

## 2

ווי אַלע מאָל צום „פּאַגאָ כענעראַל״ 1) האָבן אויך דאָס יאָר אָנגעהויבן צו קומען פיל וואַנדערער קיין „סאַנטאַ אַננאַ״ 2). די וואַנדערער־נעז האָבן „דערשמעקט״, אַז די לעצטע לויך־אויסצאָלונג וועט פאָרקומען דעם מיטוואָך און שטילערהייט, נישט צוויסנדיק געבן אַפילו די בעסטע „גוטע ברידער״, האָט יעדער איינער צוגעגרייט גרעסערע פּעק און זיי אָוועקגע־פירט אין „אינכעניא״ אַריין מיט עטלעכע טעג פריִער. גלייכצייטיק האָט יעדער פון זיי זיך שוין באַזאָרגט מיט אַ צימער אין דעם איינציקן האָטעל, וואָס זיין אייגנטימער, אַ מענטש מיט פּראַקטיק פון פריִערדיקע יאָרן, האָט שוין צוגעגרייט די צימערן אַזוי, אַז אַלע וואַנדערער זאָלן האָבן פּלאַץ.

— ביי מיר האָט יעדע „רוסיטאָ״ 3) פּלאַץ — האָט ער זיך חניפהדיק באַרימט פאַר די וואַנדערער.

און ער האָט טאַקע געמאַכט פּלאַץ פאַר אַלעמען, ווייל אָנשטאָט צו צוויי בעטן אין אַ צימער, האָט ער אַריינגעשטעלט צו פיר און צו זעקס.

אויך מיר — מיין אַלטער באַגלייטער און איך — זענען מיט אַ פאַרנאַכט פריִער אָנגעקומען קיין „סאַנטאַ אַננאַ״.

אָבער אַזוי ווי אַלע צימערן זענען שוין געווען פאַרנומען, האָט אונדז דער בעל־הבית אַריינגעפירט אין אַ גאָר קליינעם צימערל, אין וועלכן עס פלעגט שלאָפן זיין דינסט און דאָרטן האָט ער פאַר אונדז אַריינגעשטעלט צוויי „קאַטרעס״ 4) מיט צוויי שטולן. לעבן אונדזער צימערל האָט זיך גע־פונען אַ גרויסער „גאַלפּאָן״ 5), אין וועלכן דער האָטעל־אייגנטימער פלעגט אַ גאַנצן יאָר האַלטן פאַרשידענע חפצים, ווי למשל: צעבראָכענע טישלעך, בענקלעך צעריסענע און אפילו גאַנצע „קאָלטשאָנעס״ 6), אויך פאַרשידענע

---

1) לעצטע לויך־אויסצאָלונג; 2) אַ נאָמען פון אינכעניאָ; 3) יידעלע; 4) אַזאַ צונויפלייג־בעטל פון האָלץ און זאַק־טוך; 5) שפּייכלער, שטאַל; 6) וואָלענע מאַטראַצן.

מכשירים מיט וועלכע ער פלעגט אַ גאַנץ יאָר באַאַרבעטן זיין זייער גוט אָפּגעהיטענעם גאָרטן. ער פלעגט דאָרטן האַלטן אויך ווייַנען, ביר, זעק מיט מעל און קאַרטאָפל און נאָך פיל אַנדערע זאַכן, וואָס ער פלעגט קויפן אין גרויסע סכומים.

פאַרשטייט זיך, אַז קאָסעטשע־צייט, ווען די באַוועגונג פון מענטשן איז אַ גרעסערע, און איבערהויפּט אין די טעג פון די „פּאַגאָס", ווען עס קומען זיך צונויף צענדליקער וועגדעדאָרן, דאַן נעמט ער דאָס אַלץ אַרויס און שטעלט אַריין וויפל „קאַטרעס" עס זענען נאָר נייטיק. ער טוט עס כדי די וועגדעדאָרן זאָלן האָבן ווו איבערצונעכטיקן און ער — פאַרדינען וואָס מער.

אין דעם גאַלפּאָן האָט ער דאָס מאָל אַריינגעשטעלט פיר „קאַטרעס" פאַר אַזוי פיל וועגדעדאָרן. זיי זענען געווען: „סטאַרי וויעשטשי" — אַ פולער כמעט קיילעכדיקער מענטשל פון אַ יאָר פינף און פערציק. ער האָט געהאַט גראָבע תאווהדיקע ליפּן, וואָס האָבן שטענדיק געמאַלעגיירעט; גרויסע, וואַסערדיקע, שטענדיק שמייכלענדיקע אויגן; אַ גראָבע פליישיקע נאָז אונטער וועלכער עס האָבן זיך רחבותדיק צעוואַקסן אַ פּאָר רויטע וואָנצעס. דאָס פּנים, ווי די הענט זענען געווען פול מיט זומערשפּרינקעלעך. ער האָט גערעדט זייער אַ סך און מיט אַ סך ניבול־פּה. דעם צונאָמען „סטאַרי וויעשטשי" האָבן אים די וועגדעדאָרן געגעבן דערפאַר, וואָס ער פלעגט אַרומגיין אַ באַלאָדענער מיט סחורה און מיט זיין הייזעריקער שטימע פלעגט ער זעגן:

— סטאַרי וויעשטשי,סע־ניאָ־אָ־ראַס 1)... קויפט, אַ כאַלערע אין אייערע קורווישע בייַנער, סטאַרי וויעשטשי, באַ־ראַ־טאָ־אָ־אָ! 2).

מיט גדלות פלעגט ער דערציילן:

— אַז איך פלעג אַרומפאָרן איבער די פוילישע שטעטלעך און דערפער מיט אַ גרויסן וואָגן, וואָס איז שטענדיק געווען אָנגעפילט מיט טעפּלעך, טעלער, גלעזער, וואַזעס און אַ סך אַנדערע שמאָכטעס, וואָס איך פלעג אויסבייטן פאַר אַלטע זאַכן און שמאַטעס, און אַז איך פלעג אַ געשריי טון מיט מיין אייזערנער שטימע וואָס איך האָב דאַן געהאַט: סטאַרע וויעשטשי, באַבקי, דזיעווטשינקי, פלעגן די שיקסלעך און יונגע גויעס פאַר מיר איינגעמען די כפּרה. מיר האָט דעמאָלט אַזוי געפעלט שיקסלדיקע הינטנס, אַזוי ווי היינט — צרות. איי, זענען דאָס געווען צייטן. — און ער פלעגט זיך פאָסמאַקעווען, אַ פּאַטש טוענדיק איין האַנט אין דער צווייטער.

דער צווייטער גאַלפּאָן איז געווען „טראַכע עלעגאַנט". ער איז געווען מיטל־ווּקסיק, דאַר, מיט אַ פּאָר צעשראָקענע אייגעלעך, וואָס דאָס רעכטע

1) פרויען; 2) ביליק

האָט ער כמעט שטענדיק געהאַלטן פאַרזשמורעט, ווייל ער האָט דערויף נישט גוט געזען. ער האָט שטענדיק געטראָגן אַ היטל, וואָס ער פלעגט אַפילו ביי־נאַכט נישט אויסטון, כדי נישט צו פאַרקילן דעם „פּאַרך״ — ווי די ווענדעדאַרן האָבן געקיבעצט. שטענדיק האָט ער פאַרקויפט איין אַרטיקל: אַלטע רעקלעך און הויזן, וואָס ער פלעגט — אין דער צווישנצייט פון איין קאָסטעטשע און דער צווייטער — אויפקויפן אין בוענאָס־איירעס און אומגעגנט און זיין ווייבל פלעגט זיי רייניקן און פאַרריכטן, כדי זיי זאָלן „האָבן אַ פּנים״... זיין רעדן איז אַרויסגעקומען ווי פון אַ פאָס: קוויטשיק און טרוקן. ער האָט זיך זייער אַ סך געווישט די נאָז און שטענדיק פלעגט ער דאָס טון מיטן אַרבל.

אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע „ווענדעדאַרן״ איז ער שטענדיק אַרומגעגאַנגען „נאַקעט״, ד״ה ער האָט כמעט קיין סחורה נישט געטראָגן. אין אַ גרויסן געבלומלטן טוך האָט ער געטראָגן מיט זיך אַ האַלבן טוץ רעקלעך און אויך אַזוי פּיל הויזן. און ווען ער פלעגט אַריינגיין אין אַ שטוב, פלעגט ער גלייך נאָכן גוט־מאָרגן זיך אָפּרופן:

— איר זעט, איך האָב געהאַט ניינצן רעקלעך און ניינצן פּאָר הויזן, און איר זעט, וואָס איך האָב שוין? אין צען מינוט אַרום פאַרקויף איך דאָס און היידאַ! נישטאָ מער קיין רעקלעך... נישטאָ... — און ער האָט אַ קוויטשיקן לאַך געטון. פאַרוואָס ביי אים איז שטענדיק אויסגעקומען ניינצן — דאָס האָט ער אַליין אויך נישט געוווּסט. אָבער די „צען מינוט״ האָבן שטענדיק געדויערט עטלעכע טעג. און אַרומגיין פלעגט ער מיטן פּעקל אויפן אַקסל און מיט זיין קוויטשיק קולכל פלעגט ער אויסזונגען:

— סאַקאָס, פּאַנטאַלאָנעס, טראַכעס עלעגאַנט 1). (דערפון זיין צונאָמען), שלאָגט אייך, הורן־זין, קאָפּ אין דער וואַנט, באַראַטאָ־אָ־אָ!

דער דריטער איז געווען נח קאַלב. ער איז געווען משונהדיק צעוואַקסן מיט אַ פּאָר קעלבערנע אויגן, וואָס האָבן אויף אייך שטענדיק תמי־מותדיק געקוקט פון זיין ברייטן פּנים. ער האָט געהאַט אַ קליינעם שטערן און קודלעוואַטע פעך־שוואַרצע האָר, וואָס ער האָט קיינמאָל נישט פאַרקאַמט. ער האָט גערעדט רוּיק, געלאַסן, ווי ער וואָלט געציילט די ווערטער. ער האָט זיך קיינמאָל נישט געאיילט, וואָס איז דער געאייל? „שטאַרבן מוז מען דאָך אַלץ איינס, פרי׳ער אָדער שפּעטער. איז שוין גלייכער שפּעטער״. אַז ער האָט זיך אָוועקגעזעצט צו דער אכילה האָט ער קיינעם נישט געזען און גאָרנישט האָט אים אינטערעסירט. פאַרשפּעטיקן דעם אויטאָבוס, פאַרשפּעטיקן די באַן — „ווייס עך וואָס״ — פלעגט ער ענטפערן פאַמעלעך, קייענדיק אויףביידע באַקן

1) רעקלעך, הויזן, עלעגאַנטע אָנצוגן

— עס וועט קומען אַ צווייטער. וואָסי? עס זענען שוין מער קיין באַנען נישטאָ?

ער האָט אויך געהאַט אַן „אַריסטאָקראַטיש" בייכל, איבער וועלכן עס האָבן זיך געוויצלט ווער עס האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצן. דאָס בייכל האָט זיך שטאַרק באַוועגט ווען ער האָט געלאַכט און געלאַכט האָט ער פון יעדער קליי־ניקייט, פון יעדן קער און ריר. בקיצור: ער האָט געלאַכט פון אַלץ און פון אַלעמען און איבערהויפּט פון דעם פערטן פּאַרשוין אין דעם פּירלינג, וועל־כער האָט געהייסן שימעלע שופר און איז געווען פונקט דער היפּוך פון נחן.

שימעלע שופר איז געווען קליינוווקסיק, דאַר, ממש איינגעשרומפּן. איבער זיין שפּיציק גלאַנציק קעפּל האָבן הילפלאָז אַרומגעבלאָנדזשעט עטלעכע געל־בלעכע הערעלעך, ווי אַ זכר לחורבן. ער האָט געהאַט אַ פּאָר כיטרע, קליינע אייגעלעך, וואָס האָבן זיך באַוועגט גיך און האָבן געקוקט דערשראָקן. פאַר־מאָגט האָט ער אַ קליין, גאָר אַ קליין פּנימל, גאָר אַן אַ גאָמבע. אָנזעעוודיק אויף זיין פּנים איז געווען די גראָבע אויבערשטע ליפּ און די גרויסע אַ ביסל אויס־געבויגענע, ביינערדיקע נאָז (דערפאַר האָט מען אים גערופן שופר), אין וועל־כער ער פלעגט זייער אָפט שטופּן דעם גראָבן פינגער. גערעדט האָט ער גיך, אַזוי גיך, אַז ער פלעגט כמעט שטענדיק מוזן איבערחזרן די ווערטער, כדי מען זאָל אים פאַרשטיין.

און צו אָט די פיר פּאַרשוינען אין „גאַלפּאַן" זענען מיר ביידע, — איך און מיין אַלטער באַגלייטער — אַריין נאָכן עסן אָוונט־ברויט.

עס איז געווען אַזוי:

נאָך דעם ווי מיר האָבן געהאַט אָפּגעגעסן אָוונט־ברויט האָבן מיר זיך, ווי די אַנדערע וועגדעדאָרן, גענומען גיין צו אונדזערע צימערן, כדי איבער־צוקוקן די סחורה וואָס מען האָט און כדי צו צוגרייטן די פּעקלעך אויף מאָרגן גאַנץ פרי. אייניקע האָבן אַפילו געהאַט חשק צו מאַכן אַ קערטל, אָבער אַזוי ווי עס זענען געווען ווייניק בעלנים, האָבן זיי, בלית־ברירה, רעזיגנירט.

אויך מיין „אַלטער" און איך האָבן, ווי געזאָגט, זיך געלאָזט גיין צו אונ־דזער צימערל און ווען מיר זענען שוין געווען ביי דער טיר, האָב איך מיט אַמאָל דערהערט „סטאַרי וויעשטשעס" קול.

— אַ כאָליערע אויף די גבירים... שוין גייט מען כאָליען?

איך האָב אַ שמייכל געטון. איך האָב אים געקאָנט און אויך זיין לשון איז מיר נישט געווען ניי. איך האָב געוווסט, אַז ער וויל דערמיט זאָגן, אַז מיר זאָלן צו אים אַריינגיין. איך בין טאַקע אַריינגעגאַנגען, ווייל ווען נישט וואָלט געווען הימל עפּן זיך. ער איז אַ ייִד, אַ פּראָסטאַק — נאָר אַן עמכניק אין פּולן זין פון וואָרט. גוט און געטריי ממש מיטן לעבן, ווייסט נישט פון קיין חכמות, כאָטש ער האָט ליב יענעם נעמען די לעבער, אָבער אַז ער באַט

עמעצן עפּעס אָן, אָדער פאַרבעט צו עפּעס און מען זאָגט אים אָפּ, ווערט ער אַ דם־שונא, אַזוי באַליידיקט ווערט ער.

ביים אַריינגייען אין זייער צימער (דער אַלטער איז מיר נאָכגעגאַנגען), בין איך שיעור נישט געפאַלן אין חלשות, ווייל אין נאָז האָט מיר אַ שלאָג געטון אַ טוכלער ריח פון קאַרטאָפל, שימל און עיפּוש. אַ קליין, שטאַרק־פאַרשטויבט עלעקטריש לעמפּל, וואָס איז געהאָנגען אין דער הויך ביים אַריינגאַנג, האָט געוואָרפן אַן אומהיימלעכן שיין. אויף די „קאַטרעס" זענען געלעגן צעוואָרפן אין אומאָרדענונג, פאַרשידענע סחורות, וואַליזעס און גרויסע שמאַטעס פון אַלטן מאַטראַץ־לייוונט. „טראַכע עלעגאַנט" און שימעלע שופר האָבן געדולדיק צונויפגעלייגט זייערע סחורות. „טראַכע עלעגאַנט" האָט מיט אַ בערשטל אויסגערייניקט אַ בלויען רעקל און דערנאָך זאָרגפעליק צוזאַמענגעלייגט און אַוועקגעלייגט צווישן אַנדערע, וואָס זענען שוין געווען צוגעגרייט פאַרן מאָרגנדיקן מסחר־טאָג.

— נאָך אַלץ מיט די רעקלעך — האָב איך געפרעגט, זיך אָפּשטעלנדיק נאָענט פון „טראַכע עלעגאַנט".

ער האָט אויסגעדרייט צו מיר דאָס פּנים, מיט צוויי פינגער מעשה „בלאָטער" אַרויפגעפּיקט דאָס היטל, וואָס האָט זיך אים אַראָפּגערוקט ביז איבער די אויגן. ער האָט פאַרזשמורעט דאָס רעכטע קאַסאָקע אייגל און מיט זיין קוויטשיק כמעט פייפנדיק קולעכל האָט ער אַ זאָג געטון:

— ווודען?

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, „טראַכע עלעגאַנט", איך ווייס נישט ווי אַזוי עס ווערט אייך נישט נמאס צו פאַרקויפן שטענדיק די זעלבע שמאַטעס. איך מיין די אַלטע רעקלעך.

ער האָט ראַפּטום אויסגעדרייט זיין באַהיטלט קעפּל צו מיר, מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט מיט איין אויג און זיך אויסשנייצנדיק די נאָז, וואָס ער האָט דערנאָך אָפּגעווישט מיטן אַרבל, האָט ער געענטפערט:

— איי, לאַיב, לאַיב, זענט עץ אַ יאָלד. עץ זעיט מאַרינאַרקעלאָך?— האָט ער אָנגעוויזן אויף זיין סחורה. און אַרויסנעמענדיק אַ רעקל, וואָס ער האָט צענומען און מעשה ספעץ מיר גענומען ווייזן די אַרבל, קאָלנער, לאַצן אאַ"וו, האָט ער צוגעגעבן: — אַלע ענקערע שמאָכטעס מעגן זיין אַ קאַפּורע פאַ מאַנע רעקעלאָך, ס'אי גאָלד, ווי יאַך בין אַ ייִד...

ער האָט פון וואַליזע אַרויסגענומען אַ פלעשל בראָנפן, אַ זופּ געטון און פּאָסמאָקעווענדיק זיך, האָט ער די פלאַש צוריק באַהאַלטן. דערנאָך האָט ער דאָס זעלבע רעקל צוגעטראָגן נענטער צו מיר, כמעט ביז די אויגן, ער האָט אַרויפגערוקט דאָס צעקנייטשטע היטל און באַרימעריש זיך אָפּגערופן:

— איי, זענען דאָס רעקעלאַך? נאָר אַ געזיגט אין זיי, וואָס פּאַראַ טאַיע־רע רעקעלאַך זיי זענען... העיערץ, לאַיב, עץ מעגט דועס העירן: עיערנאַכטן אָביאַך געפּוצט אַ פּראַיער אין „סאַנטאַ באַרבאַראַ״, אָביאַך באַם נעיעם אַראָפּ־געצויגן הינדערט פינעף און פּיפּציק זשוקעס, ווי יאַך בין אַ ייִד...

— דו ביזט געשטאַנען דערביי? — האָט אַ פרעג געטון שימעלע, אַריינ־שמייכלענדיק אין אַ שאַכטל זאַקן, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין אַ ווינקל פון זיין וואַליזע.

„טראַכע עלעגאַנט״ האָט מיט כעס אַ וואָרף געטון דאָס רעקל. זיין פּנים איז געוואָרן צונטער־רויט. זיין לינק אויג האָט ווי געשפּיגן מיט פייער און דאָס רעכטע האָט ער נאָך שטאַרקער פאַרזשמורעט.

— די וואָלסט יאַקבי דאַן שופר — האָט ער ווי אויסגעקוויטשעט — איבערגעלאָזט דאַן וואַב אַז׳זי זאָל מאַכן פון עיעם אַ באָרשט און ניש אים שפּאַרן ווי מ׳דאַרף ניש!...

— שאַט, ווערים, שאַט... — האָט זיך אַריינגעמישט נח קאַלב, וואָס איז נאָר וואָס אַריינגעקומען — רייסן זיך שטענדיק אַרומעט, פּונקט ווי מען וואָלט זיך נישט געקענט צעטיילן מיט דער ירושה...

— איך האָב דען עפּעס געזאָגט?... — האָט זיך צו מיר געווענדעט שימעלע, ווי ער וואָלט זיך פאַרענטפערט, אָנשטעלנדיק אויף מיר זיינע כיטרע אייגעלעך. צו איין אויג, וואָס ער האָט וווילי׳נגעריש צוגעמאַכט, האָט ער צוגעטראָגן אַ פינגער און א צי געטון די צעקנייטשטע טאָרבעלע, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:

— איך האָב אים אַריינגעזאָגט, האַ?

און ווענדנדיק זיך צו נחן האָט שימעלע געזאָגט:

— אַז די עלעגאַנטע שמאַטע האָט זיך צערעדט וועגן זיינע „פּראַיערס״, האָב איך אים געפרעגט צי ער איז געשטאַנען דאַביי? נו, האָט ער זיך דאָס צעברענט. די פאָלאַצקע יוכע האָט אין אים אויפגעסמאַליעט...

— יאַ׳כל דיער באַלד געיבן צעסמאַליעט — האָט אַ צעקאָכטער אַ שפּרונג געטון „טראַכע עלעגאַנט״, איינציִענדיק דעם פּאַס פון די זייער ברייטע הויזן — ווערסטי ברענען ווי אַן אויסגעטריקנטע זאַפּלקע... די... די... אויס־געפּאַרעטער שטשור...

„סטאַרי וויעשטשי״, וואָס איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטיל און גע־שמייכלט האָט זיך אַריינגעמישט, זאָגנדיק:

— אַ כאָליערע אין אייערע קורווישע מאַמעס, איר צעקוועטשטע פּליי, וואָס איר זענט. אָדער איר האַלט אייערע פּיסקעס, אַ ניט פאַרמאַך איך אייך אייערע פענצטער.

„טראַכע עלעגאַנט“ האָט אויסגעשפּיגן אַ קוק טוענדיק מיט זיין לינקן אויג מיט פּאַרדרוס אויף „סטאַרי וויעשטשי“ און צוריקגייענדיק אויף זיין פּלאַץ האָט ער זיך ווידער גענומען צוגרייטן דאָס פּעקל אויף מאָרגן. שימעלע ווידער האָט לייכטער אָפּגעאָטעמט, צוואַרפנדיק דאַנקבאַרע בליקן צו „סטאַרי וויעשטשי“.

נח קאַלב האָט, ווי שטענדיק, ווען „סטאַרי וויעשטשי“ איז אַרויס מיט לשון, זיך צעלאַכט מיט גרויס הנאה צוהאַלטנדיק זיך מיטביידע הענט דעם בויך, וואָס האָט זיך געטרייסלט. ווען ער האָט געענדיקט לאַכן האָט ער זיך אָפּגערופן:

— זאָג נאָר, „סטאַרי וויעשטשי“, צו דיין ייִדענע רעדסטו אויך אַזוי שיין ?...

און איידער „סטאַרי וויעשטשי“ האָט געהאַט צייט צו ענטפערן, האָט „טראַכע עלעגאַנט“ זיך שוין מקדים געווען:

— ווען עיער רעדט אַזאַ צי זאַן ייִדענאַ — האָט מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט געזאָגט „טראַכע עלעגאַנט“ — וואָלט זי אים אָנגעפּישט אין די אויערן...

און ווי נישט אים מיינט מען האָט ער זיך ווייטער פאַרנומען מיטן צו־זאַמענלייגן זיין סחורה. נח האָט דאָס באַמערקט און האָט געזאָגט:

— צו וואָס גרייטסטו צו דיינע פּעקלעך, יאָלד איינער ? מאָרגן וועט סיי ווי סיי רעגענען.

„טראַכע עלעגאַנט“ האָט אים אַ בייזער געענטפערט.

— באַאָס דיער אָפּ דאַאַן ליטוואַקישע צינג...

— איך זאָג דען ? — האָט, פאַרענטפערנדיק זיך, נח געפרעגט אַ לאַכנ־דיקער, צוגעבנדיק גלייך:

— גיי אַרויס אין דרויסן, יאָלד איינער, וועסטו זען, אַז דער הימל איז אַזוי שוואַרץ אַז עס וואַרפט אָן אַן אימה. דער רעגן הענגט דאָך ממש איז דער לופטן.

— מזל טוכעס ! סקאָצל איז דאָ... — האָט אַ זאָג געטון אַ פאַרזאָרגטער שימעלע, איבערלאָזנדיק די וואַליזע אַן אָפענע און איז אַרויס אין דרויסן. באַלד איז ער צוריקגעקומען אַ פאַרזאָרגטער:

— ייִדן, מיר שוין האָבן יענע „פּאגא“. דאַכט זיך אַז ס׳וועט מאָרגן פּישן אַ גאַנצן טאָג...

— מאַאַן באָבעס גליקן — האָט אַרויסגעוואָרטשעט „טראַכע עלעגאַנט“.

— וואָס יאַכמערט איר, בליאַדסקע נשמות — האָט זיך צעשריִען „סטאַרי וויעשטשי“ רייבנדיק די הענט אַ צופרידענער.

— וואָס הייסט, וואָס? — האָט אַ באַצערטער זיך אָפּגערופן שימעלע, קוקנדיק צעשראָקן מיט זיינע ביסטרע אייגעלעך — און די סחורה וועל איך שפּאָרן אין הינטן?...

— סחורה שמוירע... — האָט זיך אַריינגעמישט נח קאַלב — איי, ייִדע־לעך, זענט איר יאָלדן. צו וואָס זאָלט איר פאַרלירן צייט אויף קרעכצן און בעטן אויף אַ גוטן וועטער? ס׳וועט אייך דען עפּעס העלפן? ס׳וועט אייך העלפן פונקט ווי דעם רבינס ברכות פאַר אַן עקרה...

— פאַר אַ וואָס? האָט געפרעגט „סטאַרי וויעשטשי״.

— פאַר אַן עקרה, כאַמולע איינער, פאַר אַן עקרה.

— זאָלעך דיך אַזאַי הובן פאַר אַ לעבעדיקן, צי יאַך וואַיס מיט וואָס מען עסט עס — האָט אַ זאָג געטון „טראַכע עלעגאַנט״.

תמימותדיקייט און חוזק איז געווען אין זיין זאָג.

— איי ביזטו אַן עם־הארץ — האָט נח געזאָגט שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט אים באַדויערט.

— א וואָס? — האָט „סטאַרי וויעשטשי״ ווידער געפרעגט.

— אַן עם־הארץ — האָט אים נח געגעבן צו דערקלערן — איז אַ גראָביאַן, אַ גראָבער יונג. פאַרשטייסט? און אַן עקרה איז אַ ווייב וואָס האָט נישט קיין קינדער.

— נו — האָט אים „סטאַרי וויעשטשי״ געזאָגט אַ צופרידענער, ברייט צעעפענענדיק זיינע וואַסערדיקע אויגן, וואָס האָבן תאווהדיק געגלאַנצט — נו, שיק זי צו מיר, וועט זי שוין האָבן. כאַ, כאַ, כאַ! — און ער האָט זיך שטאַרק צעלאַכט, עפענענדיק אַ שיטער מויל מיט עטלעכע געלבלעכע ציין. קוקנדיק אויף אים האָבן זיך אַלע צעלאַכט. אָנגעהויבן האָט „טראַכע עלע־גאַנט״ מיט זיין קוויטשיקן „כי, כי, כי״, וועלכן ער האָט בלויז איבערגעריסן כדי אָפּצווישן מיטן אַרבל די נאָז, נאָך אים האָט זיך צעלאַכט שימעלע שופר, וועלכער האָט אויפגעהויבן זיין אויבערשטע גראָבע ליפּ, אַרויסשטעלנדיק איין שורה שוואַרצע ציין מיט אַ רויטע יאַסלע. עס איז באמת געווען שווער צו וויסן צי ער לאַכט, אָדער ער האָט זיך סתם פאַרקרימט. דער לעצטער וואָס האָט זיך צעלאַכט איז געווען נח, אָבער ער האָט דאָס געטון מיט אַזאַ קראַפט, אַז ער האָט טאַקע געקענט אַרויסרופן אַ געלעכטער בלויז ביים צוקוקן זיך ווי ער לאַכט. זיין „באַלעבאַטישער״ בויך האָט זיך שטאַרק געטרייסלט, כאָטש ער האָט אים צוגעהאַלטן מיטביידע הענט. זיין ברייט פּנים איז געוואָרן נאָך ברייטער ווען ער האָט געעפנט זיין ריזיק מויל פון וואַנען עס האָבן אַרויס־געשיינט צוויי שורות מיט געזונטע ציין.

אַפילו מיין „אַלטער", וועלכן איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען שמייכלען, האָט זיך אויך צעלאַכט.

אָבער דאָס לאַכן, פּונקט ווי ס'איז געקומען פּלוצים, אַזוי האָט עס זיך אויך עפּעס אָפּגעהאַקט פּלוצים.

אַ שטאַרקער דונער האָט זיך פּלוצים דערהערט און אַ בליץ, וואָס האָט דורכגעשניטן דעם דרויסנדיקן הימל, האָט אָפּגעגאָסן מיט ליכטיקייט אַלע וואָס האָבן זיך געפונען אין „צימער". ביי „טראַכע עלעגאַנט" איז געבליבן הענגען אַ טרער אין לינקן ווינקל אויג, וואָס איז אים געקומען פון לאַכן. שימעלע האָט אויסגעגלאָצט זיינע ביסטרע אייגעלעך (זיי האָבן אויסגעזען ווי קעצישע) און מיט ביידע הענט האָט ער אָנגעכאַפּט זיין אָנגעפּילטע, אָבער נאָך אָפענע וואַליזע, ווי ער וואָלט מורא געהאַט מען זאָל אים נישט באַגנבענען, און אַפילו נח האָט אויסגלאָצנדיק זיינע קעלבערנע אויגן, מיט שרעק אויסגעדרייט דאָס פּנים צו דער אָפענער טיר, דורך וועלכער עס האָט אַריינגעקוקט אַן אימהדיקע שוואַרצע נאַכט. דער איינציקער, וואָס איז געבליבן רויִק איז געווען „סטאַרי וויעשטשי", וועלכער האָט זיך צעשריִען:

— וואָס זענט איר געבליבן שטיין, ווי באַמאַכטע לאָשיקעס?... אַ כאָליערע אין אייערע בליאַדסקע נשמות.

ער איז צוגעגאַנגען צו „טראַכע עלעגאַנט" און אים געזאָגט אין אַ כמעט באַפעלערישן טאָן:

— דו גיב נאָר אַהער דיין פלעשל פּישעכטס און דו — האָט ער זיך געווענדעט צו נחן — האָסט דאָך מסתמא אין דיין וואַליזע אַ קישקע. דערלאַנג זי אַהער אָן מורא! דאָ זענען קיין ווייבער נישטאָ. איי, חברה — האָט ער אַ צופרידענער זיך גענומען רייבן די הענט — אין אַזעלכע נעכט איז פאַר אַ וועגדעדאָר נישטאָ קיין בעסערע זאַכן ווי „בראָקן" אַ תהלימל און מאַכן אַ גוטן שנאַפּס און צובייסן — און ער האָט צופרידן אַ לאַך געטון אין זיינע פויערשע וואָנצעס אַריין.

— איר, „סטאַרי וויעשטשי", — האָב איך זיך אָפּגערופן — זענט שטענדיק דער זעלבער. אייך ליגט נאָר אין זינען איין זאַך: שפּילן און עסן.

— הער נאָר אַ מעשה — האָט זיך אַריינגעמישט שימעלע, אונטערשפּרינגענדיק צו נחן — ביי אים שפּילן און עסן איז איין זאַך... צלם־קאָפּ, וואָס איר זענט — האָט ער דערנאָך געזאָגט אויסדרייענדיק זיך צו מיר — שפּילן און עסן זענען דאָך צוויי זאַכן...

— אָבער איך מיין — האָב איך פאַרגעזעצט, מאַכנדיק זיך, ווי איך וואָלט נישט געהערט שימעלעס רייד — אַז אַזאַ ייִד ווי איר, וואָס האָט

שוין די ערשטע פּערציק אַריבערגעשפּאַנט, האָט שוין געמעגט וויסן, אַז לא על הלחם לבדו יחיה האדם.

— אָט האָסטו דיר — האָט „סטאַרי וויעשטשי" אַ זאָג געטון צו „טראַכע עלעגאַנט", אָנווייזנדיק מיטביידע הענט אויף מיר — אָט האָסטו דעם פּיש־טעליגענט מײנעם. ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר, מיך אַ ווײלע אָנגע־קוקט און געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט מיך באַדויערט און געזאָגט:

— דו, גוטער ברודער, לאָז בעסער איבער דיין שטינקעליגענסטווע אין שטוב. און דאָ זיי אַ מענטש.

ער האָט אַ נעם געטון פון טראַכע עלעגאַנטס האַנט די פלאַש בראָנפן און גלייך געגעבן עטלעכע „צי". פון נחס וואָליזע האָט ער אַרויסגענומען אַ וורשט, וואָס איז געווען איינגעוויקלט אין אַ ברוינעם פּאַפּיר, וועלכן ער האָט אַראָפּגעוואָרפן אויפן דיל, אָפּבייסנדיק אַ שטיק, האָט ער גענומען קייען מיט הנאה. אָבער פּלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן מיר, אָנקוקנדיק מיך מיט פאַרשנדיקע בליקן. ער האָט געהאַלטן דאָס מויל אָפן. פּלוצים האָט ער זיך אַ פּאַטש געטון אין שטערן, זאָגנדיק:

— דאַכט זיך, אַז דו האָסט רעכט...

ער איז אַ ווײלע געבליבן שטיין פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט זיך וועלן דערמאָנען אין עפּעס און דערנאָך האָט ער מיר געפרעגט:

— איז וואָס האָסטו פריִער געזאָגט? לא על...

— לא על הלחם לבדו יחיה האדם... — האָב איך מעכאַניש איבער־געחזרט, נישט פאַרשטייענדיק „סטאַרי וויעשטשעס" פּלוצימדיקן בייטן דעם טאָן.

— יאָ, אָט דאָס איז עס טאַקע!... — האָט ער צעשטראַלטער אויסגערופן, אַ פּאַטש טוענדיק נחן איבער דער פּלייצע — זאָל איך אַזוי דערלעבן חתונה צו האָבן פאַר אַ גוטער נקבה, ווי דאָס איז עס טאַקע!... איר הערט, חברה, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה וועגן דעם, וואָס אונדזער פּישטעליגענט האָט נאָר וואָס געזאָגט.

— לא על הלחם... ווי האָסטו געזאָגט? — האָט ער זיך שוין געווענדעט צו מיר נאָכאַמאָל.

— לא על הלחם לבדו יחיה האדם...

— יאָ, אָט דאָס מיין איך טאַקע — האָט „סטאַרי וויעשטשי" אויסגערופן — הערט, ייִדן, וועט איר פון דער מעשה זיך באַלעקן ווי... ווי... נאָך דער ערשטער נאַכט.

ער האָט געגעבן נאָך אַ „צי" בראָנפן, אָפּגעווישט די רויטלעכע נאָז און אָנגעהויבן דערציילן:

— איך האָב געהאַט אַ פעטער אַ באַלעגאָלע. אוי, איז ער געווען אַ בלאַטער, — האָט ער זיך פאַסמאַקעוועט — ער האָט אַמאָל איינעם, וואָס האָט אים געוואָלט „באַארבעטן", אַרויסגעטרייבערט די קישקעס און געמאַכט אַ טעלעפאָן, ווי איך בין אַ ייִד! ער איז געווען שוין איינמאָל אַ „בלאַטער" און ער איז נישט געווען קיין שישקע פולוועת אויך... ער האָט געקענט אַרייַנ־קוקן אין די דראָבנע פינטעלעך אויך... ער האָט געקענט אַ בלאַט מאָרע אויך...

— איר ווילט זאָגן: גמרא — האָב איך אים אויסגעבעסערט.

— אָט דאָס מיין איך טאַקע — האָט ער אויסגערופן אַ צופרידענער.

— הערסט, לייב, ביזט טאַקע אַ פישטעליגענט, איז — יאָ... נאָר קיין יאָלד איז מיין פעטער נישט געווען! אָ, דאָס נישט. נו, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? יאָ, איז ביי אונדז אין שטאָט געווען אַ ייִדל, ר' איציקל האָט מען אים גערופן, איז עס שוין געווען יענץ ייִדעלע. אַ פנים האָט ער געהאַט ווי אַ זויערע אוגערקע, וואָס האַלט ביים צעפוילט ווערן און גרויס איז ער געווען, ווי זאָל איך אייך זאָגן? טאַקע ווי ביי אַ ייִדן אויף דער עלטער... נו, פלעגט דאָס נפשל אַרומגיין איבער דער שטאָט זאַמלען זאַכן, געלט און עסן און מיט דעם געזאַמלטן פלעגט ער יעדן פרייטיק אינדערפרי אַוועקגיין אין טורמע, ווו ער פלעגט אָנקלאַפן, שרייענדיק:

— רשע, רשע פאָניע...

און די וועכטער פלעגן מיינען, אַז ער שרייט: „פּראָשען פאָניע" פלעגן זיי אים אַרייַנלאָזן און אינעווייניק האָט ער שוין אַלץ צעטיילט צווישן די ייִדישע אַרעסטאַנטן. נו, און אַז ר' איציקל פלעגט גיין אין גאַס און אָנטרעפן אַ נקבה מיט קורצע אַרבל, פלעגט ער — נישט וועלנדיק זינדיקן — פאַר־מאַכן די אויגן.

— פינקט ווי יאַך — האָט אים איבערגעשלאָגן „טראַכע עלעגאַנט" — יאַך האָב אָעך פאַנט צי קיקן אָף קורצע אַרבל, נאָר אַ ביסל וואַטער... כי, כי, כי — האָט ער זיך צעלאַכט מיט זיין קוויטשיקן געלעכטער.

— נו, — האָט „סטאַרי וויעשטשי" פאַרגעזעצט — האָט אים איינמאָל מיין פעטער געפירט אין אַ צווייטער שטאָט און איך האָב אָנגעטריבן די פערד. איז ווייס איך נישט וואָס מיין פעטער האָט אים געפרעגט, ווי ר' איציקל האָט אים גענטפערט:

— איי, בעריש, בעריש, אין דער תורה שטייט לא ה... הל... — ווי האָסטו פריִער געזאָגט — האָט ער מיך נאָכאַמאָל געפרעגט.

איך האָב נאָך אַמאָל געזאָגט דעם פסוק.

— יאָ, אָט דאָס מיין איך טאַקע. פרעג איך ביי מיין פעטער: „וואָס וויל

דער יאָלד מיט דעם זאָגן?" — ענטפּערט מיר דער פעטער אַזוי: „ר' איציקל זאָגט: לא — ניט, ה־הל... הלחם — מיט ברויט, י... י... יחיה — קען לעבן, האדם — דער מענטש"... טייטשט עס ר' איציקל אַזוי אויס — האָט שוין מיין פעטער גענומען דעם יאָלד אויפן צימבל — מיט ברויט אַליין קען אַ מענטש נישט לעבן. ווייל אַז מען עסט זיך אָן מיט ברויט ווערט טרוקן אין דער כאַלעווע... — האָט ער געזאָגט, אָנווייזנדיק אויפן האַלדז — און אַז די כאַלעווע איז טרוקן, דאַרף מען זי אויסשמירן גוט מיט דזעגאַכטס, כ'מיין מיט בראָנפן. מען דאַרף מאַכן אַ גוטן שנאַפּס און אַז מען מאַכט אַ גוטן שנאַפּס, ווערט דער מענטש אַ ביסעלע שטאַרקער, קרעפטיקער, ער באַקומט נייע כוחות.

— נו, נו... — האָב איך מיין פעטער ווי' אונטערגעאיילט, דערלאַנ־גענדיק דערביי אַ גוטן כוואָסטש מיטן בייטש דעם זשערעבעץ.

— וואָס נו, נו? — האָט זיך מיין פעטער צעשריען, שמייכלענדיק און נאָכקרימענדיק מיר — כאַמולע וואָס דו ביזט. אַז אַ מענטש געפינט זיך אין די כוחות, זוכט מען אָפּ אַ לייטישע בליאַדושקאַ און שוין... אַ יאָ, ר' איציקל ? כאַ, כאַ, כאַ.

— אָ, יאָ, מיין פעטער איז שוין גאָר קיין יאָלד נישט געווען.

— דו ביזט גערעכט אויף אַלע פינעף הונדערט פּראָצענט... — האָט מיט זיין קוויטשיק קולעכל ווי אַרויסגעפּייפט „טראַכע עלעגאַנט".

— אָט האָסטו אַ נייעם משוגענעם אין אַמעריקע... — האָט זיך אַריינ־געמישט נח קאַלב — די גאַנצע וועלט זאָגט, אַז מען האָט רעכט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט און ביי אים איז גאָר געוואָרן גאַנצע פינף הונדערט פּראָ־צענט! עס הייבן זיך גאָר ביי אים די פּראָצענטער! וואָס מיינסטו, אַז דאָס זענען דיינע אַלטע רעקעלעך, וואָס דיר קאָסטן זיי אַ פינף און צוואַנציקער און דו זאָגסט, אַז דו פאַרקויפסט זיי פאַר הונדערט פינף און פופציק פּזעס?

— איך שטיי נישט דאַביי — האָט אַ זאָג געטון שימעלע, איינהאַלטנדיק זיך נישט צו לאַכן.

„טראַכע עלעגאַנט" האָט רויט ווערנדיק, אויסגערופן מיט רוגזה:

— די שפּאַר בעסער דאַאַן שופר, ווי די יידן האָבן גערעט... — אַז יאַך זאָג פינעף הינדערט פּראָצענט, וואַיס יאַך, ווס יאַך זאָג... יאַך בין ניש קאַ משיגענער... יאַך האַיס ניש שימעלע שופר... פאַרשטאַיסט — האָט ער, ווענ־דנדיק זיך צו אַלעמען אַרויפגערוקט דאָס היטל און זיך אָפּגעווישט די נאָז מיטן אַרבל — נעכטן האָבעך עיעם געגעיבן פיר מועל ראַציע אָף אַלע היני־דערט פּראָצענט און האַאַנט אי'שוין דועס פיפטע מועל, כי, כי, כי — האָט

ער זיך צעלאַכט מיט הנאה אַרויסשטעלנדיק רויטע יאַסלעס און צוויי געלע ציינער.

אַז ער האָט אויפגעהערט צו לאַכן איז צו אים צוגעגאַנגען „סטאַרי וויעשטשי" און אים דערלאַנגט דאָס פלעשל בראָנפן, זאָגנדיק:

— נאַ, הירן־זין... אַז דו האָסט שוין יאָ געלאַכט מיט אַזאַ האַנאָווע (הנאה) טאָ גיב טאַקע אַ גוטן זשליאָקע, אַז די כאָלערע זאָל דיר כאַפּן. און דערנאָך, חברה, האָט ער זיך שוין געווענדט צו אַלעמען — ווען מיר זיך נעמען צום תהילימל. דעם רעגן אויף צעפּיקעניש...

איך האָב אַ ווונק געטון צו מיין „אַלטן" און שטיל האָבן מיר זיך אַרויס־געשאַרט פון גאַלפּאָן, אַריינגייענדיק גלייך צו זיך אין צימערל.

## 3

דאָס וועטער איז געווען אַ שלעכטס. עס האָט געהאַלטןביים רעגענען און דער רעגן איז טאַקע געקומען, אָבער ערשט אינדערפרי. אַ גאַנצע נאַכט האָט אַ שטאַרקער ווינט געוואָיעט.

האַלב פאַרשלאָפענע האָבן מענטשן פויל זיך אַראָפּגעשאַרט פון זייערע געלעגערס, צוגעמאַכט די טירן, וואָס דער ווינט האָט מיט געוואַלט געוויגט אַהין און צוריק. אַ בליץ האָט אַדורכגעשניטן דעם חלל און מיט זיין שיין האָט ער אַלעמאָל אַ בלענד געטון אין דער פינצטערניש.

גרויסע טונקל־גרויע וואָלקנס האָבן, געטריבן פונעם ווינט, גיך זיך באַוועגט און נאָכגעטון דעם מענטשלעכן יושר: פאַרשלונגען די קלענערע.

מיטן שאַריען אויף טאָג האָבן זיך גענומען באַוויזן אייניקע „קאַרעראַס“ [1] מיט זייערע גרויסע וועגענער מיט „קאַניאַ“, אָנגעפירט פון אָקסן. מיט אַ שטיק פון זייערע אַלטע שמוציקע „פּאָנטשאָס“, מיט וועלכע זיי האָבן צוגעדעקט זייער קערפּער, האָבן זיי זיך פאַרשטעלט די פנימער און דאָס האָט געשטערט זייער גאַנג ביי דער זייט פון וואָגן. פון צייט צו צייט האָבן זיי מיט זייערע „קאַניאַ־הינדיאַ [2]“ אַ טאָרע געטון דעם עלטערן אָקס, באַגלייט פון אַן אויסגעצויגענעם „וואַ־אַ־מאָ־אָ־ס“, וואָס איז כמעט שטענדיק אַרויסגעקומען ווי פון אַ ליידיקן פאַס. דער אָקס האָט געגעבן אַ שטאַרקערן צי עטלעכע טריט און ווידער גענומען גיין זיין קלאַסישן גאַנג.

— וואָס פאַר אַ משוגענער וועטער — האָט פון אונטער אַ „פּאָנטשאָ“ אויסגערופן אַ הייזעריקע שטימע.

— אַזוי איז עס — האָבן געענטפערט די, וואָס האָבן אויפגעכאַפּט יענעמס ווערטער. פונדעסטוועגן זענען די ערשטע „קאַרעראַס“ געווען צופרידן ווייל זיי האָבן כאָטש באַוויזן צוצוקומען צום קאַנטשאָן [3] פון „אינכעניאָ“, איידער דער רעגן האָט זיך געלאָזט. אַזוי אַרום האָבן זיי דעם טאָג כאָטש

---

1) די וואָס פירן די צוקער־רערן; 2) ווילדע ליידיקע רערן; 3) פאַבריקס־הויף, ווו מען לייגט אָפּ די קאַניאַ.

עפּעס פּאַרדינט, נישט אַזוי די וואָס זענען געבליבן אין פעלד און האָבן נאָך נישט באַוויזן צונויפצובינדן די דריי טאָן „קאַניאַ" אויפן וואָג, כדי צו קענען זי ברענגען צו פירן אין „אינכעניאָ" אַריין.

אַ הילכיקער סירענע־פייף האָט אַדורכגעשניטן די לופט. דאָס האָט די פאַבריק אָנגעזאָגט, אַז דער זייגער איז שוין זיבן. איינגעוויקלטע אין „פּאָנטשאָס" אָדער מאַנטלען האָבן פון פיל צימערן זיך אַרויסגעשאַרט אַר־בעטער, וועלכע האָבן זיך געאײַלט צו דער אַרבעט.

די וואָלקנס האָבן זיך צונויפגענומען אין איין בלייענעם פלעק, וועלכער האָט געהאַלטן אין איין סטראַשען מיט רעגן, וואָס האָט גענומען פאַלן טראָפּנווייז. די טראָפּנס זענען געפאַלן מיט געוויש. דערנאָך איז דער רעגן געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, ווי דער הימל וואָלט זיינע קוואַלן געעפנט און מיט כעס אויסגעגאָסן דאָס שמוציקע וואַסער אויף דער „אינ־כעניאָ".

דער ווינט אַ קאַלטער, אַ בייסיקער, האָט געשמיסן אין די פּנימער פון די וואָס זענען, טאָפּטשענדיק אין די קאַלוזשעס וואַסער, אַדורכגעלאָפן די שמאָלע פאַרפלייצטע אינכעניאָ־גאַסן. פון אַ בוים האָט זיך אָפּגעריסן אַ צווייגל און מיט פליאַסק אַריינגעפאַלן אין וואַסער, ווערנדיק געטריבן פונעם שטראָם.

אין דעם הינטערשטן טויער פון דעם האָטעל האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער קלאַפּ. דער בעל־הבית, אַ פאַרשלאָפענער און בייזער, האָט אַרויס־געשטעלט אַ ברוגזן פּנים דורך דער עטוואָס אויפגעעפנטער טיר און מיט רוגזה אַ פרעג געטון:

— קע האַי? 1)

עטלעכע קולות האָבן מיטאַמאָל מיט אַ סאַנטיאַגער אַקצענט אויסגע־זונגען:

— עטלעכע פלעשלעך, האַרעלע...

דאָס זענען געווען קאָסעטשעראָס, וואָס האָבן צוליבן וועטער נישט גע־קענט אַרויסגיין אין „סערקאַ" 2) אַרבעטן, זענען זיי געקומען קויפן ווין, כדי צו הרגענען די צייט.

— גייט צום טייוול — האָט דער בעל־הבית אַ געשריי געטון צומאַכנדיק די טיר.

די קאָסעטשעראָס האָבן זיך שנעל דערווייטערט, שעלטנדיק דעם בעל־הבית אין דער מאַמעס מאַמען אַריין.

---

1) וואָס איז?; 2) פעלד

## 4

אין האָטעל דעם טאָג זענען אַלע אויפגעשטאַנען שפּעט, ווייל צוליב דעם ווינט וואָס האָט אַ גאַנצע נאַכט געבושעוועט און געריסן די טירן, האָט מען נישט געקענט שלאָפן. מיר האָבן צום ערשט נישט געקענט שלאָפן צוליב דער בייסיקער קעלט אַנטקעגן וועלכער מיר האָבן זיך געשיצט, איינוויקלענדיק זיך אין די צוויי קאָלדרעס, וואָס יעדערער פון אונדז האָט באַקומען. אָבער דערנאָך איז געקומען דער שטורמישער רעגן, וואָס האָט מיט קראַפט געקלאַפּט אין צינקענעם דאַך און עס איז אויסגעקומען ווי אַ מחנה ביט־גוטע וואָלטן אויפן דאַך געטאַנצט זייער שדים־טאַנץ און מיר האָבן ווייטער נישט געקענט איינשלאָפן.

זענען מיר געלעגן אויף אונדזערע „קאַטרעס״, איינגעגנורעט אין די בידנע קאָלדרעס און געקוקט צו דער סטעליע וואָס איר פאַרזשאַווערטקייט האָט נאָך אומעטיקער געמאַכט דאָס געמיט, און אין קאָפּ האָבן גענומען אַרומשוועבן פאַרשידענע מחשבות, וועלכע האָבן מיך אַוועקגעפירט אַהיים, צו דער פרוי, צו די קינדער, צו די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן, וועלכע מען מוז זייער אָפט צוליב אָט דער פרנסה פאַרנאַכלעסיקן.

און ווי איך בין אַזוי געלעגן און געקוקט אויף דער שרעק־אָנוואַרפנדיקער פאַרזשאַווערטער סטעליע און מיט די געדאַנקען געווען העט, ווייט, האָט זיך צו מיינע אויערן דערטראָגן אַ שטילער כליפּען, וואָס פון אָנהייב האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז ער קומט פון ערגעץ ווייט, אָבער שפּעטער האָב איך צו מיין גרויסער איבעראַשונג, דערהערט, אַז ער קומט פון דער צווייטער „קאַטרע״ אויף וועלכן עס איז געלעגן, איבערגעדעקט איבערן קאָפּ, מיין אַלטער באַגלייטער. פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעלאָזט אַ שטילן, טיפן קרעכץ, וואָס האָט זיך ווי אַרויסגעקייקלט פון זיין ברוסט און דורך דער אַלע רגע זיך עפּענענדיקער טיר, אַוועק מיטן ווינט, ווייט, ווייט, ווייט.

איך בין זיך מודה, אַז אויף מיר מאַכט אַן אויסערגעוויינלעך שווערן

איינדרוק, ווען איך הער אַ מאַן וויינען. אויפֿן זינען איז מיר געקומען אַ באַ־ געגעניש וואָס איך האָב געהאַט מיט אַ קורצער צייט צוריק מיט איינעם אַ יוגנטלעכן, ראַול, וועלכער האָט עטלעכע מאָל אין מיין אָנוועזנהייט געוויינט, און אויך דאַן האָט אויף מיר זיין וויינען אויסערגעוויינלעך געווירקט און עס עס האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון נישט נאָר זיין אויסזען, זיין הילפֿסלאָזער אויסזען בעתן וויינען, נאָר אויך דאָס וואָס ער האָט מיר, בעתן וויינען, דערציילט. און איצט, ביים ליגן און צוהערן זיך צום ווילדן קלאַפּן פֿון רעגן אויפֿן צינקענעם דאַך און דאָס כליפּען פֿון מיין באַגלייטער, איז מיר אַפילו גאָרנישט איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז אָט דער אַלטער, וואָס איז אין דערווירקלעכקייט נישט אַזוי אַלט ווי ער זעט אויס, וועט מיט דעם, וואָס ער וועט מיר דערציילן, עפּענען פֿאַר מיר נאָך אַ בלעטל, אַ טראַגיש בלעטל פֿון אַ לעבן, וואָס איז געווען געלעבט בלויז פֿאַר אַן אידעאַל און אין וועמענס נאָמען ער האָט געזינדיקט, שטאַרק געזינדיקט, און פֿאַר די באַגאַנגענע זינד צאָלט ער איצט זיין פּרייז. און ווי אַ סך מאָל אין אַזעלכע פאַלן, אַזוי האָב איך זיך אויך איצט, דערפֿילט אַביסל פֿאַרלוירן און נישט געוווּסט וואָס צו טון, איך האָב אים געוואָלט שטעלן די סקאַרבאָווע געגנוג נאַרישע פֿראַגע:

— פֿאַרוואָס וויינט איר ?...

אָבער איך האָב אים נישט געפֿרעגט, ווייל איך האָב זיך אַ טראַכט גע־ טון, אויב אַ מענטש וויינט, איז עס דאָך געוויס נישט פֿאַר קיין נחת. עפּעס דריקט דאָך אים און געגנוג שטאַרק, אויב עס רופֿט ביי אים אַרויס טרערן. מעג איך אַריינקריכן אין זיין נשמה און פֿרעגן פֿאַרוואָס ער וויינט ? פֿונ־ דעסטוועגן... יאָ די מענטשלעכע נייגעריקייט שטייגט אַ סך מאָל אַריבער די לאָגישע געדאַנקען און זי גייט זיך איר וועג. איך בין זיך מודה, אַז ווי שטאַרק איך האָב עס נישט געוואָלט, האָב איך זיך אָבער פֿאָרט נישט גע־ קענט באַפֿרייען פֿון דער נייגעריקייט, פֿון דעם וועלן וויסן פֿאַרוואָס ער וויינט. דווקא זיין שוויגזאַמקייט און זיין מאָדנע האַלטונג האָט אין מיר אָנגעצונדן אַ חשק אַריינצוגריבלען זיך אין אָט־אָ דער פֿאַרבאָרגענער נשמה, מיט וועל־ כער איך בין שוין באַפֿריינדעט עטלעכע חדשים און דאָך ווייס איך פֿון אים נישט מער ווי זיין נאָמען.

אָבער שייך צו זאָגן, אַריינקריכן אין יענעמס נשמה. עס איז פֿיל מאָל שווער, זייער שווער דאָס צו טון ביי נאָרמאַלע מענטשן, ס'הייסט, ביי מענטשן מיט וועלכע איר פֿירט נאָרמאַלע שמועסן אין וועלכע איר קענט פֿון איין וואָרט אַריבערגיין צו אַ צווייטן, פֿון אַ צווייטן צו אַ דריטן און אַזוי ווייטער. אָבער ווי אַזוי טוט מען עס מיט איינעם, וואָס איז אַ הוילער שוויַגנדיקער

סוד? ווייל, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, האָט ער זייער זעלטן אַרויסגערעדט אַ וואָרט און ער איז מיר שטענדיק נאָכגעגאַנגען מיט אַ מין הייליקן שטיל־שווייגן. האָב איך טאַקע נישט געוווּסט ווי אַזוי מיט אים אָנצוהייבן דעם שמועס. איך האָב פּשוט נישט געפונען קיין ווערטער.

פונדעסטוועגן האָב איך אים שטיל אַ פרעג געטון:

— עס טוט אייך עפּעס וויי?

זיין „ענטפער" איז געווען: דאָס אויפהערן ווייגען. ער האָט, ווייזט אויס, געמיינט, אַז איך שלאָף און דעריבער האָט ער זיך פאַרגינען אויסצווויינען דאָס ביטערע האַרץ.

זאָגן, אַז זיין „ענטפער" האָט מיך נישט פאַרדראָסן, וואָלט נישט געווען ריכטיק. עס האָט מיר דווקא פאַרדראָסן גאָר נישקשהדיק און דאָס האָט נאָך מער צעפלאַקערט מיין נייגעריקייט און איך האָב באַשלאָסן אָנצוהייבן אַ „דירעקטע אַטאַקע". איך האָב זיך אויפגעזעצט, זיך אַרומגעוויקלט מיט אַ „פּאָנטשאָ" כדי זיך צו שיצן פון ווינט און אים אַ ווײַלע באַטראַכט ווי ער איז געלעגן איבערגעדעקט איבערן קאָפּ און זיך נישט אַ דריי געטון. דערנאָך בין איך אַראָפּ פון מיין געלעגער, צוגעטראָגן מיין שטול צו זיין „קאַטרע", אויף וועלכער איך האָב זיך געזעצט. דערנאָך האָב איך געגעבן אַ צי ביידע קאָלד־רעס צוזאַמען, אָפּדעקנדיק אים ביז די אַקסלען.

— וואָס איז אייך? — האָב איך טרוקן אַ פרעג געטון.

ער האָט געהאַט אַ משונהדיקן אויסזען. די שיטערע געלע האָר זענען געווען צעפּאַטלט, די קליינע וואַסערדיקע אויגן — פאַרווײנט און אַזוי אַרום נאָך מער וואַסערדיק און דערשראָקן. ער האָט מיך אָנגעקוקט און געשוויגן.

— עס טוט אייך עפּעס וויי? — האָב איך ווידער געפרעגט.

— צי עס טוט וויי? — האָט ער מעלאַנכאָליש געענטפערט מיט אַ פראַגע און גלייך צוגעגעבן:

— אוי, מיין פריינט, טוט וויי.

— אויב איר פילט זיך שלעכט — האָב איך געזאָגט — וועל איך אייך אָפּפירן אין שטאָט. ווייל דער דאָקטאָר איז היינט, צוליב דעם רעגן, געוויס נישט געקומען אין דעם „אינבעניאָ־שפּיטאָל". מיך וועט דער טייוול נישט כאַפּן. און איך האָב זיך גענומען אָנטאָן.

ער האָט אָבער, זיך אויפזעצנדיק, מיך אָנגענומען פאַר אַ האַנט און געזאָגט:

— ניין, מיין פריינט, גייט נישט, מען דאַרף נישט...

— וואָס הייסט מען דאַרף נישט?...

ער האָט מיך אַ ווײַל באַטראַכט, דריקנדיק מיין האַנט. פון דעם רעכטן

אויג האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אַ טרער, אַריינפאַלנדיק אין זיין שיטער בערדל. עפּעס האָט אַ פאַל געגעבן אויפן צינקענעם דאַך. ער האָט שטיל באַוועגט מיט די ליפּן.

— ווייל מיין וויטיק — האָט ער געזאָגט — וועט קיין דאָקטאָר נישט צונעמען.

איך האָב אַ דערשטוינטער אויסגערופן:

— איך פאַרשטיי אייך נישט!

— גאָר פּשוט, פריינט לייב, — האָט ער געזאָגט נישט אָפּלאָזנדיק מיין האַנט — ווייל עס זענען פאַראַן וויטיקן, וואָס דער בעסטער דאָקטאָר קען זיי נישט צונעמען.

איך האָב אים שטום אָנגעקוקט און ער האָט צוגעגעבן:

— עס זענען פאַראַן וויטיקן, צרות, וואָס איינער נעמט זיך בידים. אַמאָל טוט מען עס ווייל מען איז צו נאַריש, אָדער מען האַלט זיך פאַר צו־קלוג, אָבער כמעט שטענדיק, ווייל מען איז בלינד.

זיין אויסברוך פון רייד האָט מיך דערשטוינט. איך וועל נישט איבער־טרייבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז פאַר די עטלעכע חדשים, וואָס מיר קענען זיך, האָט ער נישט גערעדט אַזוי פיל פאַר אַ מאָל, ווי איצט.

וויל ער זיך אַראָפּרעדן פון האַרצן? — האָב איך זיך געפרעגט.

איך האָב זיך אָוועקגעזעצט אויף דער שטול נאָענט פון אים. דורך דער טיר, וואָס האָט זיך אַליין געעפנט האָט אַריינגעבלאָזן אַ בייסיקער ווינט. פון צינקענעם דאַך האָט זיך דערטראָגן דאָס קלאַפּן פון רעגן. פון צווייטן „צימער" אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די פיר „װענדעדאָרן" האָט זיך דערהערט „סטאַרי וויעשטשעס" דערמאָנען עמעצענס מאַמען. פון דרויסן האָט זיך דערהערט דאָס טרובען פון אויטאָבוס, וועלכער קומט יעדן טאָג פון טוקומאַן. מיטאַמאָל האָט די פאַבריק־סירענע אָנגעזאָגט מיט איר פאַר־טויבנדיקן פייף, אַז דער זייגער איז שוין צוועלף. גרופּעס אַרבעטער האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איינגעוויקלטע אין מאַנטלען און „פּאָנטשאָס", לויפנדיק ווי מעגלעך גיך, שילטנדיק אויף הויכע קולות אין דער מאַמען אַריין, אַליין נישט וויסנדיק וועמען. איך האָב אַ קוק געטון אויפן „אַלטן" און אונדזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. ער האָט אויף מיר געקוקט מילד, פאָטערלעך מילד.

אָבער די שטילקייט פון אונדזער צימערל איז פּלוצים איבערגעריסן גע־וואָרן, ווייל „סטאַרי וויעשטשי" איז אַריינגעקומען און מיט זיין הייזעריקער שטימע האָט ער געזאָגט:

— אָ, אָט האָסטו דיר, אַלע גייען שוין פרעסן און זיי כאַליען נאָך... אַ כאָלערע אויף די גבירים...

— נו, „סטאַרי וויעשטשי" — האָב איך אים געפרעגט גלאַט אַזוי, כדי עפּעס אים צו פרעגן — ווי אַזוי איז געגאַנגען דאָס קערטל?

— לייזיק, גוטער ברודער, לייזיק — האָט ער גלייך געענטפערט, אַ מאַך טוענדיק מיט די הענט, ווי ער וואָלט עפּעס אָפּגעטריבן פון זיך — האָסט געדאַרפט זען ווי מען האָט מיך געשמיסן. אוי, גוטער ברודער, האָט מען געשמיסן פאַסקודנע... די עלעגאַנטע שמאַטע און דאָס שופרל האָבן מיך באַאַרבעט ביז אַ סענט. עטלעכע טעג לייזעכטס... כ'על דיר זאָגן, אַז עס איז נאָך אַ גליק, וואָס כ'בין נישט קיין נקבה — אַ נישט וואָלט מען ביי מיר צוגענומען נאָך עפּעס אויך.

— הייסט עס, אַז איר זענט געבליבן...

— יאָ, לייזיק, גוטער ברודער — איז ער מיר אַריינגעפאַלן אין די רייד נישט לאָזנדיק מיך ענדיקן — לייזיק ביז אַראָפּ בין איך געבליבן... און טאָמער וועט אַזוי פּישן נאָך עטלעכע טעג, וועסטו מיר מוזן לייען אויף צו באַצאָלן דעם „לאָקש" (דעם איטאַליענישן האָטעל־אייגנטימער).

— נו, אויב שוין יאָ אַזוי, — האָב איך זיך אָפּגערופן אַ ווונק טוענדיק צו מיין „אַלטן" אַז ער זאָל זיך אָנטאָן — וועלן מיר גיין עסן.

— און מאַכן אַ גוטן שנאַפּס אויך — האָט „סטאַרי וויעשטשי" אונטער־געכאַפּט, ברייט צעפּענענדיק זיינע וואַסערדיקע אויגן, וואָס האָבן זיך צע־בלישטשעט — איך באַצאָל! די בליאַדסקע נשמות אויף צעפּיקעניש. וואָס מיינסטו? איך וויים נישט, אַז זיי האָבן געשפּילט מיט צייכנס? טאָג ווי נאַכט רייסן זיי זיך אַרום ווי אַ הונט מיט אַ קאַץ און ביי אַ תהלימל אַרבעטן זיי גאָר בשותפות! אָבער נישט געזאָרגט, אַז איך וועל מיך צוכאַפּן צו יעדן פון זיי באַזונדער — אוי וועל איך שינדן אַ פּאָס.

## 5

ווען מיר זענען נאָכן עסן אַרויס, האָבן מיר באַמערקט, אַז דער ווינט, כאָטש ער איז געווען אַ קאַלטער, האָט שוין פאַרלאָרן זיין שטאַרקייט. אויך דער רעגן איז שוין נישט געווען דער זעלבער ווי מיט אַ שעה צוריק. ער איז שוין איצט געווען פיל דינער און ער איז געפאַלן גלייך. דאָך האָט נישט אויסגעזען, אַז דער רעגן זאָל היינט אויפהערן. ווייל אויפן הימל האָבן זיך גענומען באַוויזן גרויסע, גרויע וואָלקנס, וועלכע זענען מיט יעדער מינוט געוואָרן שוואַרצער. עס האָט זיך געשטעלט אַ טונקלקייט, ווי עס וואָלט געווען בין־השמשות.

חברה וועגדעדאָרן זענען ברוגזע און שלעכט־געשטימטע אַוועק צו זייערע צימערן, ווער מאַכן אַ קערטל און ווער אויך דער „סיעסטאַ" 1). אויך „סטאַרי יוישטשי" האָט זיך געוואָלט „אָפּשפּילן". ער האָט געבעטן אַז איך זאָל אים לייען געלט. אָבער, אַזוי ווי איך האָב אים געענטפערט, אַז לייען געלט וועל איך אים בלויז כדי צו באַצאָלן דעם האָטעל, האָט ער זיך אָנגעכמורעט — ווי זיין שטייגער איז געווען, ווען מען האָט אים עפּעס אָפּגעזאָגט און גאָר־נישט זאָגנדיק, איז ער געגאַנגען זיך לייגן.

— אַן אומגליקלעכער מענטש — האָב איך זיך אָפּגערופן צום „אַלטן", ווען מיר זענען געבליבן אַליין אין צימערל — זיין ווייב ווערט אויסגעריסן אין בוענאָס־איירעס נייענדיק הויזן, און ער, וויפל ער פאַרדינט, פאַרשפּילט ער עס ביז אַ סענט. אַ סך מאָל, נאָכן אָפּאַרבעטן אַ „קאָסעטשע", בלייבט אים קוים, קוים אויף צו באַצאָלן די סחורה, וואָס מען האָט אים אויסגעבאָרגט און דערנאָך גייט פאַרשטייט אַ מענטשן.

— דאָס איז דאָך אונדזער אַלעמענס צרה — האָט זיך אָפּגערופן דער אַלטער, אויסציִענדיק זיך אויף דער קאַטרע — וואָס מיר פאַרשטייען נישט.

---

1) נאָכמיטאָג־שלאָף

נישט יענעם און נישט זיך. בכלל פֿאַרשטייען מיר גאָרנישט. איי, פּריינט מיינער, ווען דער מענטש וואָלט בכח געווען צו פֿאַרשטיין ווי עס באַדאַרף צו זיין, מיר וואָלטן דאָך געלעבט ממש אין אַ גן־עדן!

נישט פֿאַרשטייענדיק אים האָב איך געפֿרעגט:

— וואָס ווילט איר דערמיט זאָגן?

— וואָס איך וויל מיט דעם זאָגן? — האָט ער אַ שמייכל געטון און גלייך געענטפֿערט:

— איך וויל זאָגן, אַז יעדער מענטש, ווען ער וואָלט געוווסט, ווען ער וואָלט פֿאַרשטאַנען ווי אַזוי צו לעבן, ווען ער וואָלט געקענט פֿאַרשטיין אַלץ און שכלדיק זיך באַנעמען צו אַלץ און צו אַלעמען, וואָלט ער פֿאַרמיטן אַ סך צרות און אַזוי אַרום געלעבט גליקלעך.

ער האָט געמאַכט אַ קורצע פּויזע, ווענדנדיק זיינע בליקן צו דער פֿאַר־זשאַווערטער סטעליע און דערנאָך האָט ער פֿאָרגעזעצט:

— אָט נעמט, צום ביישפּיל, דעם „סטאַרי וויעשטשי". ווען ער וואָלט געוווסט ווי אַזוי צו לעבן, ווען ער וואָלט געפֿירט אַן אַנדער סאָרט לעבן, נישט שיכורן, נישט שפּילן אין קאָרטן און נאָך אַנדערע זאַכן, וואָלט ער מעגלעך היינט „געשטאַנען מיט אַ געשעפֿט" און ער וואָלט נישט באַדאַרפֿט אָנקומען צו אָט דער פּאַסקודנער פּרנסה. ער וואָלט נישט באַדאַרפֿט זיך אַרומשלעפּן מיט פּעק סחורות אויף די אַקסלען אין די שטעט און שטעטלעך, „אינכעניאָס" אָדער קאָלאָניעס און אָפּטמאָל זיך מאַכן נאַריש כדי צו לייזן. ער וואָלט געגאַנגען אָנגעטאָן ווי אַ מענטש. מעגלעך, אַז ער וואָלט אויך געוואָרן רעספּעקטירט. און אַזוי אַלע, אַלע, איר אַליין אויך... כאָטש איך קען אייך אַזוי וויניק, דאָך בין איך זיכער, אַז ווען איר וואָלט נישט געהאַט קיין פֿליגעלעך אין קאָפּ וואָלט איך געווען בעסער, פֿיל בעסער, ווייל איך ווייס, אַז מענטשן וואָס פֿאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, איבערהויפּט די אידעאַליסטישע ענטוזיאַסטן, פֿאַרנאַכלעסיקן זיך שטענדיק אַליין לטובת הכלל. מיט דעם וויל איך נישט זאָגן, אַז מען דאַרף בכלל נישט זיין געזעלשאַפֿטלעך טעטיק. ניין! אָבער וויל איז צו די, וואָס ווייסן ווי דאָס צו טון. ווייל די זעלבע מיט וועלכע איר אַרבעט אויפֿן געזעלשאַפֿטלעכן געביט רעספּעקטירן אייך פֿיל, פֿיל מער, ווען זיי ווייסן, אַז איר זענט אַ גוט־שטייענדיקער סוחר אָדער אינדוסטריאַל, ווי דעמאָלט, ווען זיי ווייסן, אַז איר זענט אַ ווענדעדאָר, אָדער קווענטעניק.

איך האָב פֿון אים נישט אַראָפּגענומען מיינע אויגן. איך האָב נישט געקענט גלייבן מיינע אייגענע אויגן און אויערן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין דאָ נישט מיטן „אַלטן", וועלכער האָלט שטענדיק אין איין שווייגן.

נאָר מיט אַן אינגאַנצן אומבאַקאַנטן מענטש, וועלכן איך זע איצט צום ערשטן מאָל און וואָס רעדט צו מיר אַזעלכע לאָגישע, אָבער פאַר מיר דאָך אומ־פאַרשטענדלעכע רייד.

— וואָס וויל ער מיט דעם זאָגן? — האָב איך זיך אַליין געפרעגט. פאַרוואָס האָט ער די גאַנצע צייט געשוויגן און איצט פּלוצים אָנגעהייבן רעדן אַזעלכע מאָדנע רייד?

די און נאָך אַנדערע פראַגן האָב איך זיך געשטעלט, אָבער אויף קיין איינע האָב איך נישט געקענט געפינען קיין ענטפער. איך האָב נאָך אַ לענ־גערער ווײַלע טראַכטן, געזאָגט:

— איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת, דאָן כאָסע...

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן:

— רופט מיר פשוט: יאָסל...

— זייער פיין — האָב איך פאַרגעזעצט — איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת פריינט יאָסל, אַז איך ווייס נישט אויף וועלכער וועלט איך בין... מיר דאַכט זיך, אַז איך חלום, ווייל שטעלט זיך פאָר, איר זענט מיט אַ מענטשן עטלעכע חדשים, איר גייט מיט אים אויס צענדליקער קילאָמעטער צופוס און די גאַנצע צייט האַלט ער דאָס מויל הערמעטיש פאַרמאַכט, און מיט־אַמאָל, ווי דורך אַ כישוף הייבט ער אָן צו רעדן און אויסדריקן אַזעלכע סקעפּטישע אָבער דאָך לאָגישע געדאַנקען און וואָס זאָל איך אײַך זאָגן? איר זענט די גאַנצע צייט געווען פאַר מיר אַ רעטעניש און איצט — נאָך מער! איך בין זיך מודה, אַז נישט איין מאָל האָב איך געטראַכט, ווער איז דער מענטש? פאַרוואָס שווייגט ער אַזוי? אָבער איך פרעגן וואָלט דאָך פון מיין זייט געווען צו נאַריש, כאָטש, למען האמת, מוז איך צוגעבן, אַז די נאַטירלעכע מענטשלעכע נייגעריקייט האָט מיך געפּייניקט און דער יצר־הרע פון וועלן וויסן האָט מיר אַ סך מאָל צוגערעדט איך זאָל איך פרעגן. דאָך האָב איך עס נישט געטון. אָבער היינט — ווי זאָל איך אײַך דאָס זאָגן? איך בין נישט קיין סענטימענטאַליסט, אָבער ווען אַ מאַן, פון וואָס פאַר אַ עלטער ער זאָל נישט זיין, וויינט אין מיין אָנוועזנהייט, רירט עס מיר ביז טרערן. איך וועל אַפילו זאָגן, אַז עס רעגט מיך ממש אויף. איך געדענק, — כ׳וועל עס קיינמאָל נישט פאַרגעסן — אַז מיט אַ קורצער צייט צוריק, זייענ־דיק אין בוענאָס־איירעס, האָט אין מיין אָנוועזנהייט געוויינט אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר פיר און צוואַנציק... עטלעכע מאָל האָט ער געוויינט... דאָס איז געווען אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך געפונען אין אַ תהום, פון וועלכן איך וויל האָפן, אַז מיר איז געלונגען אים אַרויסצורייסן.

און איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת, אַז איך ווייס אַליין נישט וואָס איך

פריַער צו פרעגן, ווייל איר זענט פאַר מיר איין שטיק סוד. דאָס שווייגן די גאַנצע צייט און אייער היינטיק וויינען און אייער היינטיק פּלוצעמדיק ריידן האָט מיר געמאַכט אין קאָפּ אַן אמתן מיש־מאַש און איך ווייס פּשוט נישט וואָס פריַער צו פרעגן.

איך האָב באַמערקט, אַז ביי יאָסלען אין די ווינקלען־אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן, וועלכע ער האָט אויף דער גיך אָפּגעווישט, אַרויפּצווינגענ־דיק אויף זיינע ליפּן אַ שמייכל, וואָס האָט בלאָס אַרויסגעשיינט פון אונטער זיינע אָפּגעלאָזענע וואָנצעס.

— מיין פריינט — האָט ער געזאָגט אַרויפלייגנדיק זיין ביינערדיקע האַנט אויף מיין קני — אייער נייגעריקייט איז אַ נאַטירלעכע זאַך. איך אויף אייער אָרט וואָלט אפשר זיך נישט באַהערשט אַזאַ לאַנגע צייט. אָבער פאַר־שטייט, אַז אויב איינער גייט אַרום אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרביטערטער, איז דאָס דערפאַר ווייל עפּעס דריקט שטאַרק אָט אָ דאָ — און ער האָט אָנגע־וויזן אויפן האַרצן — און אָט אָ דעם „עפּעס״, איך גלויב אַז איר פאַרשטייט דאָס אַליין, קען מען נישט אַלעמאָל און פאַר אַלעמען אַרויסנעמען און דאָס עפענען ווי אַ בוך און זאָגן: נאַ, לייען. איך וועל מיר דערלויבן צו פאַראַ־פראַזירן דעם אַרגענטינער אויסדרוק: „יעדע שטוב איז אַ וועלט פאַר זיך״, אויף: „יעדער מענטש איז אַ וועלט פאַר זיך״.

— פאַרשטייט מיין פריינט, ס׳איז נישט קיין פילאָזאָפיע, ס׳איז דער אמת. מענטשלעכע פריידן קען מען איבערגעבן, מיִנטשלעכע ליידן — נישט! ביי דעם גרעסטן פּען־קינסטלער, ווען ער שילדערט מענטשלעכע פריידן קו־מען זיי אַרויס פיל, פיל רעאַלער ווי די ליידן, כאָטש די לעצטע ווירקן מער. קען דען אַ פּשוטער בשר ודם ווי איך, איבערגעבן אַזוי פיל ליידן און אי־בערהויפּט — אייגענע? איז דען מעגלעך פאַר איינעם, וואָס איז נישט קיין טאַלאַנטפולער שרייבער איבערצוגעבן די אַלע צרות, די אַלע ליידן, נישט בלויז, וואָס איך האָב געליטן, נאָר איבערהויפּט, וואָס מיין סעקטאַנטישקייט און פאַנאַטיזם האָט פאַרשאַפט און געמאַכט ליידן מיינע נאָענטסטע, מיינע ליבסטע און וואָס צוליב מיין שולד האָב איך זיי פאַרלוירן אויף אייביק? קען דען אַ מענטש אַרומגיין רויק, ריידן, לאַכן, זיך פרייען, ווען אויף זיין געוויסן דריקט אַזאַ שרעקלעכע זאַך? ווען אין מיינע אויערן קלינגען שטענ־דיק די קולות פון מיין פרוי, וועמענס לעבן עס איז אָפּגעשניטן געוואָרן פאַר דער צייט צוליב מיר? אוי, מיין פריינט, דריקט דאָ שטאַרק — האָט ער אָנגעוויזן אויפן האַרצן איינהאַלטנדיק די טרערן, וואָס האָבן זיך דאָך אַדורכ־געריסן און האָבן זיך איינציקווייז געקייקלט איבערן פאַרוואָקסענעם פּנים — אַז איך ווינטש מיר דעם טויט, וועלכן איך קען זיך אַליין נישט נעמען, נישט

אויס פּחדנות, נאָר ווייל איך מוז ליידן... ליידן אָן אַ שיעור פֿאַר מײַנע באַגאַנגענע זינד.

זײַנע רייד האָבן מיך דערמאָנט אָן ראַולן, וואָס האָט אין מאָמענט פֿון חשבון־הנפש אויך אָנגעהויבן מיט אָן ענלעכן ווידוי, אָבער אויב דעמאָלט, כאָטש איך בין סײַ ווי געווען איבערגעראַשט, האָב איך נאָך עפּעס געקענט פֿאַרשטיין, ווייל... נו, אַ וואַגאַבונד... האָב איך זיך אויף דעם יאָסלען (עס קומט מיר אויס אַזוי מאָדנע אים אָנצורופֿן מיט ייִנגלשן נאָמען: יאָסל), פּשוט נישט געגלויבט. אויף זיין געוויסן זאָל גאָר ליגן אַ מאָרד? אָט אַזאַ שטילער, מיט אַזעלכע מילדע אויגן — אַ מערדער? איז דאָס מעגלעך? — האָב איך זיך געפֿרעגט.

אָבער פֿאַרשטייט זיך, אַז אים האָב איך דאָס נישט געפֿרעגט. איך האָב אים אָבער אַ פֿרעג געטאָן זייטיק:

— אָבער פֿאַרוואָס האָט איר זיך פּלוצעם דערמאָנט?

ווײַזט אויס, אַז ער האָט געוואַרט אויף דער פֿראַגע.

— פֿאַרוואָס? — האָט ער איבערגעפֿרעגט און גלייך צוגעגעבן:

— איך האָב אייך אָקאָרשט געזאָגט, אַז מען קען נישט פֿאַר אַלעמען אַרויסנעמען דעם „עפּעס‟, וואָס דריקט אין האַרצן און עפּענען עס, ווי אַ בוך און זאָגן: נאַ לייען... מען קען עס נישט. אָבער אַ סך מאָל, ווען מען מאַכט זיך אַ חשבון־הנפש פֿון דאָס פֿאַרגאַנגענע, פֿון דאָס אָפּגעטוענע און עס טויכן אויף אייגענע קליינלעכקייטן, די אייגענע באַגאַנגענע נאַרישקייטן, די באַגאַנגענע פֿאַרברעכנס, ווילט זיך אַראָפּריידן פֿון האַרצן — איבערהויפּט ווען מען געפֿינט זיך מיט איינעם, וועמען מען האַלט פֿאַר אַ פֿריינט, פֿאַר אַן אויפֿריכטיקן פֿרײַנט.

ער איז אַ ווײַלע געבליבן שטיל, פֿאַרקנייטשנדיק דעם שטערן, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען דאָס, וואָס ער וויל דערציילן.

— איך ווייס נישט — האָט ער דערנאָך געזאָגט — צי פֿאַר אייך וועט זיין אינטערעסאַנט צו הערן דאָס, וואָס איך וויל אייך דערציילן. איר וועט זיך אָבער באַקענען מיט אַ לעבן, וואָס וועט פֿאַר אייך זיכער זיין אויסטער־ליש... און איך וועל זיך אַראָפּריידן פֿון האַרצן... שוין פֿאַר דער גאַנצער צייט.

ער האָט זיך אויפֿגעזעצט, אַראָפּלאָזנדיק די פֿיס. אויף זײַנע קני, וועלכע האָבן זיך אָנגערירט אָן מײַנע, האָט ער אָנגעשפּאַרט זײַנע עלנבויגנס, אַרײַנ־לייגנדיק אין האַנט אין דער צווייטער. איבער זיין איינגעבויגענעם קאָפּ האָב איך נאָך בולטער געזען זיין איינגעהויקערטע פּלייצע, וואָס איז איצט געווען נאָך איינגעהויקערטער. מיטאַמאָל האָט ער אויפֿגעהויבן זײַנע בליקן צו מיר און אונדזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט. מיר האָבן זיך אָנגעקוקט

אַ ווייל שטום. ער האָט ווידער אַראָפּגעלאָזט די בליקן צום צעמענטענעם דיל און שטיל האָט ער אָנגעהויבן דערציילן:

— ביים אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט, ווען דער טעלעגראַף האָט צעטראָגן איוף דער וועלט די נייעס, אַז דער ערשטער פּרווו זיך צו באַפרייען פון דער צאַרישער שקלאַפעריי איז אַדורכגעפאַלן און ער איז דורך פייער און בלוט דערשטיקט געוואָרן, איז אין אַ קליין שטעטל פון מזרח־איראָפּע, אין אַ האָרעפּאַשנער שטוב, ביי יעקב־לייב דעם וועבער, געבוירן געוואָרן דאָס אַכטע קינד, וואָס מען האָט אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין זיידן עליו־השלום, נאָך יעקב־לייבס טאַטן, יוסף און גערופן האָט מען אים אויך ווי זיין זיידן — יאָסעלע, יאָסל.

ווי איר הערט, בין איך געווען דער אַכטער זון אין מיין טאַטעס הויז, כאָטש געקענט האָב איך נישט מער ווי פיר — דריי ברידער און איין שוועסטער, די איינציקע, וואָס מיר האָבן געהאַט, ווייל די אַנדערע דריי ברידער זענען שוין מיט יאָרן צוריק געפאָרן זוכן גליקן אין דער גרויסער וועלט פון חלומות — אין צפון־אַמעריקע.

אונדזער שטעטל — אַ טיפּיש ייִדיש שטעטל — איינס פון אַ סך, וואָס זענען געווען אין מזרח־איראָפּע און וואָס דער ברוינער עמלק האָט שוין אָפּגעווישט — האָט געהאַט אַ באַפעלקערונג פון קנאַפּע צען טויזנט איינוווינער — פון זיי אַ פינף הונדערט קריסטן, וואָס האָבן געוווינט אין די הינטערשטע, גוייִשע געסלעך — אַ נישט אָפיציעלע קריסטלעכע געטאָ. ס'שטעטל איז געווען צעשפּרייט פוןביידע זייטן פון אַ שאָסיי, וועלכער האָט אַדורכגעשניטן עטלעכע צענדליק שטעט, שטעטלעך און דערפער — און פון דריי זייטן איז עס געווען אַרומגערינגלט פון געדיכטע וועלדער.

ווי אַלע שטעטלעך, האָט אויך אונדזערס געהאַט אַן אַ שיעור בעלי־מלאכות: שניידערס, שוסטערס, סטאָלאַרעס, סטעלמאַכערס, קירזשנערס, גלעזערס, שמידן, שטעפּערס און אַנדערע. געהאַט אַ שול־הויף און להבדיל, אַ קיילער־געסל. אַ מאַרק פון זעקס גרויסע שורות מיט קראָמען, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען: באַקאַלעינע (שפּייז), מאַנופאַקטור, איזן, בעקערייען, נאַשערייען און עטלעכע שענקן, פון וועלכע עס פלעגן זיך כמעט שטענדיק הערן שיכורע קולות. איבערהויפּט אין די טעג פון מאָנטיק און דאָנערשטיק — די מאַרק־טעג, ווען עס פלעגן זיך צוזאַמענפאָרן הונדערטער פּויערים פון די אַרומיקע דערפער פאַרקויפן זייערע תבואות, קאַרטאָפל, אייער, הינער, קי אָדער פערד און זיי פלעגן שוין אויך איינקויפן וואָס זיי האָבן יאָ און נישט באַדאַרפט. דעמאָלט האָבן זיי זיך אַראָפּגעכאַפּט אין אַ שענק כדי אַדורכצושווענקען דעם גאָרגל...

עס זענען אויך געווען דריי גרויסע מילן און טאַרטאַקן, בײַ וועלכע צענדליקער ייִדישע האָרעפּאַשניקעס האָבן פֿאַרדינט זייער ברויט. אָבער די הויפּט־פּרנסה אין שטעטל איז געווען וועבערײַ. מען האָט אויסגעאַרבעט קאָלדרעס און זיי אָװעקגעשיקט „איבער גאַנץ רוסלאַנד" — ווי מען פֿלעגט אין שטעטל זאָגן, מיט אָט דער פּרנסה האָבן זיך באַשעפֿטיקט פֿיל הונדער־טער אַרבעטער, אַלע ייִדן און צווישן זיי אויך מײַן טאַטע.

מײַן טאַטע, אַ הויכער ברייט־פּלייציקער, מיט אַ לאַנגער, ברייט צעקעמ־טער פּאַטריאַרכאַלער באָרד, מיט ברוינע, טיפֿע, קלוגע אויגן, איז געווען אין שטוב אַ גאַסט בלויז אָנדערהאַלבן טעג אין וואָך. מיר קינדער, האָבן אים בלויז געזען פֿון פֿרײַטיק האַלבן טאָג ביז שבת־צונאַכט. אַ גאַנצע וואָך פֿלעגט ער אויפֿשטיין פֿיר פֿאַרטאָג. ביז פֿינף האָט ער געדאַווענט און אַרײַנ־געקוקט אין אַ ספֿר. דערנאָך האָט ער אָנגעטראָגן וואַסער פֿון ברונעם, וואָס האָט זיך געפֿונען צוויי שטובן ווייטער — בײַ בונעם דעם גלעזער און נאָכן איבערכאַפּן עפּעס האָט ער אײַנגעוויקלט אַ פּעקל עסן, וואָס די מאַמע האָט אים צוגעגרייט און איז אַוועק צו דער אַרבעט, פֿון וועלכער ער איז צוריק־געקומען ווען מיר, קינדער, זענען שוין געשלאָפֿן. אַזוי איז געווען טאָג אײַן טאָג אויס ביז פֿרײַטיק האַלבן טאָג. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז דער טאַטע דאַרף באַלד אָנקומען. זענען מיר, די קלענערע, אַרויסגעקראָכן אויף די סאָפּקעס לעבן די פֿענצטער און מיט די פּנימלעך צוגעדריקט צו די שויבן געוואַרט אויף זײַן קומען. און אַז מיר האָבן אים געזען אָנקומען האָבן מיר זיך טאַקע אויסגעזעצט אויף די זעלבע ערטער און מיטן גרעסטן יראת־הכּבֿוד האָבן מיר געקוקט צו דער טיר דורך וועלכער ער האָט געדאַרפֿט אַרײַנגיין. און ער, מײַן טאַטע, נאָכן באַטראַכטן אונדז, האָט ער שטענדיק אָנגעהויבן מיט מיר, וועלכן ער פֿלעגט דעם ערשטן אויפֿהייבן און אַ קוש טאָן. דערנאָך חיימקען און עוזרן. פֿייגעלען מיט מאָטלען האָט ער שוין נישט געקושט, ווײַל זיי זענען שוין געווען גרויסע.

דערנאָך האָבן ער און מאָטל, וואָס איז שוין געווען אַ בר־מצווה־בחור, זיך געוואַשן די הענט און מיר, די קלענערע, נאָך זיי, און מיר האָבן זיך אַלע געזעצט בײַם גרויסן טיש און די מאַמע פֿלעגט דערלאַנגען אַ גרויסע שיסל מיט לאַטקעס פֿון קאַרטאָפֿל און רעטשענע קאַשע מיט שמאַלץ. אוי. פֿלעגן מיר דאָס עסן מיט הנאה! עפּעס אַ קלייניקייט? עסן צוזאַמען מיטן טאַטן!

## 6

נאָכן עסן פלעגט זיך דער טאַטע אַ ביסל צולייגן און דערנאָך איז ער מיט מאָטלען אַוועק אין מרחץ. אוןביים צוריקקומען האָט ער אָנגעטאָן די געמזענע קאַמאַשן, די שוואַרצע הויזן און דעם סורדוט, וואָס ער פלעגט טראָגן נאָר שבתים און יום־טובים און דערנאָך פלעגן מיר זיך אָנטאָן די שבתדיקע אַנצוגלעך און היטעלעך און זאַלבע פערט, דער טאַטע, מאָטל, עוזרקע און איך — אַוועקגעגאַנגען אין גרויסן מויער — בית־מדרש, ווו מיין טאַטע האָט געהאַט אַ „שטאָט", און ווו די שבתים און יום־טובים איז ער געווען דער שטענדיקער בעל־מוסף.

איך גלויב, אַז אייך איז באַקאַנט, אַז אין יענע יאָרן זענען די מערהייט בעלי־מלאכות געווען פשוטע עמי־הארצים. דאָס אַרבעטן זעכצן און אַכצן שעה אַ טאָג און די נויט האָט זיי נישט דערמעגלעכט צו לערנען קיין תורה און זייערע קינדער, וועלכע זיי האָבן כמעט ווי נישט אָנגעקוקט — חוץ שבתים און ימים־טובים — האָבן זיי פון דער פריסטער יוגנט אָן מיטגענו־מען אין וואַרשטאַט אָדער פאַבריק, כדי זיי אויסצולערנען די מלאכה און דער־ווייל זיך אַרויסהעלפן אין פרנסה.

אָבער מיין טאַטע — איך זאָג עס מיט שטאָלץ — איז געווען פון די ווייניקע ביי אונדז אין שטעטל וואָס איז, כאָטש אַ בעל־מלאכה, געווען אַ ייִד, וואָס האָט געקענט לערנען.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז יעדן אין דער פרי, בעסער געזאָגט — יעדן פאַרטאָג נאָכן דאַווענען — האָט ער אַריינגעקוקט אין אַ ספר און אַזוי אויך אין זיינע פרייע טעג, ס'הייסט, אין די שבתים און ימים־טובים און ער האָט אויך געזען, אַז זיינע קינדער זאָלן — איידער זיי ווערן בעלי־מלאכות — זיך אָנטרינקען וואָס מער פון די טיפע קוואַלן פון תורה. יעדער זון האָט אין דער פרי און פאַרנאַכט געמוזט דאַווענען — אַ זאַך וואָס מיר האָבן געטאָן מיט פאַרגעניגן.

איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז מיין טאַטע איז געווען אין שטוב אָנ־דערהאַלבן טעג אין וואָך. פון פרייטיק האַלבן טאָג ביז שבת צו נאַכט. אָבער אַחוץ דעם האָט ער געפעלט צו דער אַרבעט אויך אין אויסערגעוויינלעכע טעג ווי למשל: ווען אַ קינד איז געוואָרן בר־מצווה, אָדער ווען אַ קינד האָט אָנגעהויבן גיין אין חדר. דאַן האָט מען געמאַכט אַ יום־טוב, עס פלעגן קומען אַ סך געסט און מען האָט דערלאַנגט כיבוד, וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט און דער עולם האָט זיך משמח געווען. און מער פון אַלעמען — מיין טאַטע. אַלץ אין אים האָט זיך געפרייט! די קליינע, ברוינע אויגן האָבן אַזוי האַרציק געגלעט און אויסגעדריקט אַזויפיל שמחה, שמחה פון אַ טאַטן, וואָס איז מקיים די ערשטע ווינטשעוואַניע, וואָס מען האָט אים געגעבן, ווען דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, אַז ער זאָל דערלעבן צו דערציִען דאָס קינד לתורה, לחופה ומעשים טובים; פרייד פון אַ טאַטן, וואָס פירט זיין קינד אויפן דרך הישר. זיין ברייט פּנים איז פון דעם אָפּענעם שמייכל געוואָרן נאָך ברייטער און געשיינט פונקט ווי די שכינה וואָלט אויף אים גערוט. אַפילו די ברייט־צעקעמטע פּאַטריאַרכאַלע באָרד, וואָס האָט זייער פרי גענומען באַ־קומען אַן אַש־גרויען קאָליר, האָט אויך געשיינט אַנדערש און עס האָט אויס־געוויזן, אַז זי פרייט זיך אויך.

איין יום־טוב אַזעלכער האָט זיך שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זכרון. עס איז געווען דער ערשטער יום־טוב לכבוד מיר, צוליב מיין ערשטן טאָג אין חדר. מיין טאַטע איז דעמאָלט אויפגעשטאַנען טאַקע ווי אַלע טאָג, אָבער אָנשטאָט צו דאַווענען אין שטוב, איז ער גלייך אַוועק אין בית־המדרש, פון וואַנען ער איז צוריקגעקומען אַ זייגער אַכט. זיין דעמאָלטיק אַרומ־נעמען מיך און בענטשן, אַרויפלייגנדיק אויף מיר זיינע הענט און איינוויק־לענדיק מיך אין טלית, וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

איר וועט אפשר לאַכן פון מיר, אָבער אין אַ געוויסער צייט האָב איך געהאַט אַ שוואַכקייט צו דער פען (ער האָט זיך באַגאָסן מיט אַ רויטקייט). איך האָב זיך איינגערעדט אַ משוגעת, איך האָב געהאַט די אילוזיע... אַז פּאָעזיע איז מיין באַרוף — נו, האָב איך איינמאָל אין אַזאַ משוגעת־אָנפאַל, ווען די מוזע האָט געדריקט און דערגאַנגען די יאָרן, פאַרצייכנט יענעם ערשטן טאָג אין חדר אַזוי:

ווען איך בין אַ קליין יינגעלע געווען,
ערשט זעקס יאָר געוואָרן אַלט,
האָט מיר מיין טאַטע דאַן
אָנגענומען פאַר אַ האַנט.

און מיט אויגן, וואָס האָבן געבליאַסקעט
אָנגעקוקט מיר ער האָט
און מיט אַ יראת־הכבודדיקן געפיל,
האָב איך זיך צוגעהערט צו זיין יעדן וואָרט:

„פון היינט אָן וועסטו גיין אין חדר...
— גיי מיין קינד, גיי אָן מורא.
וועסט גיין אַלע טאָג כסדר —
וועסט גיין זיך לערנען תורה!

וועסט דאַרפן פאָלגן דעם רבין,
אַלץ וואָס ער הייסט —
פאַרגעס נישט, מיין קינד, אַז דער רבי,
זייער אַ סך ער ווייסט"

...האָט מען אַ מנין געמאַכט,
לעקעך און בראָנפן דערלאַנגט,
מען האָט אַ כוסה געמאַכט,
און יידישלעך זיך געדריקט די הענט.

ווינטשנדיק, אַז איך זאָל ווערן,
אַ תלמיד־חכם — איינער אין דור!
— הלוואי זאָל דער גוטער מלאך הערן,
האָבן ווייבער געשעפטשעט אין כאָר".

**די פּאָעזיע איז, ווי איר זעט אַליין, נישט קיין שטאַרק געראָטענע, אָבער, אַז דער דאָזיקער מאָמענט האָט זיך אויף אייביק פאַרקריצט אין מיין געדעכעניש — דאָס קענט איר אַרויסנעמען אַפילו פון אָט דעם נישט־געראָטענעם פּאָעטישן פּרווו מיינעם.**

## 7

פאַרשטייט זיך, אַז מיין טאַטנס האָפענונג, אַז איך וועל לערנען תורה, האָב איך נישט אַנטוישט. איך האָב געהאַט אַ שאַרף קעפּל און גיך אויפגעכאַפּט אַלץ וואָס דער רבי האָט געלערנט. מיין טאַטע פלעגט פון מיר גאָר שטאַרק אָנקוועלן. שבת נאָכן טשאָלנט, אָנשטאָט ער זאָל זיך אַ ביסל צולייגן, האָט ער מיך פאַרהערט. און איך האָב שוין דערקענט אין זיינע בלישטשענדיקע אויגן, אַז ער איז געווען זייער שטאַרק צופרידן.

איינמאָל האָב איך געהערט ווי ער זאָגט צו דער מאַמען:

— זאָל מען אים נאָר קיין עין־הרע נישט געבן. ער האָט אַן אָפענעם מוח. אם ירצה השם, אַז ער וועט ווערן גרעסער, וועט מען אים דאַרפן אַריינגעבן אין אַ ישיבה. מיין מאַמע האָט ווישנדיק אַ טרער פרום אַרויסגעשעפּטשעט:

— זאָל עס מיר נאָר נישט פאַרשטערט ווערן, גאָטעניו זיסער — און זי האָט אויפגעהויבן אירע גרינלעכע אויגן צו דער סטעליע און פרום אַרויפגעקוקט. איר קליינער, איינגעשרומפּענער קערפּער איז דעם מאָמענט עפּעס העכער געוואָרן. אַזוי האָט זיך מיר דעמאָלט אויסגעוויזן.

מיין טאַטע האָט טאַקע געגלייבט באמונה שלימה, אַז איך וועל אַמאָל ווערן אַ רב. ער איז געקומען צו דער דאָזיקער אמונה נישט בלויז ביים פאַרהערן מיך שבת אָדער יום־טוב, ווען איך האָבן אַרויסגעוויזן חריפות און בקיאות, וואָס איז גאָרנישט געווען לויט מיינע יאָרן, נאָר עס האָט דאָס אים אויך געזאָגט ביי יעדער געלעגנהייט מיין רבי, ר׳ חיים־זרח, אַ קליינטשיק יידל מיט אַ לאַנג שפּיציקלעך און זייער שיטער בערדל, וואָס זיינע תלמידים האָבן ליב געהאַט צוצוקלעפּן צום טיש בעת ער האָט איינגעדרימלט. ער האָט פון מיר זייער געהאַלטן און טאַקע דערפאַר האָט ער מיך אַוועקגעזעצט אין איין שורה מיט די גבירישע קינדער, כאָטש פאַר מיר האָט ער באַקומען שכר־לימוד אַ סך ווייניקער ווי פאַר זיי.

איינמאָל ביים אַרויסגיין פון בית־מדרש, נאָכן דאַוונען, איז ר׳ חיים־זרח — מיין רבי — צוגעגאַנגען צו מיין טאַטן און נאָכן דערלאַנגען אים אַ שמעק טאַבאַק, האָט ער זיך אַליין אויך מכבד געווען מיט אַ היפּשער טאַבאַק־פּאַרציע פון וועלכן ער האָט זיך שטאַרק צענאָסן. דערנאָך האָט ער אָפּגע־ווישט די גרויסע פליישיקע נאָז מיט אַ רויט טיכל, וואָס איז שטענדיק גע־ווען שמוציק און מיט זיין האַרטער שטימע אַ זאָג געטון:

— ר׳ יעקב־לייב, איך זאָג אייך אַז ער איז אַ כלי, אַ וואַזשנע כלי. עס וועט פּשוט זיין אַן עבירה פאַר גאָט ברוך הוא אויב איר וועט אים נישט שיקן אין קיין ישיבה. איך זאָג אייך, אַז ער וואַקסט אַ גדול בתורה און ער האָט אַ שנייך געטון די נאָז מיט אַ געררודער.

און כאָטש מיין טאַטע האָט פון מיר שטאַרק געהאַלטן און אים איז שוין פון פריער געווען באַקאַנט די מיינונג פון מיין רבין וועגן מיר, דאָך איז ער געוואָרן אַזוי איבערגעראַשט פון דעם וואָס ער האָט געהערט, אַז ער האָט עטלעכע מינוט נישט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט. ער איז געשטאַנען מיט אַן אָפענעם מויל און בלישטשענדיקע אויגן, האַלטנדיק אין איין גלעטן זיין ברייט צעקעמטע באָרד. נאָר ווען ער האָט זיך באַהערשט האָט ער אָנ־גענומען מיין רבין פאַרן אָרעם און צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל גיין מיט אונדז אַהיים מאַכן קידוש. ער, דער רבי, האָט זיך געפּרוּווט אָפּבעטן, זאָגנדיק, אַז זיין פּלוניתטע איז נישט מיט אַלעמען. אָבער מיין טאַטע האָט נישט אָפּגעלאָזן, זאָגנדיק:

— ר׳ חיים־זרח, זאָלן מיר אַזוי דערלעבן די גאולה שלימה, ווי איר וועט גיין צו אונדז אויף קידוש. מיין קריינע ביילען וועט צוקומען אַ שטיק געזונט. איר וועט פּשוט אין איר פאַרדינען אַ מצווה.

ער איז טאַקע מיטגעגאַנגען און מיין מאַמען שטאַרק איבעראַשט. זי, מיין מאַמע, פלעגט זיין געוווינט, אַז מיין טאַטע זאָל ברענגען פון צייט צו צייט אַן אורח צום עסן, אַמאָל איז עס געווען סתם אַן אָרעמאַן און זעלטן ווען — ווייל די גבירים פלעגן זיי אויסכאַפּן — אַ מגיד, אָבער, אַז דער רבי, ר׳ חיים־זרח זאָל קומען, דערויף האָט זי זיך אין גאַנצן נישט גערעכנט.

מיין טאַטע האָט שוין דערקענט פון איר בליק, אַז זי איז פאַרחידושט פון דעם וויזיט, האָט ער זיך אָפּגערופן מיט זיין קלינגענדיקער שטים אַ שטאַרק צופרידענער:

— קריינע־ביילע לעבן, דערלאַנג כיבוד און לאָמיר זיך משמח זיין. זעסט נישט? ר׳ חיים־זרח וועט ביי אונדז מאַכן קידוש. מען האָט געזען אויף זיין צעשיינטן פּנים, אַז ער זאָגט עס מיט שטאָלץ.

מיין מאַמע האָט דערלאַנגט ווישניק און טאָרט, וואָס זי האָט געבאַקן

לכבוד יום־טוב און אַליין עניוותדיק זיך אָפּגערוקט אין אַ ווינקל. זי האָט געוווּסט, אַז אַן אשה טאָר נישט שטיין צו־נאָענט לעבן מאַנספּאַרשוינען, אָבער מיין טאַטע האָט איר אויך דערלאַנגט אַ כוסה, זאָגנדיק:

— טרינק, קריינע־ביילע, לחיים. מיר וועלן נאָך אים ירצה השם האָבן אַ סך נחת פון אונדזער מוזיניקל.

און מיין מאַמע מיטן יום־טובדיקן טיכל אויפן שייטל האָט גענומען די כוסה און שטיל געשעפּטשעט:

— הלוואי, גאָטעניו באַרימהאַרציקער. זאָל עס מיר נאָר נישט פאַר־שטערט ווערן — און אַ הייסע טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט פון איר אויג און איז אַריינגעפאַלן אין דער כוסה.

8

אָבער איר קענט דאָך מסתמא דאָס פאָלקס־ווערטל: „אַ מענטש טראַכט — און גאָט לאַכט"... מײַנע עלטערן האָבן טאַקע געהאַט אַ האָפענונג מיך צו זען אויפן כסא־הרבנות, נאָר די צײַט האָט אַנדערש געוואָלט. אין דער צײַט האָבן שוין געברומט די מלחמה־קאַנאָנען און די דײַטשישע אַרמייען האָבן זיך שוין גענומען דערנענטערן צו אונדזער שטעטל. די רוסן האָבן בײַם צוריקציִען זיך חרוב געמאַכט די וועבערייען און הונדערטער משפחות זענען געבליבן אָן ברויט און צווישן זיי אויך אונדזער משפחה. די שלעכטע לאַגע, וואָס האָט אָנגערירט כמעט די גאַנצע באַפעלקערונג, האָט די וועבערס באַזונדער שטאַרק געטראָפן און בײַ אונדז אין שטוב האָט פשוט גענומען אויספעלן טרוקן ברויט. די מלחמה האָט אויך צונישט געמאַכט די פּלענער פון מײַנע עלטערן מיך צו שיקן אין אַ ישיבה איך בין געבליבן אין דער היים. מײַן טאַטע האָט מיך אַפילו געוואָלט אָפּנעמען פון חדר, ווײַל עס איז נישט געווען מיט וואָס צו צאָלן שכר־לימוד, אָבער דער רבי, ר' חיים־זרח האָט נישט געוואָלט הערן דערפון.

— השם יתברך וועט העלפן — האָט ער געטענהט.

דער רבי האָט טאַקע אַרויסגעוויזן צו מיר די זעלבע באַציִונג וואָס פריִער, אָבער דאָס לערנען איז שוין נישט געווען אַזוי ווי פריִער. מיר האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קוקט אויף מיר אַנדערש; אַז אַלע ווייסן, אַז איך לערן זיך אומזיסט. האָב איך שוין גענומען זוכן תירוצים כדי אויסצופעלן אין חדר און די צײַט בין איך געזעסן אין בית־מדרש איבער אַ ספר. דערווײַל האָט זיך די לאַגע געענדערט, ווי מען זאָגט, פון טאָג צו טאָג. עס האָבן זיך געביטן די אַרמייען, דײַטשישע, רוסישע, פּוילישע, וואָס האָבן פאַרנומען און פאַרלאָזט אונדזער שטעטל און יעדע אַרמיי האָט איבערגעלאָזט צרות. יעדע אַרמיי האָט גערויבט און געגזלט וואָס און וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. און דער הונגער, וואָס האָט גענומען בושעווען אין שטאָט האָט מיטגעבראַכט זײַנע נאַטירלעכע שותפים: קראַנקייטן און עפּידעמיעס.

זייער פיל איינוווינער, אַפילו קינדער, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט איבער די פעלדער און אַרומיקע וועלדער צו זוכן וואָס נישט איז, כדי צו דערהאַלטן די נשמה. אָבער אין די אויפגעריסענע אינגעווייִדן פון דער מאַמע־ערד האָט מען שוין גאָרנישט געפונען. די גערטנער און פעלדער זענען געווען נישט באַאַרבעט און פון די וועלדער האָט מען שוין יעדע יאַגדע און שוואָם פריִער צוגענומען. איז מען, ווי אבלים, צוריקגעקומען אַהיים, ברענגענדיק קראָפּיווע אָדער פאַרדאַרטע קאָרע פון וועלכע מען פלעגט באַקן אַ מין ברויט.

עס האָט זיך דערנענטערט מיין בר־מצווה. מיין טאַטנס האָפענונג איז שוין פון לאַנג געווען, אַז ווען ער וועט דערלעבן צו זיין מעזיניקלס בר־מצווה וועט ער מאַכן אַ גרויסאַרטיקן יום־טוב צו וועלכן ער וועט פאַרבעטן די שענסטע באַלעבאַטים פון שטאָט, כדי זיי זאָלן הערן מיין דרשה, וואָס איך וועל האַלטן. ער איז געווען זיכער, אַז מיט מיין דרשה וועט קלינגען אַ וועלט! אָבער אַ חודש פריִער איז מיין מאַמע קראַנק געוואָרן אויף טיפוס נאָכן אָפּמאַטערן זיך דריי וואָכן, איז זי נפטר געוואָרן און מיין אַריינגיין אין יידישן דת מיט גלייכע רעכטן און פליכטן האָט מיך געטראָפן אין גאָר אַנדערע באַדינגונגען אויף וועלכע מיר האָבן אַלע גערעכנט. אָנשטאט צו האַלטן מיין בר־מצווה־דרשה, האָב איך געהאַלטן — אַ הספד נאָך מיין מאַמען.

איבערגעבן אייך, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אויפן בית־הקברות, בעת איך, אַ דרייצן־יאָריק ייִנגל, האָב געהאַלטן דעם הספד איז פשוט אומעגלעך! איך גלייב ניט אַז עמעצער זאָל עס קענען איבערגעבן נישט נאָר מיטן מויל, נאָר אַפילו אויך נישט מיט דער פען.

די שטאָט איז טאַקע געווינט געווען צו טאָג־טעגלעכע לוויות און פיל מענטשן האָבן נישט געקענט צוליב דעם וואָס זיי זענען אַליין געזעסן שבעה אָדער געהיטן אַ גוסס, גיין צו לוויות. דאָך איז צו מיין מאַמעס לוויה געקומען אַ גאָר גרויסער עולם און הערנדיק מיין רעדן ביים אָפענעם קבר איז נישט געווען קיין איינער, וואָס זאָל נישט וויינען. אַפילו מיין טאַטע, וועלכן איך האָב קיינמאָל נישט געזען וויינען, האָט אויך געוויינט ווי אַ קינד.

ביז שלושים האָט מען געדאַוונט אין שטוב. און די גאַנצע צייט איז מיין טאַטע נישט אַרויס פון די ד׳ אמות. אַ דערדריקנדיקער טרויער האָט פאַרפינצטערט זיין פּנים. די באָרד איז ביי אים איבער נאַכט ווייס געוואָרן. מיט קיינעם האָט ער נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. בעתן דאַוונען האָט ער תמיד ליב געהאַט געוויסע פסוקים הויך אויסצוזינגען מיט זיין קול נגינה, אָבער איצט האָט ער געדאַוונט שטיל, מורמלענדיק בלויז מיט די ליפּן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, איינגעוויקלט זיך אין זיין גרויסן טלית און שאָקלענדיק זיך שטיל, געבעטן גאָט. ווען ער האָט אויסגעטאָן דעם טלית

האָט מען געזען, אַז זיינע אויגן זענען רויט און פייכט. דערנאָך פלעגט ער אָדער זאָגן תהילים, לערנען אַ בלאַט גמרא אָדער אַ פרק משניות.

נאָך שלושים, ווען מיר זענען איינמאָל געקומען פון בית־מדרש האָט מיך דער טאַטע אַריינגערופן אין זיין צימער און איינהאַלטנדיק זיך פון געוויין האָט ער מיט אַ געבראָכענער שטימע געזאָגט:

— מיין קינד, דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב געהאַפט, אַז דו וועסט ווערן... אָבער מסתמא בין איך צו דעם ניט ראוי. מן־הסתם איז דער רצון פון השם יתברך נישט אַזוי... ער האָט געמאַכט אַ פויזע ,ווי ער וואָלט זיך נאָך אַלץ מיישב געווען צי ער זאָל מיר זאָגן דאָס וואָס ער האָט מיר צו זאָגן און צום סוף האָט ער צוגעגעבן:

— איך האָב גערעדט מיט בערל דעם טאַנדעטניק, דעם וואָס מען רופט, בערל חזיר. ער וויל דיך נעמען פאַר אַ לערן־ייִנגל. צאָלן וועט ער דערווייל גאָרנישט, אָבער... ער וועט דיר געבן עסן.

ער האָט אָפּגעווישט די טרערן, וואָס האָבן זיך אים אַראָפּגעקייקלט אין דער ווייסער באָרד אַריין און צוגעגעבן:

— אין דער פרי און פאַרנאַכט וועט ער דיך לאָזן גיין דאַווענען. דאַרפסט דאָך זאָגן קדיש.

און דאַן האָב איך צום ערשטן מאָל דערפילט, וואָס עס הייסט עסן פרעמד ברויט, ביי פרעמדע טישן, כאָטש איך בין זיכער, אַז דאָס בידנע עסן, וואָס מען האָט מיר געגעבן, מערסטנטייל פון דעם וואָס עס איז געבליבן און ביי אַ באַזונדער טישל אין קיך, האָב איך כשר פאַרדינט מיטן טון אַלערליי אַרבעטן.

מיין באַלעבאָסטעס מענעריש האַרטע שטימע האָט שטענדיק געקאָמאַנ־דעוועט מיט מיר (איר קול קלינגט מיר נאָך איצטער אין די אויערן):

— יאָ־אָ־אָ־סל! שטעל פּיוולען פישן...

— יאָ־אָ־אָ־סל! לייבעלע האָט זיך באַמאַכט (זי האָט געזאָגט עפּעס אַנדערש).

— יאָסל, ברענג וואַסער. גיי אין קלייט. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, פריינט מיינער, ערשט ביי בערל חזיר אין שטוב האָב איך גענומען פאַרשטיין דעם אמתן טייטש פון דעם עבדים היינו.

אָבער וואָס מער איך האָב ביי בערל חזיר געליטן, אַלץ מיט מער התלה־בות האָב איך געדאַוונט, אַלץ פרומער בין איך געוואָרן. איך האָב מיט מיינע תפילות געוואָלט אויסבעטן, אַז גנענדל, מיין באַלעבאָסטע, זאָל איינעמען אַ מיתה משונה.

# 9

אָבער צו מיין פרומקייט האָט אויך געגומען אַ סוף, נישט מיט איין מאָל, נאַטירלעך, אָבער עס האָבן מיך אָנגעהויבן נאָגן ספיקות און אַלעמאָל זענען געקומען נייע צווייפלען וועלכע האָבן אַ סוף געמאַכט צו מיין אמונה. דער ערשטער צווייפל איז צו מיר געקומען צוליב דער פאָלגנדיקער פאַסירונג:

עס איז געווען אַ קורצע צייט נאָך דעם ווי די פוילישע מאַכט האָט זיך פאַרפעסטיקט אין אונדזער שטעטל. אָבער דער רויטער שכן איז איר שטענדיק געשטאַנען פאַר די אויגן. אין אַלץ און אין אַלעמען האָבן זיי, די פּאָליאַקן, געזען אַ געפאַר. איבער אַלע שטעט און שטעטלעך, דערפער און קאָלאָניעס, האָט מען אַרויסגעשיקט „שמעקערס" (געהיים־אַגענטן) און זיי האָבן געזוכט און גענישטערט און אויב זיי האָבן גאָרנישט נישט געפונען אין משך פון דריי חדשים האָט מען זיי באַזייטיקט פון דינסט. נו, האָבן זיי, די געהיים־אַגענטן זיך אַן עצה געגעבן און זיי האָבן ביינאַכט אונטערגעוואָרפן, וועמען עס איז, קאָמוניסטישע ליטעראַטור און אינדערפרי זענען זיי געקומען מיט פּאָליציי און אַרעסטירט זייער קרבן, נישט שוינענדיק אַפילו קיין אַלטע און קינדער.

איך דערמאָן זיך אַ שבת אינדערפרי. די זון האָט גענומען זיך אַרויסרוקן פון הינטער די בעריאָזע ביימער פון סלאָנימער וואַלד און שטעטל האָט גענומען דערוואַכן פון דעם זיסן שבת־שלאָף.

פון די הינטערשטע, שמאָלע, גויעשקע געסלעך האָבן זיך דערטראָגן פאַרשידענע קולות. אַ פּאַסטוך האָט אַרויסגעטריבן אַ טשערעדע בהמות אין פעלד אַריין. אַ צווייטער האָט זיך נאָכגעיאָגט נאָך עטלעכע חזירים, וועלכע זענען מיט זייערע קורצע פיסלעך, זייער גיך געלאָפן, דרייענדיק מיט זייערע קירצע עקן און פאַרטויבנדיק דעם אַרום מיט זייער כראַקען. עופות זענען

מיט געפּילדער אַרומגעלאָפן, פול מאַכנדיק די לופט מיט זייער קרייען און קוואַקטשען.

אויף אַ לאַנגער, מיט היי אויסגעבעטער, פור האָט זיך אויסגעזעצט אַ גאַנצע משפחה, וועלכע האָט זיך געקליבן פאָרן אין בליזנאיער וואַלד אויפ־צוקלייבן אַביסל האָלץ, יאַגדעס און שוואָמען. אָנגעפירט האָט דעם געשפאַן דער ראש פון דער משפחה, פאַן יוזעף זשוקאָווסקי — אַ הויכער, דאַרער פּאָליאַק מיט קעציסשע אויגן, פלאַקסענע האָר און פאַרדרייטע וואָנצעס. ער איז געווען אַ נייער אין שטעטל. ער איז געקומען ווען די מלחמה האָט זיך שוין געהאַלטן ביים ענדיקן. ער האָט געקויפט אַ שטוב מיט אַ גאַנצער באַלע־באַטישקייט צוזאַמען מיט אַ סך פעלד און געלעבט אָפּגעזונדערט, בלויז מיט זיין ווייב סטעפּאַ און דריי בלאָנדע שיקסלעך און מיט שכנים האָט ער נישט געהאַט צו טון. מער ווי דעם „דזיען דאָברי" (גוט־מאָרגן) האָט ער קיינעם גאָרנישט געזאָגט. איינמאָל אין וואָך, כמעט תמיד שבת, פלעגט ער איינ־שפּאַנען דאָס פערד אין וואָגן, נעמען מיט זיך דאָס ווייב מיט די קינדער און נאָכן אויפהענגען אַ גרויסן שלאָס אויף דער טיר און אויך אויפן טויער, האָט ער אַ שמייס געטון דאָס פערד און אָפּגעפאָרן אין וואַלד אַריין נאָך האָלץ.

יענעם שבת, ווען זיי האָבן דורכגעקרייצט דעם מאַרק נאָענט פון דעם קאָמיסאַריאַט (פּאָליציי־באַצירק) האָבן זיי געזען ווי אויף אַ פור, וואָס איז דורכגעפאָרן מיט געפּילדער אין דער ריכטונג פון קאָסעווע, זענען געזעסן פיר אוניפאָרמירטע פּאָליציאַנטן מיט ביקסן אין די הענט און צווישן די פּאָליציאַנטן איז געזעסן אַ בידעריק קיילעכדיק מענטשל מיט אַ גרויסער גאָלער באָרד, אויף וועלכער עס האָט געקאַפּעט בלוט פון אונטערן היטל. אויף דער פור זענען אויך געזעסן זיין ווייב און זיינע צוויי זין.

פאַן זשוקאָווסקי האָט, נישט אָפּשטעלנדיק זיך, אַרויסגעציִשעט:

— פּאַרשיווע זשידזשי! פשאַ־קרעוו (פּאַרשיווע יידן, הינטיש בלוט).

ביסלעכווייז האָט דאָס שטעטל דערוואַכט. פון אַלע זייטן האָבן זיך גע־נומען באַווייזן יידן אויסגעפּוצטע, מיט צעקעמטע בערד, הויכע היטלען אָדער קיילעכיקע שליאַפּעס, סורדוטן אָדער לאַנגע קאַפּאָטעס, זיי האָבן געטראָגן פּלושענע זעקעלעך אונטערן אָרעם: די טליתים. אַ טייל קינדער זענען מיט יראת־הכבוד מיטגעגאַנגען מיט זייערע טאַטעס דאַווענען.

מען האָט אויך געזען פיל ווייבער, מיט שייטלען און אַנדערע אפילו אין די אייגענע האָר, מיט טיכלעך אויף די קעפּ, אַרומגענומען ביז אונטער דער גאָמבע און מיט לאַנגע ברייטע קליידער. זיי האָבן זיך אויך געאיילט אין דער שול.

כמעט אַלע האָבן זיך געקענט און ביים באַגעגענען זיך האָט מען זיך באַגריסט:

— אַ גוט שבת.

— אַ גוט שבת, אַ גוט יאָר.

אין גרויסן געמויערטן בית־מדרש איז ווי שטענדיק געווען פול מיט מתפּללים, וועלכע האָבן געוואַרט אויפן רב, ר׳ שעפּסעלע, כדי אָנצוהייבן דאַווענען. מען האָט געוווּסט, אַז ר׳ שעפּסעלע, וואָס איז כל־ימיו געווען אַ חלוש איז שוין לעצטנס אַ נוטה־למות, פעלט קיינמאָל נישט צום דאַווענען. אַזוי אַ גאַנצע וואָך ווען ער דאַוונט מיטן ערשטן מנין און אַזוי אויך אין די שבתים און ימים־טובים, ווען מען דאַוונט אַלע צוזאַמען און ער קומט אַבי־סעלע שפּעטער. דעריבער וואַרט מען און קיינעם פאַלט גאָרנישט איין נישט צו וואַרטן אויפן רב.

— מער פעלט נישט.

זענען אַלע געזעסן און געוואַרט אויפן רב און בעת־מעשה האָבן אַ סך אַריינגעקוקט אין אַ ספר, אָדער גלאַט געכאַפּט אַ שמועס. אָבער סיי דאָס אַריינקוקן אין די ספרים און סיי דאָס שמועסן איז געטון געוואָרן מיט דער גרעסטער שטילקייט, טאַקע ווי עס פּאַסט פאַר אַ מקום קדוש. אָבער פּלוצים, איז די שטילקייט איבערגעריסן געוואָרן. עס איז אַריינגעקומען דער בית־הקברות־מאַן פויע (געהייסן האָט ער פּייוול, אָבער גערופן האָט מען אים פויע, נישט צו וויסן פאַרוואָס), וועלכער האָט הינקענדיק (דער רעכטער פוס איז געווען ביי אים קירצער ווי דער לינקער), זיך דערנענטערט צום באַלע־מער אויף וועלכן ער האָט אַ פּאַטש געטון מיט גרויס גבורה. מיט זיין הייזעריקלעכער שטימע האָט ער אַ הילך געטון איבער דעם גאַנצן מקום קדוש:

— ייִדן! אַן אומגליק.

מען האָט אים אַרומגערינגלט און מען האָט אים גענומען פרעגן, וואָס עס איז געשען, אָבער ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן:

— ייִדן, אַן אומגליק! אַ גרויסער אומגליק!

דערווייל איז אַריינגעלאָפן אַ פאַרסאַפּעטער זיין ייִנגסטער זון, אַרקע, וועלכער האָט, נאָכן אָפּכאַפּן דעם אָטעם, גענומען דערציילן:

— היינט פאַרטאָג איז געקומען פּאָליציי צו רוווּעלע דעם רימער און מען האָט אים צוגענומען, צוזאַמען מיט באַשען, זיין ווייב, און שמחהן מיט דודקען, זיינע קינדער. מען האָט זיי איינגעזעצט אין „קאָזע״ און נאָך־וואָס האָט מען זיי, באַוואַכט פון פּאָליציי מיט ביקסן, אַוועקגעפירט קיין קאַטאָווע.

## 10

אין בית־מדרש איז פלוצים שטיל געוואָרן. מען איז געבליבן ווי צוגעשמידט צו די ערטער און מיט צעשראָקענע אויגן האָט מען געקוקט שטאַר. די שטילקייט איז געווען אַ שווערע. אַזאַ שטילקייט, אַז מען האָט אַפילו געהערט ווי ביים אַריינגאַנג זענען פון קופערנעם כיור געפאַלן טראָפנס אין בעקן אַריין.. קיינער האָט נישט געקענט און נישט געוואַגט אַרויסצורעדן קיין וואָרט. איינער האָט געקוקט אויפן צווייטן און אַלע האָבן געוואַרט, אַז „ער" זאָל עפעס זאָגן. און דער „ער" איז געווען ראובן דער אייזנקרעמער, דער הויפט־גבאי פון בית־מדרש, וועלכער האָט זיך מיט זיינע קורצע שווערע פיסלעך אַריינגעשאַרט אין רעדל. מיט דער רעכטער האַנט האָט ער אַראָפּגענומען די פענסנע, וואָס איז געווען צוגעטשעפעט צו אַ שוואַרצן שנירל אַרום דעם האַלדז און מיט אַ פּאָר פינגער פון דער לינקער האַנט האָט ער זיך אַ קראַץ געטון די גאָמבע, וואָס איז געווען באַוואַקסן מיט אַ קליין גרויגעלבלעך, קיילעכדיק אַרומגעשאָרן בערדל. מיט די גרויסע וואַסערדיקע אויגן, וואָס האָבן אַראָפּגעקוקט פון אַ ברייט פּנים האָט ער זיך איינגעגעסן אין בערדל, וואָס ער האָט מיט די פּאָר פינגער אויסגעהויבן און אויסגעבויגן אויף אַרויף צו ווי ער וואָלט עס געוואָלט אַריינלייגן אין מויל און מיט זיין דינער שטימע, האָט ער אַריינגעקוויטשעט אין באָרד אַריין:

— אַזוי... אום שבת...

ייִדן האָבן דאָס דערהערט האָבן זיי פרום געשאָקלט מיט די קעפּ, שעפּטשענדיק:

— איי, איי, איי, אום שבת... איי, איי, איי...

עס איז נאָך נישט שטיל געוואָרן, ווי עס האָט זיך אַריינגעמישט ר' מרדכי יצחק (אָדער ווי מען האָט אים גערופן: ר' מרדכי־איטשע דער מאַנופאַקטורניק), וועלכער האָט מיט זיין הייזעריקער שטימע זיך אָפּגערופן מיט

אַ גמרא־ניגון, שאָקלענדיק בעת־מעשה מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט עפּעס באַ־דויערט:

— איי, ר׳ ראובן, ר׳ ראובן, שבת איז דאָך פאַר אונדז אחינו בני ישראל, אָבער פאַר עשו׳ן...

— אָבער, זאָג מיר נאָר — האָט אַ פרעג געטון אַרקען שמואל־חיים דער מילנער, אַ ברייט־פּלייציקער מיטלוואוקסיקער ייִד, מיט אַ צעקעמטער באָרד אין צוויי שפּיצן און מיט אַ גרויסער בראָדעווקע אויף ז׳ער לינקער באַק — פאַרוואָס האָט מען זיי איינגעזעצט אין קאָזע?

אַרקע, אַ פערצן־יאָריקער דאַר יינגל מיט אַ לאַנג פּנים, שפּיציקע קינ־באַקן און טיפע טונקל־בלויע אויגן האָט אַ צי געטון מיט זיינע שפּיציקע אַקסלען, ווי ער וואָלט געזאָגט:

— וואָס וויס איך?

אָבער אין דער אמתן האָט ער יאָ געוווּסט, און געוווּסט האָט ער עס פון זיין עלטערן ברודער שלמה, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: שליימקע, וועלכער איז נישט לאַנג צוריקגעקומען פון טורמע, וווּ ער איז אָפּגעזעסן שיינע עטלעכע הדשים, ווייל מען האָט אים געכאַפּט ביים פאַרשפּרייטן קאָ־מוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס. שליימקע האָט אים, אַרקען, דערציילט, אַז אין דער געגנט דרייען זיך אַרום אַ סך „שמעקערס״, זוכן וואָרפן אונטער פּראָקלאַמאַציעס, כדי צו האָבן וועמען צו אַרעסטירן און אַז ער, שליימקע, האָט אַליין געזען ביינאַכט, ווען ער איז געגאַנגען „אויף אַרבעט״, ווי אַרי־בערשפּרינגענדיק דעם פּלויט איז אין רימערס הויף אַריין איינער מיט אַ קליין פּעקל אונטערן אָרעם און אין אַ ווײַלע אַרום איז ער פון דאָרט אַרויס אָן דעם פּעקל. ער, שליימקע, האָט אים דערקענט: דאָס איז געווען איינער פון די וואָס האָבן אים געפּייניקט, ווען מען האָט אים אַרעסטירט.

אָבער, אַרקע, כאָטש ער האָט דאָס אַלץ געוווּסט, האָט ער פונדעסטוועגן גאָרנישט געוואָלט זאָגן, ווייל זיין ברודער האָט אים שוין אויסגעלערנט די תורה פון קאָנספּיראַציע.

פונדעסטוועגן, האָט ער נאָך אַ ווײַלע טראַכטן, אַ מורמל געטון:

— איך וויס? מען זאָגט, אַז מען האָט ביי אים געפונען בלעטלעך...

— שוטה איינער! — האָט אַרקען אַריינגעשריגן אין פּנים פּייטל דער טאַנדעטניק — צוליב בלעטלעך וועט מען אַ גאַנצע משפּחה איינזעצן אין קאָזע אַריין? וואָס? ס׳איז הפקר פּעטרושקע?!

— מיר דאַכט זיך, אַז דער שוטה ביסטו — האָט זיך אַריינגעמישט מרדכי־איטשע, ווייל די בלעטלעך, זאָלסטו מיר וויסן זיין, זענען שוין איינ־

מאָל בלעטלעך. וואָס ווייסט איר ייִדן, — האָט ער זיך שוין געווענדט צו אַלע — וואָס פאַרא בלעטלעך דאָס זענען?

און בייטנדיק דעם טאָן אויף נידעריקער און אַרומקוקנדיק זיך גוט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז דאָ, אין בית־מדרש זאָל זיך נישט געפינען קיין „שמעקער", האָט ער פאַרגעזעצט:

— ווען איך בין אַנומלטן געפאָרן קיין וואַרשע נאָך סחורה, האָט איר געדאַרפט הערן, וואָס מען האָט זיך דאָס דאָרטן אָנדערציילט וועגן אָט־אָ די בלעטלעך. איי, איי, איי — איז ער אַריין אין התפעלות.

ער האָט נאָך געמאַכט אַ קורצע פויזע, באַטראַכטנדיק אַלעמען, און בסוד צוגעגעבן:

—מ׳זאָגט, אַז דאָס זענען בלעטלעך פון די אחדותניקעס. זיי זענען קעגן מלכות. זיי ווילן אַראָפוואַרפן דאָס מלכות.

עמעצער האָט אַ פרעג געטון:

— ווער, ראובעלע דער רימער?...

אַ צווייטער האָט אַריינגעוואָרפן:

— ער קען דאָך נישט רעכט קיין שייטל עברי.

משה־עוזר דער „אויפגעקלערטער" האָט זיך אַריינגעמישט:

— איי, בטלנים, בטלנים, צו אַראָפוואַרפן מלכות דאַרף מען נישט קיין שייטל עברי — נאָר אָט־דאָס — און ער אויפגעהויבן זיין רעכטע האַנט, וואָס ער האָט פאַרוואַנדלט אין אַ פויסט.

די רייד האָבן גלייך אויפגעהערט, ווייל אין דער טיר האָט זיך באַוויזן דער רב, ר׳ שעפּסעלע, באַגלייט פון זיין איידעם דעם דיין, און יעדער איז געגאַנגען אויף זיין אָרט. ר׳ ראובן דער גבאי מיט מרדכי־יצחקן צו זייערע מזרח־„שטעט" און פויע הינטערן אויוון. מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען, אָבער מען האָט שוין נישט געדאַוונט מיט דער התלהבות, ווי שטענדיק. אויף אַלעמענס פנימער האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ מרה־שחורה. יעדנס האַרץ האָט געדריקט און ביי מיר אין מוח האָט גענומען פּיקן און זיך אויספּיקן אַ שאַר־פער „היתכן"? אַ היתכן אויף וועלכן מען טאָר קיין קשיות נישט פרעגן. איך האָב אָבער יאָ געפרעגט. פאַרוואָס — האָב איך זיך געפרעגט — קומט עס אַזאַ פראָסטן זייער פרומען און ערלעכן ייִדן צו ליידן אַזוי פיל בזיונות און יסורים? פאַרוואָס קומט עס אַזאַ שטילן ייִדן צו ליידן? די און נאָך אַנדערע „פאַרוואָסן" האָבן אין מיין מוח גענומען עגבערן און ביי מיר צו־גענומען מיין רו.

## 11

ראובן דער רימער איז געווען זייער אַ קליין־ווּקסיקער (און דעריבער האָט מען אים גערופן ראובעלע), אַ פולער, מיט אַ גרויסער קודלעוואַטער באָרד, אַ קליין כמעט נישט אָנזעעוודיק פּלאַטשיק נעזל און טונקעלע, מילדע אויגן, וואָס האָבן אויף אייך געקוקט פון אונטער געדיכטע באַוואַקסענע ברעמען. ער איז געווען פון די פּשוטע ייִדן. הגם ער האָט נישט געקענט לערנען — ער האָט קוים געקענט דאַווענען פון סידור און זאָגן אַ קאַפּיטל תהילים — דאָך איז ער געווען דורכגענומען מיט אמתן יראת השמים און איז געווען אַ סך פרומער פון פיל וואָס קענען לערנען אָדער לערנען, כדי אַנדערע זאָלן זען און מיינען אַז זיי קענען.

אויפשטיין פלעגט ער זייער פרי. ער פלעגט פּראַווען חצות, אויפשטיין אַרום האַלבער נאַכט, געזאָגט ביז אַ זייגער צוויי און זיך צוגעלייגט ביז אַזייגער פינף. דאַן פלעגט ער אויפשטיין און אַוועקגיין אין בית־מדרש, ווו ער האָט געדאַוונט מיטן ערשטן מנין. ווען ער איז צוריקגעקומען, האָט אים באַשע זיין ווייב, דערלאַנגט אַ גלאָז ציקאָריע מיט ברויט און ער פלעגט זיך דערנאָך נעמען צו זיין מלאכה. אין מאַרק־טעג פלעגט ער אַרויפלייגן זיין גאַנצע סחורה אויף אַ וואָגן, וואָס ער האָט ספּעציעל איינגעאָרדנט אַזוי אַז זי זאָל זיין אַ מין פאָרנדיקע קראָם. אַרויספאָרן אויפן מאַרק פלעגט ער מיט זיין גאַנצער משפחה, מיטן ווייב און מיט ביידע זין, שמחה און דוד.

דער עלטסטער, שמחה, איז אינגאַנצן געווען געראָטן אין טאַטן און ער האָט פון קליינווייז אָן אָנגעהויבן צו העלפן דעם טאַטן אין דער אַרבעט, ווייל ער האָט געהאַט אַ האַרטן קאָפּ און וואָס דער רבי האָט מיט אים גע־לערנט האָט זיך צו אים געקלעפּט ווי אַן אַרבעט צו דער וואַנט. זיין טאַטע האָט דערפון שטאַרק געליטן. אָבער ווען ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער אַליין האָט אויך נישט געהאַט קיין בעסערן קאָפּ, איז אים דער כעס אַריבער. פונדעסטוועגן האָט ער אַ סך מאָל מיט פאַרדרוס אַ זאָג געטון:

— ער וועט אַפּילו קיין קדיש נישט קענען זאָגן.

גאָר אַנדערש איז געווען דודל. ער איז געווען אַ זשוואַווער יינגל, מיט אַ לויטער, שטענדיק שייַנענדיק פּנים און ליכטיקע, לאַכנדיקע אויגן און מיט אַ פייערדיקן רויטן קאָפּ האָר. ער האָט געהאַט אַ גוט קעפּל און ר׳ חיים־זרח, דער רבי, האָט פון אים שטאַרק אָנגעקוואָלן און נאָך מער פון רבין האָט פון אים שטאַרק אָנגעקוואָלן זיין טאַטע. דעריבער האָט ער אים נישט אַריינגענומען אין וואַרשטאַט: ער האָט נישט געוואָלט, אַז דודל זאָל ווערן אַ בעל־מלאכה.

— אפשר וועט מיר דער רבונו־של־עולם העלפן — האָט ער פיל מאָל געזאָגט און געמיינט האָט ער, אַז זיין קינד וועט ווערן אַ גדול בתורה.

און צו אָט דער משפּחה איז דאָס אַ שבת פאַרטאָג פאַרקראָכן דער „שמעקער“ און אונטערגעוואָרפן קאָמוניסטישע פּראָקלאַמאַציעס, פון וועלכע זיי האָבן אַזויפיל געוווּסט וויפל אַ האָן ווייסט פון בני אדם.

צום ערשט, ווען מען האָט זיי אַרעסטירט און איינגעזעצט אין דער תפיסה פון דערבייַיקן שטעטל קאָסעווע האָט מען געמיינט אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט מען זיי באַפרייען. אָבער, אַז עס איז אַריבער אַ וואָך און נאָך אַ וואָך, האָט מען אָנגעהויבן לויפן צום וויצע בירגערמייסטער, אַ ייִד, אַז ער זאָל זיך משתדל זיין מען זאָל זיי באַפרייען.

— ס׳איז דאָך אַ חילול־השם! — האָבן ייִדן צו אים געטענהט.

אָבער דער וויצע־בירגערמייסטער האָט געענטפערט, אַז ער קען פאַר זיי גאָרנישט טון, ווייל זיי זענען קאָמוניסטן.

— האַ? וואָס זענען זיי? — האָט ראובן דער גבאי נישט פאַרשטייענדיק געפרעגט.

דאָס איז אַוודאי געווען דאָס ערשטע מאָל ווען ער האָט דערהערט אַזאַ וואָרט.

דער וויצע־בירגערמייסטער, וואָס האָט „געטריבן“ ביר און איז געווען — לויט די דעמאָלטיקע באַגריפן — אַן אויפגעקלערטער, ווייל ער האָט גע־לייענט סיי ייִדישע און סיי פוילישע צייטונגען, האָט זיך געלאַסן אָפּגערופן:

— די קאָמוניסטן — ר׳ ראובן, זענען נישט ווערט, וואָס די ערד טראָגט זיי אויף זיך. אין רוסלאַנד, ווו זיי זענען איצט ביי דער מאַכט, האָבן זיי פאַרברענט פיל, זייער פיל צערקוועס.

— אַ שיינע און ריינע כפרה — האָט ר׳ ראובן אַ זאָג געטון.

אָבער זיי האָבן אויך פאַרברענט שולן און בתי־מדרשים — האָט דער וויצע־בירגערמייסטער ווייטער דערציילט — מען לאָזט קיינעם נישט דינען צו גאָט. נו, ווילט איר, איך זאָל זיך משתדל זיין פאַר אַזעלכע?...

ער האָט נישט פֿאַרענדיקט, ווייל ער האָט נישט געפֿונען קיין גענוג שטאַרק וואָרט צו באַצייכענען זיין פֿאַראַכטונג און כעס צו די קאָמוניסטן.

אין רחבֿותדיקן צימער פֿון בירגערמייסטער איז געוואָרן טויט־שטיל. אָבער גלייך האָט זיך אַריינגעמישט הלל דער נאָטאַריוס, וועלכער האָט זיך אָפּגערופֿן:

— פֿאַן בורמישטש, ווי אַזוי קען אַזאַ פֿרומער ייִד זיין אַ קאָמוניסט?

די פֿראַגע האָט אַלעמען איבערגעראַשט און מער פֿון אַלעמען דעם בירגערמייסטער גופֿא.

ער האָט זיך אַ רגע פֿאַרלוירן, אָבער באַלד דערנאָך האָט ער מיט רוגזה געענטפֿערט:

— אַז די מאַכט אַרעסטירט, ווייסט זי וואָס זי טוט. אומשולדיקע מענטשן טשעפּעט מען נישט.

די דעלעגאַציע האָט, הערנדיק דעם ענטפֿער פֿאַרשטאַנען, אַז ער וויל גאָרנישט טון פֿאַר די אַרעסטירטע. האָבן זיי געזאָגט „אַ גוטן טאָג" און שטילע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, ווי אבֿלים, זיך אַרויסגעשאַרט פֿון צימער.

# 12

פונקט ווי זיי זענען פּלוצים פאַרשווונדן געוואָרן יענעם שבת אינדער־פרי, וועלכן מען האָט אַ נאָמען געגעבן „דער פאַרשטערטער שבת", אַזוי האָט מען זיי אויך מיט דריי חדשים שפּעטער פּלוצים דערזען אין שטעטל אין אַן ערב שבת, אָבער עס איז זיי אוממעגלעך געווען צו דערקענען. פון דעם שטענדיק פולן, קיילעכדיקן ראובן איז געוואָרן אַ העלפט (צוליב כשרות האָט ער, אַ חוץ ברויט מיט וואַסער, גאָרנישט פאַרזוכט) זיין געלע באָרד האָט באַקומען אַ מאָדנעם גרויען קאָליר און די שטענדיקע מילדע אויגן האָבן אויף יעדן געקוקט ווי דערשראָקן. געזען האָט מען אים אין ערגעץ נישט. אַפילו דאַוונען איז ער נישט געגאַנגען אין בית־מדרש, נאָר געדאַוונט אַליין אין שטוב. וועגן אַרויספאָרן אין מאַרק אַריין אין די יאַריד־טעג איז דאָך שוין געווען אָפּגערעדט.

זיין ווייב באַשע, וואָס איז אַלעמאָל געווען דאַר און איינגעשרומפּן, מיט אַ קליינעם שפּיציקן פּנים און פרומע אויגן, איז ביים צוריקקומען גלייך אַריינגעפאַלן אין בעט, פון וועלכן זי איז שוין נישט אויפגעשטאַנען, ווייל צו די דריי וואָכן איז זי געשטאָרבן.

שמחה, וואָס איז געווען אַ קיילעכדיקער, ווי זיין טאַטע, און איז אויך ווי ער, געגאַנגען שווער, קוים זיך באַוועגט, איז ביים צוריקקומען, אַרומגעלאָפן מיט אַ דערשטוינענדיקער שנעלקייט און געקרייט... קינדער און לאָ־בוזעס האָבן אים אַרומגערינגלט און צוואָרפנדיק אים אַ שטיקל ברויט, וואָס ער האָט מיט אַ ווילדקייט גענומען גריזשען — האָבן זיי לאַכנדיק געשריִען:

— נאַ שמחה, און קריי, אָבער קריי גוט!

און ער האָט אַ פּאַטש געטון מיט די הענט, וועלכע ער האָט דערנאָך צענומען, ווי זיי וואָלטן געווען פליגל און הייזעריקלעך זיין צעקרייט:

— קו־קע־רי־קו־ו־ו!

ער איז שטיל געוואָרן, אָנגעקוקט די חברה מיט זיינע אויגן, וואָס זע־נען פאַר דער צייט ווי פאַרגלעזערט געוואָרן און זיך צעשריען:

— גיט מיר אַ שטיקל חזיר. איך וויל עסן חזיר. איך ק... אויף אייך, דרעקישע חזירים... קו־קע־רי־קו־ו!

און דודל — אָט דער שטענדיק פריילעכער יינגל מיט די לאַכנדיקע אויגן האָט זיך אַרומגעדרייט אויפן מאַרק און גערעדט צו זיך אַליין:

— און גאָט האָט מיר אַזוי געזאָגט: נעם צונויף אַלע מענטשן פון דער וועלט און מאַך זיי פאַר ייִדן... און פיר זיי אַוועק ווייט, ווייט. און צעשפּרייט דיינע הענט ווי פליגל, ווייל אין דער הייליקער תורה שטייט געשריבן: על כנפי... על כנ...

ער האָט זיך פאַרהאַקט, געבליבן שטיל און מיטאַמאָל האָט ער אויפגעהויבן זיין לינקע האַנט, געביילט אַ פויסט און געגעבן אַ שפּרונג אין דער לופטן, ווי ער וואָלט וועלן מיט זיין פויסטל צום הימל דערלאַנגען. ער האָט אַרויפגעקוקט צום הימל מיט אַ חוצפּהדיקן בליק און געזאָגט:

— וואָס גייט עס דיך אָן, וואָס איך בין, האַ? אַ ייִד? אַ גוי? אַ חזיר? אַ קאָמוניסט? זאָג, זאָג: וואָס גייט עס דיך אָן?

מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין גלייך און ערנסט, ווי ער וואָלט אויף עפּעס געוואַרט און דערנאָך האָט ער זיך געזונגען:

וואָס האָט איר, ברידער, צו פאַרלירן,\
וואָס טויג אייך אַ לעבן אָן ברויט\
צו וואָס זאָלט איר שטענדיק ווינטער פרירן\
און זומער ליידן הונגער און נויט!

13

איינמאָל, אהיימגייענדיק פון בית־מדרש, האָב איך געזען ווי חברה קונדסים שטיפן מיט שמחהן. עס האָט מיך אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרצן, אַז איך האָב געמיינט, אַז איך פאַל אין חלשות. פלוצים, ווי געטריבן פון אַ נישט־גוטן, האָב איך גענומען זיך דערווייטערן מיט שנעלע טריט. נאָר מיט־אַמאָל איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן לעבן מיר מאָטל, חיים טאַראַנס, וועלכער איז געווען פון מיין עלטער, און ער איז געווען אַ גבירישׁ קינד. זיין טאַטע האָט געהאַט אַ הורטאָוונע קלייט און ער — צום לערנען נישט קיין גרויסער בעלן — איז אַריין אַרבעטן ביים טאַטן אין קלייט, וווּ ער האָט זיך דווקא יאָ אויסגעטויגט. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט האַרט לעבן מיר און אַנווייזנדיק אויף דער כאַפּטע האָט ער זיך אָפּגערופן:

— וואָס זאָגסטו צו דעם?

איך בין געבליבן אַ פאַרחידושטער פון זיין פראַגע און נאָך מער דערפון וואָס ער האָט זיך פלוצים געווענדט צו מיר מיט דער דאָזיקער שאלה, ווייל צוליב דעם אונטערשיד פון אונדזער לאַגע האָבן מיר זיך פריִער נישט גע־חברט. און דאָ פלוצים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט לעבן מיר און מיך געפרעגט אַ קשיה.

איך האָב זיך אָבער באַהערשט און אים געענטפערט:

— וואָס איך זאָג? — האָב איך איבערגעפרעגט און גלייך צוגעגעבן:

— איך זאָל נישט געשטראָפט ווערן פאַר די רייד, אָבער אַזאַ אָרנטלעכער ייִד ווי ראובן דער רימער האָט אַוודאי נישט פאַרדינט אַזאַ שטראָף.

דערשרעקנדיק זיך אַליין פאַר מיינע אַפּיקורסישע רייד, האָב איך גלייך צוגעגעבן:

— אָבער, ווער זענען מיר, צו זאָגן דעות דעם רבונו־של־עולם? ער ווייס וואָס ער טוט.

מאָטל האָט אַ שמייכל געטון:

— מיר וועלן נאָך וועגן דעם רעדן.

ער האָט זיך אויסגעדרייט און גענומען אַוועקגיין. ער איז אָבער גע־בליבן שטיין און אויסדרייענדיק זיך צו מיר, געזאָגט:

— קום צוגיין שבת נאָכן טשאָלנט צו פויען אין שטוב.

איך האָב דערשראָקן אַ פרעג געטון:

— אויפן בית־עולם?...

— יאָ — האָט ער געענטפערט — האָב נישט קיין מורא...

און ביים אַוועקגיין האָט ער צוגעגעבן:

— פאַרגעס נישט. אַזייגער צווי.

פון אָנהייב האָב איך זיך דערשראָקן פאַרן בלויזן געדאַנק צו גיין אויפן בית־עולם. און דערשראָקן האָב איך זיך נישט דערפאַר, ווייל איך בין געווען אַ פחדן, נאַר... וואָס הייסט עפּעס גיין שבת אויפן בית־עולם? וואָס הייסט עפּעס גיין צו פויע קברן אין שטוב אַריין?

אָבער די פאָר טעג ביז שבת בין איך אַרומגעגאַנגען פשוט ווי אַ צע־חושטער. סיי ביים דאַוונען און סיי ביים לערנען, סיי אין גאַס, סיי ביי בערל חזיר אין שטוב האָט מיך מאָטלס רוף קיין רו נישט געגעבן. ער האָט גערייצט מיין נייגעריקייט און מיין יינגלישע פאַנטאַזיע:

— וואָס איז דאָרטן, ביי פויע קברן אין שטוב? צו וואָס רופט מיך מאָטל דאָרט אַהין?

שבת, נאָכן טשאָלנט, גלייך ווי דער טאַטע האָט זיך צוגעלייגט, האָב איך זיך אַרויסגעשאַרט פון שטוב און דורך הינטער־געסלעך בין איך מיט גיכע טריט געגאַנגען, כמעט געלאָפן, צום בית־עולם.

ווען איך בין צוגעקומען צום הילצערנעם פּלויט זענען מיר אַנטקעגן געקומען אַרקע און מאָטל, וועלכע האָבן מיר צופרידענע באַגריסט און מאָטל האָט זיך אָפּגערופן:

— מאַלאַדיעץ! איך האָב געוווּסט, אַז דו וועסט קומען. קום אַריין.

אינעווייניק האָב איך דערזען שליימקען, בערל־איטשע דעם בעקערס און ברוך, ציפּע דער אלמנהס. דאָס זענען געווען די וואָס איך האָב געקענט. און אַחוץ דעם האָב איך געטראָפן צוויי אינגאַנצן אומבאַקאַנטע מענטשן. איינער פון זיי, וועלכן מען האָט גערופן „חבר סיאָמע“ האָט גענומען רעדן אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע רייד, אַז איך האָב נישט פאַרשטאַנען איין וואָרט אַפילו. איך האָב נישט געקענט צעקייען די מאָדנע ווערטער: „קאַפּיטאַ־ליזם“, „קלאַסן־קאַמף“, „פּראָלעטאַריער“ וכדומה. אָבער אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס, האָב איך זיך געפילט דאָרט גוט, און איך האָב באַקומען אַ חשק זיך

צו דערגרונטעווען דעם טייטש פון אָט די פּאָר מיר אומפאַרשטענדלעכע ווערטער.

דערנאָך, ביים צוריקגיין, האָט מיך מאָטל באַגלייט און ער האָט מיר דערקלערט אַ סך פון די זאַכן, וואָס „חבר סיאָמע״ האָט דערמאָנט און וועלכע איך האָב ניט פאַרשטאַנען. און מאָדנע: אייניקע זאַכן האָבן זיך גענומען צו מיר צוקלעפּן. איך האָב זיי גענומען צעקייען און פאַרשטיין. אָבער איין זאַך האָב איך נישט פאַרשטאַנען, און נאָך מער: איך האָב אַפילו נישט געוואָלט פאַרשטיין. דאָס איז געווען... יאָ, דאָס איז געווען, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן ראובן דעם רימער און איך האָב ווידער געזאָגט, אַז מיר האָבן נישט קיין רעכט צו זאָגן דעות דעם ריבונו־של־עולם און אַז אַלץ וואָס ער טוט דאַרפן מיר זאָגן: גם זו לטובה, ווייל עס האָט נאָך געקענט זיין ערגער. ווען איך האָב דאָס געזאָגט, האָט יאָסל זיך צעלאַכט און אַרויפלייגנדיק אַ האַנט אויף מיין אַקסל, האָט ער אָפּגערופן:

— איבער דיר, יאָסל, וועט מען נאָך דאַרפן אַ סך אַרבעטן ביז מען וועט דיך מאַכן פאַר אַ מ...

ער האָט נישט פאַרענדיקט, האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט זיך מישב געווען צי זאָל ער מיר טאַקע זאָגן דאָס אַלץ וואָס ער האָט מיר צו זאָגן.

פון דעם נאָענטן בליזניאַנער וואַלד האָט זיך דערטראָגן אַ ריח פון סמאָלע און טערפּענטין. די קאַרטאָפל־ און קאָרן־פעלדער זענען געשטאַנען האַלב־נאַקעטע. דאָ און דאָרט האָבן פויערים און פויערטעס זיך געפּאָרעט צווישן די בייטן. פייגל זענען דורכגעפלויגן, אָנפילנדיק דעם אַרום מיט זייער סוויס־טשעריי. אַ בנעימותדיק ווינטל האָט אונדז געגלעט און מאָטל האָט זיך פּלוצים אָפּגעשטעלט, אָננעמענדיק מיך פאַרן אָרעם און איך בין אויך גע־בליבן שטיין אויסגעדרייט צו אים. מיר האָבן זיך ביידע אָנגעקוקט. זיין פּנים איז געווען ערנסט. די טונקל־ברוינע טיפע אויגן, וואָס האָבן אַרויסגעקוקט פון ברייטן פלאַטשיקן פּנים האָבן אויסגעדריקט ספק. אָבער ביסלעכווייז האָבן זיינע אויגן גענומען קריגן אַן אַנדער אויסדרוק. זיי האָבן גענומען בלישטשען און גלייכצייטיק גלעטן. די דיקלעכע ליפּן האָבן זיך פּאַמעלעך גענומען עפענען און אַ וואַרעמער שמייכל האָט נאָך ברייטער געמאַכט זיין אַזוי אויך ברייט פּנים און נאָך שפּיציקער געמאַכט זיין פאַרריסן נעזל.

— עס איז באמת אַ שאָד — האָט ער זיך אָפּגערופן — וואָס אַזאַ ווילער יאַט ווי דו קען נישט געפינען דעם ריכטיקן וועג. אָבער איך וויל האָפן, אַז דו וועסט אים גאָר אינגיכן געפינען. און וואָס שייך דעם זאָגן גאָט דעות... נו, לאָמיר בעסער וועגן דעם נישט רעדן, ווייל...

זיין פּנים האָט ווידער באַקומען אַן ערנסטן אויסדרוק. זיינע אויגן האָט ער אַביסל פאַרזשמורעט און זיין קול האָט זיך געביטן, געוואָרן אַ ביסל האַר־טער.

— הער אויס — האָט ער ווייטער געזאָגט — די וועלט גייט פאָרויס. דאָס וואָס מיר האָבן נעכטן פאַרשטאַנען פאַר גוט, טויג היינט נישט און מאָרגן וועט עס זיין שעדלעך! דער מענטש מוז גיין מיט דער צייט! מיט דורות צוריק, ווען דער מענטש איז געווען אָפּגעשטאַנען און ווילד האָט מען פאַר אים געדאַרפט האָבן, האָט מען פאַר אים געמוזט האָבן אַ סטראַשידלע פאַר וועלכער ער זאָל מורא האָבן. נו, האָט מען אים געגעבן אַ גאָט! מיט דער צייט האָט מען געמאַכט אַ סך געטער און יעדער מיינט, אַז זיינער איז דער בעסטער, דער אמתער, אָבער מיר, מיר וואָס קעמפן פאַר אַ בעסערן מאָרגן האָבן נישט מורא פאַר קיין אויסגעטראַכטע געטער. אין קאַמף פאַר אַ גליקלעכן מאָרגן אָן עקספּלאָאַטאַציע, קענען מיר זיך נישט פאַרלאָזן אויף די אַלע קאָנצעפּטן וועגן גאָטהייט. מיר מוזן גלייבן אין די אייגענע כוחות און בלויז אַזוי אַרום וועלן מיר דערגרייכן אונדזער ענדציל.

— הייסט עס, אַז דו גלייבסט נישט אין גאָט? — האָב איך אים דער־שראָקן געפרעגט.

ער האָט אַריינגענומען מיין האַנט אין זיינער כדי זיך צו געזעגענען און זי אַ לייכטן דריק געטאָן. דערנאָך האָט ער מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן און שטיל געזאָגט:

— לאָמיר איצט וועגן דעם נישט דיסקוטירן. איך בין זיכער, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום וועלן מיר וועגן דעם נישט דאַרפן דיסקוטירן.

ער איז אַוועק און איך בין נאָך אַ לאַנגע צייט געשטאַנען און געפּרוווט צו באַגרייפן דאָס וואָס ער האָט מיר געזאָגט.

## 14

מאָטלס רייד יענעם שבת האָבן מיר שטאַרק צעטומלט און דאָך האָב איך מיט דער צייט געגומען פאַרשטיין און אויסטייטשן פאַרשידענע זאַכן פונקט אַזוי ווי ער. עס איז נישט אַריבער קיין טאָג, אַז מיר זאָלן זיך נישט טרעפן. די ערשטע צייט האָט ער מיך אָפּגעוואַרט ביים בית־מדרש (איניקע מאָל איז ער אַפילו אַריין צו מיר אין בית־המדרש און זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, פון וואָס איך בין שטאַרק רויט געוואָרן)). ער האָט מיט מיר געשמועסט, דיסקוטירט און דערנאָך מיר אויך צוויסן געגעבן וועגן זיצונגען, ווען און ווו זיי וועלן פאָרקומען.

און מאָדנע: ביסלעכווייז האָב איך גענומען אונטערפאַלשעווען מיטן דאַווענען און מיטן לערנען און שטילערהייט, ווען קיינער האָט נישט געזען, האָב איך, ביי דער אָפענער גמרא, געלייענט די „בלעטלעך" וואָס מאָטל האָט מיר געגעבן.

אַזוי בין איך אַריינגעצויגן געוואָרן אין פאַרטיי, וועלכער איך האָב גע־נומען דינען בלב ונפש, פונקט ווי איך האָב פריער געדינט גאָט.

מיין טאַטע האָט גענומען באַמערקן, אַז איך בין נישט דער זעלבער. ער האָט געזען אַז איך קום נישט אַ סך מאָל אין בית־מדרש; אַז אין די אָוונטן ווער איך פאַרפאַלן און קום שפעט אַהיים. ער, מיין טאַטע, איז אָבער, ווי שפעט איך האָב נישט געזאָלט אַהיימקומען, נישט געשלאָפן. ער איז גע־זעסן איבער אַ ספר ביז איך בין אַהיימגעקומען און ערשט ווען איך האָב זיך געלייגט שלאָפן האָט ער זיך אויך געלייגט און אין אַ פאָר שעה אַרום איז ער שוין אויפגעשטאַנען צום ערשטן מנין. אָבער מיר האָט ער דערוויל גאָרנישט געזאָגט. איך האָב גענומען באַמערקן, אַז זיינע באַקן ווערן איינ־געפאַלענער, די האָר — ווייסער און די אויגן — אויסגעלאָשענער.

איינמאָל, איך בין שוין דאַן געווען אַלט אַכצן יאָר, ווען איך בין ביי־נאַכט אַהיימגעקומען פון פאַרטיי־אַרבעט, האָט מיך דער טאַטע אַריינגערופן

צו זיך אין צימער. (זינט די מאַמע איז געשטאָרבן איז ער געשלאָפן אַליין אין צימער). ווען איך בין אַריין האָט ער צוגעמאַכט דאָס ספר אין וועלכן ער האָט אַריינגעקוקט, אָפּגערוקט אַביסל דעם קופּערנעם לייכטער אין וועלכן עס האָט געצאַנקט אַ ליכט, וואָס האָט געוואָרפן אומהיימלעכע שאָטנס אויף די ווענט און מיר געהייסן זיך זעצן. ער האָט אַביסל אַראָפּגערוקט די ברילן און מיר באַטראַכט פון איבער די רעמלעך.

— הער אויס, יאָסל — האָט ער דערנאָך געזאָגט — איך ווייס, אַז דו גייסט נישט אויפן דרך־הישר. דו האָסט זיך אויסגעגליטשט. דו ווייסט דאָך, אַז מיין גאַנצע האָפענונג — ווי אויך די האָפענונג פון דיין מאַמען עליה השלום — איז געווען, אַז דו זאָלסט ווערן אַ בן־תורה, אַז דו זאָלסט באַשיינען אונדזער משפחה, אָבער דער רצון פון אייבערשטן איז, ווייזט אויס, געווען אַן אַנדערער.

ער איז שטיל געוואָרן. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעשטעלט און לאַנגזאַם גענומען אַרומגיין איבערן צימער, האַלטנדיק אין איין האַנט זיין לאַנגע ווייסע באָרד.

— יאָסל — האָט ער דערנאָך געזאָגט אָפּשטעלנדיק זיך לעבן מיר — חוּ ווייסט נישט, דו קענסט זיך גאָרנישט משער זיין, וויפל איך לייד פון דיין אויפפירונג. איך גיי אַרום אין איין מורא, אַז מיט דיר זאָל נישט געשען דאָס וואָס מיט ראובן דעם רימערס קינדער. גלייב מיר, אַז נישט איך רעד, נאָר עס רעדן פון מיר אַרויס די צרות. איך וואָלט עס נישט געוואָלט טון, אָבער איך מוז עס טון כדי דיך צו ראַטעווען. איך האָב באַשלאָסן, אַז דו זאָלסט אַוועקפאָרן פון דאַנען. בונעם דער גלעזער האָט אין אַרגענטינע אַ זון, מאַירקען. וועסטו פאַרפאָרן צו אים און דאָרטן, נו, דאָרטן וועסטו האָבן דאגות פרנסה, וועט דיר נישט ליגן קיין נאַרישקייטן אין קאָפּ. איך וואָלט דיר געשיקט קיין אַמעריקע צו דיינע ברידער, אָבער איך וויל זיי נישט פאַרשאַפן קיין צרות.

ער איז שטיל געוואָרן. ער האָט מיך נאָכאַמאָל באַטראַכט און זעענדיק, אַז איך זיץ אַ שווייגנדיקער און קוק אויף אים שטום, האָט ער צוגעגעבן:

— קענסט שוין גיין שלאָפן. מאָרגן וועל איך שוין רעדן מיט הלל דעם אַגענט, אַז ער זאָל באַשטעלן פאַר דיר אַ שיפס־קאַרטע און גלייך זיך נעמען מאַכן אַ פּאַס (פּאַספּאָרט) איידער עס ווערט שפּעט.

קוים שלעפּנדיק די פיס און מיט אַ געדריקטער שטימונג בין איך אַרויס פון טאַטנס צימער, אַריינגייענדיק אין צימער, וווּ מיר, די יינגלעך זענען געשלאָפן. אין אָנטועכץ האָב איך זיך אַוועקגעלייגט אויף דער סאָפקע, נישט קענענדיק איינשלאָפן. איך בין געלעגן און געקוקט אין דער געדיכטער

פינצטערניש, זיך צוהערנדיק צום שווערן סאָפּען און שנאָרכן פון מיינע ברי־
דער. צו די טיפע זיפצן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון מיין טאַטנס ברוסט
און זענען דורכגעגאַנגען דאָס דינע ווענטל, וואָס האָט אָפּגעטיילט אונדזערע
צימערן. אין דמיון האָבן מיר זיך געגומען אָפּפרישן זאַכן, רייד, פּאַסירונגען,
דאָס לערנען אין חדר, אין בית־מדרש, ווי אויך די דיסקוסיעס מיט די
חברים, דאָס אויספירן „אַרבעטן" און דעם טאַטנס נאָר־וואָס אַרויסגעזאָגטע
ווערטער און צוזאַמען מיטן בלוילעכן שאַריען אויף טאָג בין איך איינ־
געשלאָפן.

## 15

צו די קנאַפּע דריי חדשים זייט יענער נאַכט האָט מיך אין אַ קאַלטן, רעגנדיקן אויגוסט אינדערפרי, אַן ענגלישע שיף צוגעפירט צו די בוענאָס־איירעסער ברעגן. פון שיף האָב איך, ווי פיל אַנדערע עמיגראַנטן, אַראָפּ־געקוקט צו די, וואָס זענען געשטאַנען אונטן און געוואַרט אויף קרובים. איך בין געשטאַנען און אַראָפּגעקוקט, כאָטש איך האָב געוווּסט, אַז מיך וועט קיינער נישט אָפּוואַרטן, כאָטש נתן־בונעם דעם גלעזערס האָט געשריבן צו זיין זון מאירקען, אַז איך פאָר אין זיין מדינה.

בין איך אַראָפּ פון שיף מיטנעמענדיק מיין באַגאַזש, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן פאַרנייטן קאָרב, אין וועלכן עס איז געלעגן בעטגעוואַנד — אַ גרויס קישן, אַ פּערענע און אַ וואַטענע קאָלדרע און עטלעכע ליילעכער, ציכ־לעך און האַנטעכער, אַחוץ עטלעכע מתנות פאַר מאירקען פון זיין טאַטן און צוויי מומעס. חוץ דעם האָב איך נאָך געהאַט אַ וואַליזקע אין וועלכער איך האָב געבראַכט צוויי אָנצוגן, פאַרשידענע אויבערשטע און אונטערשטע וועש און פאַרשידענע קלייניקייטן. מיט מאירס אַדרעס אין האַנט און אַ צען דאָלער אין קעשענע (איך האָב אייך פאַרגעסן צו דערציילן, אַז זינט די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן מיינע ברידער געשיקט גענוג געלט צו פירן אַ באַלעבאַטיש לעבן און ווען דער טאַטע האָט זיי געשריבן, אַז ער וויל מיך אַוועקשיקן קיין אַרגענטינע, האָבן זיי פאַר מיר אַריינגעשיקט צוויי הונדערט דאָלער) בין איך פאַרפאָרן צו מאירן. אין פּאָרט האָב איך געפרעגט ביי אַ ייִד, וואָס איז געקומען אָפּוואַרטן זיין ברודער, ווי אַזוי מען דאַרף פאָרן און ער האָט מיך אַרויפגעזעצט אויף אַ טאַקסי און געהייסן דעם שאָפער מיך פירן אויף דעם אַדרעס, וואָס איך האָב געהאַלטן אין האַנט.

מאיר בונעמס, אָדער ווי ער האָט דאָ געהייסן: מארקאָס געלמאַן, איז געווען בונעם דעם גלעזערס עלטסטער זון. ווען עס האָט אים שוין געפעלט אַ קלייניקייט צו די צוואַנציק יאָר האָט ער „געשוואַרצט" די גרענעץ און נאָך

לאַנגע וואָגלענישן איז ער אָנגעקומען קיין אַרגענטינע, ווו ער האָט אדורכ־געמאַכט קאָלטס און וואַרעמס, ביז ער האָט זיך באַקענט מיט זיין באַשער־טער און איר פאָטער האָט אים געגעבן אין „נדן" — ווי ער פלעגט דאָס אָנרופן אין שפּאַס — אביסל מעבל און אַ ניי־מאַשין נעבן וועלכער זיי זענען ביידע געזעסן זעכצן און אכצן שעה א טאָג און געניית הויזן. און אַזוי ווי פון גיין אין ערגעץ האָבן זיי נישט געהאַלטן (עס דאַרף דאָך קאָסטן) האָבן זיי ביסלעכווייז אָפּגעשפּאָרט נאָך אַ מאשין און נאָך אַ מאַשין ביז זייער צימער האָט באַקומען אַ פּנים פון אַ וואַרשטאַט.

פאַרשטייט זיך ,אַז ווען זייער וואַרשטאַט איז גרעסער געוואָרן, האָבן זיי געדונגען נאָך אַ צימער, וואָס איז אַקוראַט פריי געוואָרן לעבן זייערן און זיי האָבן שוין אָנגעהויבן לעבן ווי שטיקלעך מענטשן.

ווען איך בין מיט דער טאַקסי צוגעפאָרן צו מאירס ווױנונג, וואָס האָט זיך געפונען אין דער ייִדישער געדיכט־באַפעלקערטער געגנט וויזשאַ קרעס־פּאָ, האָב איך אַראָפּגענומענדיק דעם קאָרב און די וואַליזע אַרויסגענומען אַ דאָלער און דערלאַנגט דעם שאָפער. יענער האָט מיך אַ ווײלע אָנגעקוקט און שטאַרק זיך צעלאַכט. ווען ער האָט געענדיקט לאַכן האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער סאַלע, ווו מאיר האָט געהאַט דעם וואַרשטאַט. אין דעם פאַרמאַכטן פענצטער האָט זיך באַוויזן מאיר (איך האָב אים נישט געקענט, ווייל ווען ער איז אוועקגעפאָרן, בין איך נאָך געווען אַ קליין ייִנגל) איך האָב אים אָבער דערקענט, ווייל ער האָט געהאַט דאָס זעלביקע פּנים, וואָס זיין טאַטע (עס האָט אים נאָר געפעלט דאָס אויסגעקראָכענע בערדל) און אין א ווײלע אַרום איז ער שוין געווען אין דרויסן.

אַוועקשיקנדיק דעם שאָפער האָט ער זיך געווענדט צו מיר:

— דו ביזט דער גרינער, האַ?...

איך האָב אים געענטפערט:

— ניין, איך בין יעקב לייבס ייִנגסטער זון, יאָסל. און איר זענט מאיר? האָב איך צוריק געפרעגט.

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ קליין ביינערדיק הענטל און אַ נעם טוענדיק מיט רוגזה די וואַליזע האָט ער כמעט ווי אַ מורמל געטון:

— בוענאָ1) קום אַריין.

ער איז געווען זייער אַ הויכער און דאַרער. האָט געהאַט אַ שאַרפע, געבויגענע נאָז. די אונטערשטע ליפּ איז געווען אַ גראָבע און אויף איר איז

1) גוט

געווען צוגעקלעפּט אַ שטיקל פּאַפּיראָס. ער האָט אויך געהאַט אַ קליינעם, פּמעט דאַרן איינגעשרומפּענעם פּנים און אַ פּאָר קליינע קעצישע אייגעלעך.

הערנדיק זיין „קום אַריין", האָב איך אויפגעהויבן דעם קאָרב און בין אַריין צו אים אין וואַרשטאַט. ביי מיין אַריינקומען האָב איך באַמערקט פינף ניי־מאַשינען און דריי אַרבעטער. די וואָס זענען געווען ביי די מאַשינען און געשטעפּט האָבן מיך אַ רגע באַטראַכט, נישט אויפהערנדיק צו שטעפּן. מאיר ווידער האָט געענדיקט פּרעסן די הויזן, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אינ־מיטן, ווען דער שאַפער האָט אָנגעקלאַפּט און דערנאָך, ווען ער האָט אַוועק־געשטעלט דעם גרויס פּרעס־אייזן אויף אַ ציגל ביים ראָג טיש, האָט ער געזאָגט:

— נו, יאָסל, וואַרט צו אַ ווײַלע, די אַרבעטער וועלן באַלד גיין עסן, וועלן מיר קענען שמועסן.

און אין אַ צען מינוט אַרום זענען טאַקע די מאַשינען שטיל געוואָרן און די וואָס זענען געזעסן ביי זיי זענען אַוועק.

ווי נאָר די אַרבעטער זענען אַרויס, און איידער מאיר האָט נאָך צייט געהאַט מיך עפּעס צו פרעגן, האָט זיך אויפגעעפנט די טיר און עס איז אַריין אַ ביסל אַ צעפּלאַמטע, אַ געענוג דיקע פרוי, וועלכער מאיר האָט מיר גלייך פאָרגעשטעלט:

— זיי באַקאַנט, יאָסל, ס'איז מיין סעניאָראַ 1) ראָסאַ.

זי איז געווען עטוואָס נידעריקער פון מיטעלן וווּקס און ווי געזאָגט אַ גאָר דיקע, אַ שאַטינקע מיט גלעטנדיקע מאַנדל־אויגן, אַ קליין פאַרריסן נעזל און אַ ברייט פליישיק פּנים מיט גראָבע ליפּן. ווי נאָר זי האָט געהערט, אַז איר מאַן האָט אונדז פאָרגעשטעלט, האָט זי גלייך אָפּגעווישט אין פאַרטעך די הענט, אויך איבערגעגאַנגען מיטן זעלבן פאַרטוך איבערן נעזל און אויס־שטרעקנדיק מיר אַ קליין פליישיק הענטל האָט זי אַ שמייכלענדיקע געזאָגט:

— מוטשאָ גוסטאָ 2)

זי האָט זיך אַפּנים גלייך געכאַפּט, אַז איך בין אַ גרינער און זי האָט אויס־געבעסערט:

— איך וויל זאָגן: זייער אָנגענעם...

און בעת מיר האָבן זיך דערלאַנגט די הענט האָט זי געפרעגט:

— איר זענט מיין מאַנס פּאַיסאַן, וואָס האָט געדאַרפט קומען?

— ניין, איך בין דער, וואָס איז שוין געקומען — האָב איך שמייכלענ־

---

1) פרוי, 2) זייער אָנגענעם

דיק געענטפערט, ווונדערנדיק זיך אַליין, ווי אַזוי עס קומט צו מיר אַזאַ דרייסטקייט.

— כאַ, כאַ, כאַ — האָט זי זיך הילכיק צעלאַכט, אַרויסשטעלנדיק צוויי שורות געזונטע ציין — אַ גרינער און קען שוין מאַכן וויצן.

זי האָט, ווייזט אויס, פּלוצים באַמערקט מאירס אַ ווונק און זי האָט אויפגעהערט לאַכן. איר פּנים איז געוואָרן פאַרצויגן מיט אַ מאָדנער ערנסטקייט. איך האָב געזען אין איר, אַז זי איז געווען אין כעס ווייל זי האָט אים צוגעוואָרפן אַ בייזן בליק, אַ זאָג טוענדיק ווי אין בוזעם אַריין:

— מ'קען שוין גיין עסן...

צוזאַמענלייגנדיק דאָס פּעקל הויזן האָט ער געזאָגט:

— גרייט צו דעם טיש אין צימער, ווייל דאָרטן וועלן מיר נישט אַריין.

דעם „דאָרטן" האָט ער געמיינט די קיך, וואָס איז געווען געמאַכט פון אַלטע ברעטלעך מיט אַ בלעכערנעם דעכל, און וואָס האָט געהאַט אַ קליין טישעלע, אויף וועלכן זי, דאַניאַ ראָסאַ, האָט צוגעגרייט דאָס עסן.

איך האָב זיך שפּעטער געוווּנדערט, ווי אַזוי זיי האָבן ביידע געקענט אַריינגיין אין אַזאַ קליין קיכל — ווייל דאַניאַ ראָסאַ איז געווען, להיפוך צו אים, אַ גענוג צעוואַקסענע און דווקא אין דער ברייט.

זי האָט אים צוגעוואָרפן אַ ברוגזן בליק און איז אַרויס. ווען זי האָט צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר האָט ער זיך אָפּגערופן, איבערציילנדיק בעת־מעשה אַ פּעקל הויזן:

— אַזוי זענען זיי די ווייבער. אַז זיי הייבן אָן צו צעפירן די צונג איז...

ער האָט נישט פאַרענדיקט, ווייל זיין פרוי האָט אויפגעעפנט די טיר און אַריינשטעלנדיק בלויז דעם קאָפּ האָט זי געזאָגט:

— נו, קומט שוין עסן, וואָס וואַרט איר?...

## 16

נאָכן עסן, ווען דאַניאַ ראָסאַ איז געגאַנגען וואַשן דאָס געפעס, האָט מאיר מיך געפרעגט:

— נו, און דו יאָסל, וואָס רעכנסטו צו טון?

— וואָס קען איך רעכענען צו טון — האָב איך געענטפערט — איך וועל זוכן עפּעס אַן אַרבעט.

— האָסט אַ פאַך? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— יאָ און ניין — האָב איך געענטפערט און גלייך צוגעגעבן:

— עס הייסט, אַ ביסל קען איך די מלאכה. איך האָב עטלעכע יאָר גע־אַרבעט ביי בערל חזיר...

— אַ, דער בערל פון אונדזער גאַס? דער טאַנדעטניק? — האָט מאיר דערמאָנענדיק זיך געגומען פרעגן — וואָס מאַכט ער? דאַרף שוין זיין אַן עלטערער מענטש, יאָ?

— דער זעלבער חזיר וואָס געווען — האָב איך געענטפערט.

איך האָב באַמערקט אויף זיין פּנים אַ מאָדנעם שמייכל, וואָס איז געווען מער גרימאַסע ווי שמייכל און איך האָב צוגעגעבן:

— די גאַנצע צייט האָב איך געטון ביי אים אַלץ, נאָר זיך נישט געלערנט נייען. נאָר לעצטנס האָט ער מיך שוין יאָ גענומען לערנען.

ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און מיך אָנגעקוקט שאַרף, ווי ער וואָלט געוואָלט מיך אַדורכנעמען מיט זיינע בליקן.

— הער אויס, יאָסל — האָט ער דערנאָך געזאָגט — דו האָסט דאָך שוין געזען: איך האָב, קיין עין־הרע, אַ פיינעם „טאַזשער" ס'הייסט אַ וואַרשטאַט. אַז דו ווילסט, איך צווינג דיך חלילה נישט, טאָ בלייב דאָ אַרבעטן ביז דו וועסט זיך אויסלערנען. דערנאָך, אַז דיר וועט קאָנווענירן, ס'הייסט לוינען, וועסטו אַרבעטן דאָ, און אויב נישט, איז — מילא. איך אָבער וויל נישט אַפּראָוועטשירן, ס'הייסט אויסנוצן... חלילה... אלא וואָס? כל־זמן דו קענסט נאָך נישט אַרבעטן, וועל איך דיר נישט צאָלן...

ער האָט זיך גלייך געכאַפּט און צוגעגעבן:

— ס'הייסט אינגאַנצן אומזיסט איז עס נישט... נאָ פּאַלטאַבאַ מאַס... כ'וויל זאָגן: מער פעלט נישט... וועסט עסן מיט אונדז.

ער האָט אַ צי געטון דעם פּאַפּיראָס, אַרויסלאָזנדיק געדיכטע קנוילן רויך, וואָס ער האָט געטריבן מיט די הענט, פאַרזשמורענדיק בעת מעשה זיינע קעצישע אייגעלעך. ער האָט אויסגעשפּיגן אויפן דיל און פאַרגעזעצט:

— נו, עסן קאָסט אויך, דאָ אין אַרגענטינע רעגאַלירט, כ'וויל זאָגן שענקט מען גאָרנישט... און שלאָפן? נו, דאָ זעסטו דאָך איז נישטאָ ווו. מיר האָבן נישט מער ווי איין צימער, חוץ דעם טאַזשער, אָבער זאָרג זיך נישט. אַ פיר שטובן ווייטער וווינט מיינער אַ באַקאַנטער, מען רופט אים דאָן פעליפּע, האָט ער אַ צימערל אין וועלכן ער האַלט „קאָטשיבאַטשעס", ס'הייסט: אַזעלכע זאַכן אין שטוב, וואָס טויגן נישט. נו, וועל איך מיט אים רעדן ער זאָל עס דיר פאַרדינגען. אָבער זאָרג זיך נישט, איך וועל באַצאָלן דאָס דירה־געלט.

אָפּגעזאָגט, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, פון אַ הענגער האָט ער אַראָפּ־גענומען אַ טונקל רעקל און עס אויך גיך אָנגעטון, אָנזאָגנדיק מיר, אַז איך זאָל צוּוואַרטן, ווייל ער גייט רעדן מיט דאָן פעליפּען וועגן צימערל און אויב יאָ — דאָס הייסט, אויב ער וועט וועלן פאַרדינגען, וועט ער גלייך קויפן אַ בעטל.

— קענסט דאָך נישט שלאָפן אויפן דיל — האָט ער פאַרענדיקט און איז אַרויסגעגאַנגען.

ווי נאָר ער איז אַרויס האָט זיך גלייך אַריינגעקאַטשעט אין צימער זיין פרוי, וועלכע האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל מיט איר אַריינגיין אין טאַזשער, ווייל באַלד וועלן שוין אָנקומען די אַרבעטער, און ווען זיי זעען, אַז קיינער איז נישטאָ — האָט זי געזאָגט — טוען זיי גאָרנישט, די פוילאָקעס.

איך בין מיט איר אַריין אין וואַרשטאַט, און ווי נאָר עס זענען אָנגעקו־מען די אַרבעטער, האָט זי מיר דערלאַנגט אַ יידישע צייטונג, זאָגנדיק:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן. איך דאַרף ענדיקן וואַשן דאָס געפּעס. לייענט דערווייל ביז מאַרקאָס וועט צוריקקומען.

ער האָט זיך טאַקע לאַנג נישט געזאַמט. אין ווייניקער ווי אַ האַלבע שעה אַרום איז ער צוריקגעקומען און אויסטוענדיק דאָס רעקל האָט ער אַ שמייכלענדיקער געזאָגט:

— זשאַ עסטאַ, ס'הייסט: כ'האָב שוין געדונגען דאָס צימער און אויך באַצאָלט אַ חודש אַדעלאַנטאַדאַ, ס'הייסט, פאָרויס. קיין בעטל האָב איך נישט געקויפט, ווייל ער האָט איינע אָן איבעריקע, וועט ער דיר עס אויסלייען. זיין יידענע, דאָניאַ בערטאַ, וועט שוין דאָס צימער אויסרייניקן און נאָך דער וועטשערע וועלן מיר שוין דאָרט אַלץ אַרעגלירן, ס'הייסט, צורעכטמאַכן.

## 17

גלייך נאָך דער וועטשערע, וואָס איז באַשטאַנען פון רייפּטלעך פּאָסטראָם און אַ טעלער דערוואַרעמטע זופּ פון מיטאָג, האָב איך אויף מאירס „קום", גענומען מיין קאָרב, ער האָט גענומען מיין וואַליזע, און מיר זענען צוגעגאַנגען צו מיין ערשטער וווינונג אין אַרגענטינע ביי דאָן פעליפּע קאַפּלאַן.

ווען מיר זענען אין אַ לאַנגן שמאָלן אַריינגאַנג צוגעגאַנגען צו אַ גרין געפאַרבטער אייזערנער טיר האָט מאיר אָנגעקלאַפּט און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, אויפגעעפנט די טיר און ביידע זענען מיר אַריין אין אַ קליין הייפל.

— דאָס בין איך, ר' פּייוול — האָט מאיר אַ זאָג געטון בעת ער האָט צוגעמאַכט די טיר, לאָזנדיק זיך גלייך מיט די געדרייטע אייזערנע טרעפּ. איך האָב אויך גענומען אַרויפגיין, אָבער מיין קאָרב האָט נישט געלאָזט. איך האָב בלויז באַוויזן אַרויפצוגיין עטלעכע טרעפּ און ווייטער נישט געקענט.

— נו, קום אַרויף! — האָב איך דערהערט מאירס קול פון דער הויך.

— אייך איז גוט צו זאָגן — האָב איך געענטפערט שמייכלענדיק, און געפּרווווט איבערדרייען דעם קאָרב אויף אַ זייט.

מאיר האָט וויזט אויס אַראָפּגעקוקט און דערזעענדיק, אַז איך מוטשע מיך מיטן קאָרב, איז ער אַראָפּ.

— לאָז מיך, דו גיי אַראָפּ אונטן און שפּאַר אונטער...

און ווי פאַר זיך — הגם איך האָב דערהערט — האָט ער ווי אַרויסגע־ברומט:

— אַ גרינער פאַרגינט זיך עס צו ברענגען אַ שטיק קאָרב.

קוים מיט צרות האָבן מיר אים אַרויפגענומען אין צימערל.

דאָס איז געווען אַ קליין צימערל פון אַן ערך צוויי אויף דריט־האַלבן מעטער, מיט אַ נידעריקער סטעליע, ממש מיט דער האַנט צו דערלאַנגען.

רעכטס האָט עס געהאַט אַ קליין פענצטערל, וואָס האָט אַרויפגעקוקט אויפן דאַך. אין דער ברייט פון צימער, אונטערן פענצטער, איז געשטאַנען אַ שמאָל אייזערן בעטל, וואָס האָט געוואַרט אויף מיין בעטגעוואַנט און לעבן בעטל — אַן אַלטע שטול מיט אַ צעלעכערטן געזעס. אין צווייטן ווינקל פון צימערל זענען געלעגן אָנגעוואָרפן, כאָטש אין אַ געוויסער אָרדענונג, אַן אַלט טישל, וועלכן עס האָט געפעלט צוויי פיס, עטלעכע אָנפּיסיקע שטולן, עטלעכע אַלטע ברעטלעך און לייסטן, אַ קליין קעסטל, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעקוקט אַ קעפל פון אַ האַמער און אַ צוואַנג און ביי דער זייט איז געשטאַנען, איבער־געדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך, אַ גרויסער קאַסטן.

— אין דעם קאַסטן האַלטן זיי דאָס פּסחדיקע געפעס — האָט מיר מאיר געזאָגט.

נישט ווילנדיק האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם גרויסן קאַסטן מיט דעם פּסחדיקן געפעס, וואָס מיר האָבן געהאַלטן אויפן בוידעם, איבערגעדעקט מיט היי.

מאיר, זעענדיק אַז איך שטיי אַ פאַרטראַכטער, האָט זיך אָפּגערופן:

— דו האָסט דאָך אין קאָרב אַביסל בעטגעוואַנט, נו, עפן אים אויף און אַרעגליר, ס׳הייסט, מאַכט צורעכט דאָס בעטל, וועלן מיר אַראָפּגיין. כ׳וועל דיך פאַר זיי פאָרשטעלן.

און בעת איך האָב אויפגעעפנט דעם קאָרב און אַרויסגענומען דאָס בעט־געוואַנט און צורעכט געמאַכט דאָס בעטל, האָט מאיר געהאַלטן אין איין רעדן:

— זיי זענען זייער ווילע מענטשן — האָט ער געזאָגט — נאָר פּלאַפּלען אַ סך. ווייסט נישט? עלטערע מענטשן... טוען גאָרנישט, די קינדער האַלטן זיי אויס. ס׳הייסט אַ קלאָג צו די יאָרן ווי זיי האַלטן זיי אויס, גיבן זיי וואַסער אויף קאַשע. זיי האָבן געמעגט געבן מער. ווען דער אַלטער וואָלט נישט גע־האַט די עטלעכע דעפּאַרטאַמענטלעך, וואָלט ער געדאַרפט לייגן די ציין אויף די פּאָליצעס. פּאַלאַבראַ דע האָנאָר, כ׳וויל זאָגן, ערן־וואָרט... אָט אַזוי ווי דו וועסט אים באַלד אָנקוקן דעם אַלטן, האָט ער אָפּגעשפּאָרט אַ פאַרמעגן... גע־שעפטן, הייזער און וואָס נישט? נו, האָט ער גענומען, דער אַלטער שוטה, און עס רעגאַלירט, ס׳הייסט, אַוועקגעשענקט די קינדער און איצט דאַרף ער וואַרטן, אַז זיי זאָלן אים מאַנטענירן, ס׳הייסט, אויסהאַלטן. כאָטש צוריקגעג־שמועסט, ווי איך האָב דיר שוין געזאָגט, דאַרף ער זיי אויף כפרות. בלויז וואָס דאָס שטיבעלע מיט די אַכצן דעפּאַרטאַמענטלעך ברענגען אַריין אין איין חודש, דאַרף איך אַרבעטן אַ קיילעכדיק יאָר. נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן

— האָט ער אַ מאַך געטון מיט זיינע לאַנגע הענט — אַז מענטשן האָבן אַ הינטיש מזל, איז דאָך נישט שייך.

און זעענדיק, אַז איך בין שוין פאַרטיק, האָט ער צוגעגעבן:

— נו, קום אַראָפּ וועל איך דיר זיי פאָרשטעלן. איך דאַרף גיין אַהיים אַרויסענדיקן די אַרבעט, ווייל מאָרגן דאַרף איך עס אינטרעגירן, ס׳הייסט, איבערגעבן אין דער קאַסאַ, כ׳וויל זאָגן, אין געשעפט.

זענען מיר אַראָפּ און נאָך דעם ווי מאיר האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר די קאַפּלאַנס, האָט ער געזאָגט אַ גוטע נאַכט, אָנזאָגנדיק מיר פריִער, אַז איך זאָל מאָרגן אין דער פרי אויף אים וואַרטן, ווייל ער וועט מיך קומען נעמען.

— נו, קומט אַריין אינעווייניק — האָט געזאָגט דאָן פעליפע, נאָך דעם ווי מאיר האָט צוגעמאַכט די טיר (פאָרגעשטעלט האָט אונדז מאיר אין הויף), קומט אַריין, יונגערמאַן, האָט נישט קיין מורא, איר זענט אין אַ ייִדישער שטוב...

ער איז געווען אַ פולער, אַ קיילעכדיקער, מיט אַ גרויס פליישיק פּנים, מיט אַ קמץ־בערדל און גוט אָפּגעהיטע וואָנצעס, אַ גרויסע נאָז און טיפע, קלוגע אויגן. ביי די זייטן פון אונטער דער שליאַפּע, וואָס ער האָט געטראָגן האָבן זיך אַרויסגעזען גלאַט אַרומגעשוירענע גרויע האָר.

מיר זענען אַריין אין עס־צימער. דאָס איז נישט געווען קיין גרויסער צימער, נאָר אַ ריין און שיין איינגעאָרדנטער, מיט טונקל מעבל און אַ גרויסן עלעקטרישן זעקס־לאָמפּנדיקן הענגלייכטער. אויף די ווענט זענען געהאָנגען צו מזרח — צוויי בילדער, איינס פון משה־רבינו און איינס פון אהרן הכהן. פונקט אַנטקעגן — אַ בילד פון אַן עלטערן ייִדן אין אַ יאַרמעלקע מיט אַ ברייטער באָרד און פון אַן עלטערער פרוי מיט אַ פולן פּנים און אַ שייטל אויפן קאָפּ און אין די הענט האָט זי געהאַלטן אַ גראָבן בוך, מסתמא אַ קרבן־מנחה־סידור.

— דאָס זענען מיינע טאַטע־מאַמע — האָב איך דערהערט הינטער זיך אַ פרויען־שטימע. דאָס איז געווען דאָניאַ בערטאַ, דאָן פעליפּעס פרוי. זי איז געווען פיל נידעריקער פון איר מאַן, אָבער אויך אַ דיקע און רירעוודיקע מיט אַ גרויס גוידערדיק פּנים, אַ שיינע נאָז און גרויסע לעבעדיקע אויגן אונטער וועלכע עס זענען שוין נאָכגעהאָנגען טאָרבעלעך. גערעדט האָט זי ציענדיק די ווערטער פונקט ווי זי וואָלט געהאַלטן אין מויל עפּעס אַ לאַקריץ־זיסע זאַך.

— די „פּאָברעס“ 1) — האָט זי צוגעגעבן זעענדיק ווי איך באַטראַכט דאָס בילד פון אירע עלטערן — זענען שוין נעבעך אויף דער אמתער וועלט.

---

1) אָרעמע

מיר האָבן זיי געוואָלט ברענגען קיין אַרגענטינע. נו, טאַקע אַזוי, וואָס וואָלט זיי דאָ געפעלט? קיין אויג זאָל נאָר אונדז נישט שאַטן. מיר האָבן באַכאַשעם גענוג — נו, איז אויסגעבראָכן די מלחמהטשקע און די אוקראַינצעס,, אַ כאָ־ליערע אין זייערע ביינער, האָבן אונטערגעצונדן דאָס שטעטל און די וואָס האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן באַצייטנס, האָבן זיי אויסגעשאָכטן, די באַנ־דיטן. פון אירע אויגן האָבן זיך גענומען אַראָפּקייקלען טרערן. פון אַרבל האָט זי אַרויסגענומען אַ ווייס טיכעלע און אויסגעווישט זיך די טרערן און נאָכן אויסשנייצן די נאָז האָט זי געשעפּטשעט:

— פּאָגרעסיטאָס... פּאָגרעסיטאָס... 2)

דאָן פעליפּע איז צוגעגאַנגען נענטער, אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיין פרויס אַקסל, זאָגנדיק:

— איי, אַלטע, אַלטע. שטענדיק דאָס זעלבע, האַ? כ׳האָב דאָך שוין צענדליקער מאָל געזאָגט, אַז דאָס איז מן־הסתם געווען אַ באַשערטע זאַך. דער אויבערשטער האָט אַזוי געוואָלט.

— אָבער וואָס פּאַראַ שלעכטס האָבן זיי אים געטון — האָט זי אַרויס־כליפּענדיק געזאָגט, אויסשנייצנדיק שטאַרקער די נאָז אין טיכעלע אַריין — אַז ער זאָל אַזוי וועלן? ער איז דאָך געווען אַזאַ פרומער ייִד, געהאַלטן אין איין לערנען, און מיין מאַמע, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי מיר האָבן, רבונו־של־עולם, איז דאָך געווען אַזאַ פרומע, אַזאַ צניעותדיקע. מיינט נישט, יונ־גערמאַן, האָט זי פאַרגעזעצט, אויפהערנדיק פּלוצים צו וויינען, אַז איך זאָג עס, ווייל זי איז געווען מיין מאַמע. אוי, אַ גוטע בעטערין זאָל זי נאָר זיין פאַר אונדז אַלעמען, רבונו־של־עולם. נאָר זי איז עס טאַקע געווען אין דער אמתן. איר זעט אָט דעם בוך, וואָס זי האַלט אין די הענט? דאָס איז דער קרבן־מנחה סידור, וואָס איר באָבע, מיין טאַטנס מאַמע, מיין עלטער־באָבע, זאָל זיין אַ גוטע בעטערין, האָט איר געשענקט צו דער חתונה. דאָס איז שוין איינמאָל אַ געשאַנק! נו, אַז זי האָט אים איבערגעלייענט טויזנט מאָל איז ווינציק. וואָס רעד איך? מער! אוי, אַ גוטע בעטערין זאָלסטו מיר נאָר זיין, רבונו־של־עולם.

— אפשר וואָלט שוין געווען גענוג אויף היינט, האַ, אַלטע? — האָט דאָן פעליפּע שטרענג אַ פרעג געטון, צוגעבנדיק גלייך:

— דער יונגערמאַן איז דאָס ערשטע מאָל אין שטוב, האָסטו זיך צעפּלאַפּלט? עך האָב דיר שוין טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, אַז פאַר אַן אורח פּלאַפּלט מען נישט נאָר מען דערלאַנגט כיבוד.

2) אָרעמענקע

— שאַ, שאַ, שריי נישט אַזוי! — האָט זי זיך צעבייזערט, באַוועגנדיק מיט די הענט, און איז אַרויס פון צימער.

ווי נאָר זי האָט צוגעמאַכט די טיר, האָט דאָן פעליפּע געזאָגט:

— אַזוי זענען זיי די ווייבער. אָט ווי איר קוקט מיך אָן, יונגערמאַן, ווערט שוין דאָס קומענדיקע יאָר אַ פופציקער ווי איך האָב חתונה געהאַט! מיינע קינדער ווילן, אַז איך זאָל מאַכן אַ גרויסאַרטיקן יום־טוב. זי איז נישט קיין שלעכטע, די אַלטע מיינע, אדרבא, זי האָט אַ גאָלדענע נשמה, אלא וואָס? זי רעדט אַ סך. אַ גרויסע פּלאַפּלערן. יאָ... זענט איר, הייסט עס, אַן עלנטער, האַ? נעבעך. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אַז ווען נישט פאַר אייך, וואָלט איך דעם צימער נישט געגעבן. אַז אייער פּייסאַן איז מיך געקומען בעטן, ער האָט געטענהט אַז איר האָט דאָ קיינעם נישט, ערשט היינט אָנגעקומען, בו האָב איך פשוט פאַר רחמנות וועגן אים צוגעזאָגט דאָס צימער. כ'האָב עס נאָך קיינמאָל נישט פאַרדונגען, און איצט אויך נישט. ס'פעלט מיר באַכאַשעם גאָרנישט.

איך האָב געשטאַמלט:

— דעם בעסטן דאַנק, דעם בעסטן דאַנק.

מיין ערשטע דערפאַרונג האָט מיך אָבער שטאַרק אויפגערעגט, ווייל מאיר האָט מיר געזאָגט, אַז ער האָט פאַר מיר באַצאָלט אַ חודש פאָרויס און דערנאָך וועט ער אויך צאָלן. און דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס צימער האָט ער פשוט אויסגעבעטלט פאַר מיר. איך האָב באַלד זיך אָפּגעגעבן חשבון, אַז דער מאיר וויל אויסנוצן מיין „גרינקייט" כדי צו האָבן אַן אומזיסטן אַרבעטער. פונדעסטוועגן האָב איך נאָך ביי אים געאַרבעט איבער אַ חודש און איינמאָל נאָך דער וועטשערע האָב איך אָן דריידלעך אַ זאָג געטון:

— שוין מער ווי אַ חודש, אַז איך אַרבעט בלויז פאַרן עסן. איך וויל, אַז פון היינט און ווייטער זאָלט איר מיר צאָלן, וואָס מיר קומט.

מאיר איז אויף אַ מינוט געבליבן ווי געפּלעפּט. די קאָלירן אויף זיין קליין אויסגעדאַרטן פּנימל האָבן זיך גענומען בייטן. איך האָב געזען, אַז ער האָט זיך אויף דעם ניט געריכט. אָבער פּלוצים האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אויף, מיט ביידע הענט זיך אָנגעשפּאַרט אָן טיש, אויפהייבנדיק זיך נאָך העכער, ווי ער איז געווען, ווייל ער האָט זיך אויפגעשטעלט אויף די שפּיץ פינגער און מיט כעס אַ געשריי געטון:

— דו גרינע חיה! איך בין זיך מקריב פאַר דיר, איך גיב דיר עסן, איך האָב פאַר דיר געדונגען אַ צימער, איך...

איך האָב אים איבערגעשלאָגן, זאָגנדיק:

— שרייט נישט מאיר, ווייל איך בין נישט אייער טאַטנס קינד. דאָס

צימערל קאָסט אײַך פּונקט אַזוי פּיל ווי פיל מיך. אײַך קאָסט ער גאָרנישט און מיך דאָס זעלביקע.

— וואָס? — האָט ער מיט רציחה ווידער זיך געגעבן אַ הייב אונטער. ווילסט זאָגן, אַז איך האָב פאַר דיר נישט באַצאָלט קיין דירה־געלט? אַז איך בין אַ ליגנער?

איך בין זיך מודה, אַז עס האָט מיך געקאָסט מי זיך צו באַהערשן. אָבער, עס איז מיר געלונגען און מיט אַ רויִקייט האָב איך אים געענטפערט:

— הערט מאיר, דעם ערשטן אָוונט האָב איך שוין געוווּסט, אַז דאָס צימער האָט איר פאַר מיר נישט געדונגען, נאָר אויסגעבעטלט.

— אַזעלכע סינווערגווענסאָס 1) — האָט מאיר אַרויסגעצישעט.

אָנקוקנדיק אים אַ ווײַל האָב איך אים אַרײַנגעשריִען אין פּנים:

— די סינווערגווענסאָס זענען נישט זיי. זיי זענען גוטהאַרציקע מענטשן. און מיט אַ קלאַפּ אין טיר בין איך אַוועק.

אַ גאַנצע נאַכט דערנאָך בין איך נישט געשלאָפן. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך זיך געדרייט פון איין זייט אויף דער צווייטער. דער כעס אויף מאירן האָט געהאַלטן אין מיר אין איין וואַקסן. ערשט פאַרטאָג האָט מיר דער שלאָף באַהערשט און ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, האָבן שוין דורכן פענצטערל זיך אַרײַנגעריסן די זון־שטראַלן, וועלכע האָבן זיך געשפּילט מיט די „קאַטשיבאַטשעס” פון אַנטקעגנאיבערנדיקן ווינקל.. ווען איך בין אַראָפּ זיך אַרומוואַשן האָט מיר דאָן פעליפּע אַ פאַרחידושטער געפרעגט:

— איר פילט זיך נישט גוט?

איך האָב אים געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— וואָס עפּעס?

— ווײַל אין דער שעה — האָט ער געענטפערט — זענט איר קיינמאָל נישט אין שטוב.

האָב איך אים דערציילט דעם אמת, אַז איך האָב מיך צעקריגט מיט מאירן און אויך פאַרוואָס מיר האָבן זיך צעקריגט.

ווי נאָר דאָן פעליפּע האָט דאָס דערהערט איז ער געוואָרן אַזוי אויפ־געדעגט, אַז איך האָב געמיינט, אַז ער וועט באַקומען די אַפּאָפּלעקסיע. די אויגן זענען אים געוואָרן ווי פאַרשטאַרט, דאָס פּנים בלאַס, די הענט האָבן אים געציטערט. אָבער פּלוצים האָט ער אָנגעהויבן צו הוסטן מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס פּנים איז אים געוואָרן צונטער־רויט און די אויגן האָבן פון זיך אַליין גענומען טרערן.

---

1) אומפאַרשעמטע.

— איך וועל אים ווייזן, דעם לויזעדריגע — האָט ער זיך דערנאָך צע־קאָכט — דעם סינוועראָגוועזנאַ. אַזוי פיל „פּאַוואָרן“ 1) האָט ער פון מיר געהאַט און ער האָט נאָך די חוצפּה.

מיט אַ טיכל האָט ער זיך אויסגעווישט די אויגן און געזאָגט:

— איר ווייסט וויפל פּאַוואָרן איך האָב אים געטון? צענדליקער! איך האָב אים אַריינגעשפּאַרט צו פּערנאַנדאָן, מיין בחור, וואָס האָט אַ גרויס קאָנפעקציאָן־געשעפט אויף קאַנינג און דורך אים איז ער אַריין צו נאָך צוויי מאַזשאָריסטן 2). ווען נישט איך וואָלט ער געדאַרפט לייגן די ציין אויף די פּאָליצעס. נו, און אַז ער איז געקומען בעטן דעם צימער פאַר אייך? האָב איך געקלערט, וויפל וועל איך נאָך לעבן?... מאַ, זאָל זיין נאָך אַ מצווה. זאָל זיין מיט וואָס צו קומען דאָרטן — און ער האָט פרום אויפגע־הויבן זיינע פייכטע אויגן.

דעם טאָג האָב איך שוין געגעסן ביי די קאַפּלאַנס, כאָטש איך האָב זיך שטאַרק געקווענקלט און נישט געוואָלט. איך האָב געטענהט, אַז איך האָב עטלעכע דאָלאַר, וואָס איך האָב געבראַכט פון דער היים, וועל איך דערווייל מיט זיי אויסקומען. אָבער זיי האָבן גאָרנישט געוואָלט הערן און איך האָב געמוזט ביי זיי עסן.

— כל־זמן איר וועט נישט פאַרדינען — האָבן זיי געטענהט — וועט איר עסן מיט אונדז. נאָך אַלעמען וועלן מיר צו דעם נישט דערלייגן. אי מיר וועלן פאַרדינען א מצווה און אי עס וועט זיין אַ ביסל פריילעכער. עס וועט זיין מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט.

דעם זעלבן טאָג האָט ער גערעדט צו זיין עלטסטן זון, אַז ער זאָל אַראָפּקומען, ווייל ער דאַרף מיט אים עפּעס רעדן. און ווען ער איז געקו־מען, האָט ער אים אַלץ דערציילט וועגן מיר (ווען ער איז געקומען, בין איך געווען אין מיין צימערל. אָבער איך האָב געהערט, וואָס זיי רעדן, ווייל, ווייל דער אַלטער האָט שטענדיק גערעדט הויך) און צום סוף האָט ער אים געבעטן — כמעט באַפוילן — אַז ער זאָל מיך אין ערגעץ אַריינשפּאַרן אויף אַרבעט. אויף מאָרגן נאָך מיטאָג בין איך שוין געגאַנגען צו מיין נייעם בעל־הבית, האַלטנדיק אין קעשענע אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט מיט אַ רעקאָ־מענדיר־בריוול.

---

1) טובות. 2) הורטאָווניקעס.

# 18

אָנהייבנדיק ביים נייעם בעל־הבית האָט מיין לעבן זיך פּלוצים דער־לאַנגט אַ באַוועג אינגאַנצן אין אַן אַנדער ריכטונג ווי אין די ערשטע פינף וואָכן פון מיין זיין אין אַרגענטינע.

קודם־כל האָב איך זיך געמוזט אַרויסצי̇ען פון די קאַפּלאַנס. למען־האמת מוז איך צוגעבן, אַז דער אויסדרוק: „געמוזט" איז נישט קיין ריכטיקער, ווייל ביי מיין אַרויסצי̇ען זיך, האָבן מיר אַלע באַדויערט .איך האָב באַדויערט, נישט אַזוי דערפאַר, וואָס דאָרטן האָט מיר גאָרנישט געקאָסט, נאָר ווייל זיי זענען געווען באמת האַרציקע מענטשן. און זיי האָבן באַדויערט — זיי האָבן מיר דאָס געזאָגט און איך האָב זיי געגלויבט, — ווייל מיט מיין אַרויס־צי̇ען זיך זענען זיי געבליבן אַליין. די קינדער זייערע זענען געקומען זייער זעלטן — מערסטנטייל אַדורכפאָרנדיק — און ווען איך בין געווען ביי זיי אין שטוב האָבן זיי געהאַט מיט וועמען צו שמועסן, כאָטש עס וואָלט זיך בעסער געפּאַסט צו זאָגן פאַר וועמען צו רעדן און דערציילן. איבערהויפּט האָט ער, דער אַלטער, גערעדט און איך האָב געשוויגן.. מיר דאַכט זיך, אַז ווען איך וואָלט געהאַט אַ רו̇יקן קאָפּ און אַביסל טאַלאַנט וואָלט איך געקענט אָנשרייבן אַ בוך בלויז פון דעם, וואָס ער האָט מיר דערציילט. און דערציילט האָט ער מיר, אַזוי צו זאָגן, אין „פאָרזעצונגען". ווי אַזוי און פאַרוואָס ער איז געקומען קיין אַרגענטינע, ווי אַזוי ער האָט זיך אויף דער שיף באַקאַנט מיט זיין ביילען און ווי אַזוי און אין וועלכע באַדינגונגען זיי האָבן חתונה געהאַט. ווי אַזוי ער האָט זיך געמוטשעט אין אַ „איקאַ"־קאָלאָניע און וואָס פאַר אַן אַדמיניסטראַטאָר ער איז דאָרטן געווען. דערנאָך וועגן זיין איבער־לאָזן די פיל יאָריקע פּראַצע און קומען קיין בוענאָס־איירעס און וויפל ער האָט זיך דאָ אָנגעליטן ביז ער איז געקומען צו עפּעס. ווי אַזוי זיינע געע־שעפטן האָבן גענומען וואַקסן און וויפל הייזער ער האָט „אָפּגעריסן" איינציק־וויז, אַז קיינער זאָל נישט וויסן — קיינער חוץ זיין ווייב, ווייל די הייזער

האָט ער געקויפט אויף איר נאָמען, טאָמער וועלן די געשעפטן אָנהייבן גיין שלעכט, זאָלן כאָטש בלייבן די הייזער. און אַזוי כסדר און כסדר.

און דערציילט האָט ער יעדע זאַך באריכות, שילדערנדיק אַפילו ווי אַזוי די פאַרשידענע מענטשן האָבן אויסגעזען, ווי אַזוי זיי זענען געווען אָנגעטון, זייערע כאַראַקטערן און וועמען ער האָט יאָ געגלייבט און וועמען נישט געגלייבט. נו, קאָנט איר זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס פאַרלירן אַזאַ געדולדיקן אויסהערער האָט זיי קיין הנאה נישט געטון.

אָבער איך האָב זיי דערקלערט דעם גאַנצן אמת און זיי האָבן מיר געגלייבט און זענען מיט מיר געווען מסכים.

— קודם כל האָב איך זיי געזאָגט — קען איך נישט עסן אומזיסט. מילא, די פאָר טעג — דעם בעסטן דאַנק, אָבער וואָס הייסט איך וועל זיין אַ שטענדיק קעסט־קינד? און חוץ דעם איז מיר צו ווייט צו דער אַרבעט. איך דאַרף זייער ווייט פאָרן און אַזוי אַרום וועל איך פאַרלירן אַ סך צייט. דעריבער בין איך געצוווּנגען זיך אָפּצוזוכן אַ פענסיאָן נאָענט פון דער אַרבעט.

זיי האָבן — ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט — געפּרוּווט מיך אָפּרעדן, טענהנדיק אַז איך „מאָלעסטיר" 1) זיי נישט און אַז זיי וועלן זיין צופרידן, ווען איך וועל אָפּשפּאָרן דאָס געלט, וואָס איך וועל פאַרדינען, כדי צו קומען צו עפּעס. אָבער ווען זיי האָבן געזען אַז איך האַלט זיך ביי מיינס, האָט מיר דאָן פעליפּע געגעבן אַ רעקאָמענדאַציע צו אַ פאַמיליע, וואָס גיט בלויז עסן, אָבער „מיט מיין רעקאָמענדאַציע, וועט מען אייך אויך געבן אַ געלעגער" — האָט ער געזאָגט.

— און טייער וועט דער ייִד ביי אייך אויך נישט נעמען. דער ייִד איז אַ שוחט און מוהל. אָבער צו אַלץ באַדאַרף מען זיין אַ סוחר און ער איז אַ בטלן, כאָטש טאַקע זייער אַ וווילער ייִד! אַזוי אויך זיין ווייב און טאָכטער, וואָס איז אַ שטילע טויב.

צומאָרגנס איז ער צוגעפאָרן מיט מיר צו דעם ייִד, ר' ישראל האָט ער אים גערופן, וועלכער האָט מיר אויף מיין פּראָטעזשירערס ביטע, אויך פאַר־דונגען אַ קליין צימערל. איך בין זיכער אַז ער, ר' ישראל, האָט דערנאָך זיך פאַרשאָלטן דעם טאָג, ווען ער האָט דאָס געטון, ווייל איך האָב אים דערנאָך פאַרשאַפט אַזוי פיל עגמת־נפש, אַז דאָס האָט אים געטריבן פאַר דער צייט אין קבר אַריין. אָבער וועגן דעם וועלן מיר רעדן דערנאָך. איצט וועלן מיר זיך באַקענען מיט מיין נייעם וואַרשטאַט.

מיין צווייטער בעל־הבית איז געווען פונקט דער היפוך פון ערשטן.

1) באַלעסטיק.

ער איז געווען קליין־ווּקסיק, דיק, כמעט אַ פּעסל, נאָר מיט אַ שפּיציקן בויך, וואָס האָט אים שטאַרק באַשווערט דאָס נייען אויף דער מאַשין. ער האָט גע־האַט אַ לאַנגן פלייישיקן פּנים מיט דיקע ליפּן. אין לינקן ווינקל מויל האָט ער שטענדיק געהאַלטן אַ פּאַפּיראָס. ער האָט אויך געהאַט קליינע, כמעט נישט אָנזעעוודיקע אומרו:יקע אייגלעך, וואָס האָבן זיך שטיפעריש באַוועגט. אויף אַלץ האָט ער געהאַט אַ ווערטל, אַ וויץ, וועלכן ער האָט שטענדיק באַפּעפערט מיט ניבול־פּה. ער האָט אויך, איבערהויפּט ביים נייען אויף דער מאַשין, געזונגען אַ סך טעאַטער־לידלעך מיט אַ גאַנץ פיינער שטימע, אַזוי אַז אין דעם וואַרשטאַט איז געווען גאַנץ אָנגענעם.

אין וואַרשטאַט זענען מיר געווען פינף אַרבעטער. איך האָב זיך גלייך פון דעם ערשטן טאָג אָן באַפריינדעט און געוואָרן אינטים מיט איין אַרבעטער, וועלכער האָט געהייסן לייזער. ער איז געווען זייער שטאַרק ענלעך צו אונ־דזער בעל־הבית, דאָן איסאַק, אָדער איציק, ווי זיין ווייב האָט אים גערופן. אים האָבן בלויז געפעלט יענעמס קליינע אייגלעך, און אָנשטאט דעם האָט ער געהאַט גרויסע, אַרויסשטאַרצנדע און וואַסערדיקע אויגן. אים, לייזערן, האָט אויך געפעלט דאָן איסאַקס בייכל.

שוין דעם ערשטן טאָג, בעת מיר זענען פאַרנאַכט אַרויס פון דער אַר־בעט, האָט מיך לייזער מיט זיין האַרטלעכער שטימע, געפרעגט:

— ביזט שוין אַ „סאָסיאָ" 1) אין סינדיקאַט ?

איך האָב אים דערציילט דעם אמת, אַז איך בין ערשט פינף וואָכן אין אַרגענטינע און אַז ביז איצט בין איך נאָך נישט געוואָרן קיין מיטגליד, כאָטש איך האַלט אַז דאָס איז מיין פליכט.

מיינע רייד האָבן, ווייזט אויס, אַרויסגערופן ביי אים צוטרוי און ער האָט מיך גלייך געפרעגט:

— אַקטוי:רסט ערגעץ־ווו ?

מיין ענטפער איז געווען:

— ניין.

ער האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס, אָנגבאַטנדיק מיר אויך איינעם און נאָך דעם ווי ער האָט אַרויסגעלאָזט אין אַ ווײַלע געדיכטע קנוילן רויך, האָט ער געזאָגט:

— קום צוגיין היינט אין סינדיקאַט און שטעל צו אַ „סאָליסיטוד" 2) און דאָרטן וועלן מיר שוין רעדן...

איך האָב אים געזאָגט, אַז היינטיקן אָוונט וועל איך נישט קענען אַרויס־

1) מיטגליד; 2 ביטע

גיין, ווייל ערשטנס האָב איך נאָך נישט קיין שליסל פון שטוב, און צווייטנס, ווייס איך נאָך נישט ווו דער סינדיקאַט איז און ווי מען גייט אַהין.

הערנדיק מיין ענטפער האָט ער זיך אָפּגערופן:

— גוט, קום איצטער, וועלן מיר דאָרט רעדן.

אויפן וועג האָב איך אים בקיצור דערציילט וועגן מיין אַקטיוויטעט ביי אונדז אין שטעטל און ווי אַזוי מיר האָבן די אַרבעט אויסגעפירט.

ער, ווידער, האָט מיך מיט אויפמערקזאַמקייט אויסגעהערט, זאָגנדיק:

— זייער גוט, חבר יאָסל. איך וויל האָפן, אַז דו וועסט דערפילן דיין פּראָלעטאַרישן חוב.

ער איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן, זיך פאַרטראַכט און דערנאָך האָט ער צוגעגעבן:

— דו וועסט דאַרפן זיך נעמען לערנען קאָסטעזשאַנאָ. אַ פּאַרטייער מוז קענען די לאַנד־שפּראַך.

און אַזוי האָב איך אָנגעהויבן אָנטייל נעמען אין דער פּאַרטיי־אַרבעט, ווי אויך אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. פון אָנהייב, כדי עס זאָל נישט פאַלן קיין חשד, אין אינסטיטוציעס פון אונדז אינספּירירטע, אָדער „פּאַרעווע״, ווו מיר האָבן געשאַפן „קעמערלעך״ אין וועלכע מיר האָבן אָנגעצייכנט און פּאַקטיש אויסגעפירט די הויפּט־אַרבעט.

זעלטן ווען עס טרעפט, אַז איין חבר זאָל האָבן אַזאַ השפּעה אויף אַ צווייטן, ווי לייזער האָט געהאַט אויף מיר. געווען איז ער פיל עלטער פון מיר, אָבער גערעדט האָט ער מיט אַזאַ יוגנטלעכן ענטוזיאַזם און מיט אַזאַ זיכערקייט אין זיין קול, אַז ער האָט געקענט איבערצייגן אַפילו אַ שטיין. גערעדט האָט ער דווקא נישט קיין סך. אדרבא, זייער קורץ, אָבער שאַרף און איבערצייגנדיק. ער פלעגט זעלטן קוקן יענעם אין פּנים אַריין ווען ער האָט גערעדט. ער פלעגט דווקא קוקן אין דער ווייט. נאָר פון צייט צו צייט צוגעוואָרפן אַ זייטיקן בליק, כדי צו זען, וואָס פאַראַ איינדרוק זיינע ווערטער מאַכן. ער איז דערביי געווען אַ גרויסער מענטשן־קענער. זעלטן ווען ער האָט אַ טעות געהאַט אין אַ מענטש. ווען ער האָט זיך מיט איינעם באַקאַנט און מיט אים עטלעכע מינוט גערעדט האָט ער שוין געוווּסט, ווו ער האַלט מיט אים: צי ער איז אויפריכטיק, אָדער נישט, צי מען וועט פון אים קענען „מאַכן אַ מענטשן״ אָדער נישט און דאָס גלייכן.

צו מיר האָט ער זיך צוגעקלעפּט פון ערשטן טאָג אָן (דערנאָך האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ער האָט זיך שטענדיק אַזוי געפירט ווען ער האָט זיך באַקענט מיט איינעם וואָס איז, לויט זיין מיינונג, געווען אַ קאַנדידאַט צו „ווערן אַ מענטש״, ס׳הייסט: אַ פּאַרטייער). ער האָט, ווי שוין געזאָגט, מיט

מיר קיין סך נישט גערעדט, דאַקעגן האָט ער מיך תמיד אָנגערעגט אַרויס־צוזאָגן מיינע מיינונגען וועגן פאַרשידענע ענינים, פּאָליטישע און געזעל־שאַפטלעכע. זעלטן ווען ער האָט אַרויסגעבראַכט זיין מיינונג. ער פלעגט אָבער צוגעבן, אַז איך בין נאָך אַ „ווייכער", דאָס מיינט: אַ נאָך נישט אינ־גאַנצן באַוווסטזיניק־רייפער חבר, אָבער וואָס פאָלגט דער פּאַרטיי בלינד און מיט אַ געוויסן ענטוזיאַזם. ער האָט מיר געבראַכט צו לייענען ביכער און בראָשורן וואָס זאָלן מיר העלפן זיך אָריענטירן לויט דער פּאַרטיי־ליניע, סיי אין אַלגעמיינע פּראָבלעמען סיי אין יידישע פראַגן. אין דער דאָזיקער „ליטעראַטור" האָב איך זיך אָנגעלייענט וועגן דער פאַרעטערישקייט פון בונד, וועגן דער פאַרברעכערישער ראָל פון ציוניזם. נאָכן איבערלייענען די ביכער און בראָשורן האָב איך ווידעראַמאָל אַרויסגעבראַכט מיין מיינונג און ער פלעגט זיך צוהערן.

מיט דער צייט האָב איך שוין דערקענט אָן אים צי מיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען זיינען אין איינקלאַנג מיט דער פּאַרטיי־ליניע, אָדער נישט, כאָטש ער פלעגט דאָס מיר קיינמאָל נישט זאָגן.

איך האָב באַמערקט, אַז תמיד בעת איך רעד צו אים, רויכערט ער אַ סך. (ער איז געווען אַליידנשאַפטלעכער רויכערער). ווען ער איז געווען צופרידן פון מיינע אַרויסגעזאָגטע מיינונגען, האָט ער פאַמעלעך פאַרצויגן דעם פּאַפּיראָס און דערנאָך פלעגט ער אַרויסלאָזן מיט הנאה קליינע קנוילן רויך גלייך אויף מיר. ער האָט זיך ווי געשפּילט מיט די קליינע רויך־וואָלקנ־דלעך, וואָס פלעגן אונדז ביידן אַרומוויקלען. זיינע אַרויסשטאַרצנדיקע וואַ־סערדיקע אויגן האָבן באַקומען אַ גאָר, גאָר אַנדער שיין. אויב אָבער איך האָב נישט ריכטיק אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק און מיין מיינונג איז נישט גע־ווען לויט דער פּאַרטיי־ליניע, דאַן האָט ער נערוועז געהאַלטן אין איין פאַר־ציִען דעם פּאַפּיראָס, גיך אַרויסגעלאָזט געדיכטע קנוילן רויך, מיט וועלכע ער פלעגט אָנפילן דעם אַרום. אָבער מיר האָט ער גאָרנישט געזאָגט. ביים צעשיידן זיך, פלעגט ער בלויז באַמערקן:

— ס׳וואָלט נישט געשאַדט, אַז דו זאָלסט עס איבערלייענען נאָך אַ מאָל.

האָב איך אין די פרייע מאָמענטן — מערסטנטייל פאַרן שלאָפן־גיין אָדער גאַנץ פרי ביים אויפשטיין — זייער אַ סך געלייענט און געלערנט, אַזוי די לאַנד־שפּראַך ווי אויך פּאָליטישע ווערק, וואָס לייזער האָט מיר צוגעשטעלט.

מיט יעדן טאָג בין איך געוואָרן אַלץ מער צוגעבונדן צו אים און מיט יעדן טאָג האָט מען מיר אָנפאַרטרויט אַלץ מער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעטן, וועלכע איך האָב שטענדיק אויסגעפירט בשלימות. איך האָב מיינע שליחותן

אויסגעפּירט, ווייל איך בין געווען איבערצייגט, אַז איך טו אַ גרויסע און וויכטיקע אַרבעט פאַרן יידישן פאָלק! איך בין געווען זיכער, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג אויף וועלכן אַלע יידן דאַרפן גיין. דער וועג צו אַ קלאַסנ־לאָזער פעלקער־משפחה. איך בין געווען איבערצייגט, אַז בלויז אין אַ באַ־פרייטער וועלט וועט דער ייד קענען לעבן ווי אַ ייד.

פאַרוואָס בין איך דאַן געקומען צו דער איבערצייגונג? ווייל איך האָב געזען, אַז אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער וואַקסט דער אַנטיסעמיטיזם; אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן אַ מ'שטיינס־געזאָגטע „באַוועגונג״, וואָס ווערט נישט נאָר טאָלערירט, נאָר אויך געשטיצט פון די הערשנדיקע קלי־קעס; אַז מען לאָזט דעם ייד זיך נישט אויסלעבן נישט פיזיש און נישט גייס־טיק; אין די אוניווערזיטעטן ווערן איינגעפירט „נומערוס קלאַוזוס״ פאַר די יידישע סטודענטן און די וועלכע עס געלינגט שוין יאָ אַריינצוגיין אין אוני־ווערזיטעט, ווערן געמאַכט ספּעציעלע „געטאָ־בענק״; אַז מען נעמט צו ביים יידן זיינע פּרנסות און מען לאָזט אים פּשוט נישט פאַרדינען אויף ברויט.

און אין דער זעלבער צייט צעוואַקסט זיך דאָס יידישע קולטור־לעבן אין ראַטנפאַרבאַנד אַלץ מער און מער. עס ווערן געבויט שולן פאַר קינדער, ווו עס ווערט זיי געגעבן אַ געזונטע דערציִונג, וואָס איז נאַציאָנאַל לויט דער פאָרם און סאָציאַליסטיש לויטן אינהאַלט. עס צעוואַקסט זיך דער יידישער מלוכה־פאַרלאַג, אַ יידיש מלוכה־טעאַטער, אאַ״וו. דער ייד פאַרנעמט וויכטיקע פּאָזיציעס אויפן עקאָנאָמישן, געזעלשאַפטלעכן, פּאָליטישן, קולטורעלן, מי־ליטערישן און דיפּלאָמאַטישן געביט. האָב איך געקענט טראַכטן אַנדערש?

איך האָב טאַקע אין יענער צייט אויסגעדריקט מיין אני־מאמין אין די שורות, וואָס איך האָב באַטיטלט: איך גלויב!

איך גלויב אין אַ וועלט פון יושר און רעכט,
ווי די זון וועט פאַר אַלעמען שיינען העל!
אין וועלכער עס וועלן נישט זיין מער קיין קנעכט —
און פון טורמעס און קלויסטערס וועלן מיר מאַכן אַ תל!

איך גלויב אין אַ וועלט ווו אַלע וועלן לעבן ווי ברידער,
און עס וועט נישט זיין מער קיין אונטערשייד פון ראַסן
און מען וועט שוין כסדר,
פון דעם ייִד מער נישט שפּאַסן.

איך גלויב אין אַ וועלט, ווו אַלע וועלן זיין גלייכע,
און עס וועלן מער ניט פאָרקומען קיין פּאָגראָמען און קיין מהומות.
אין וועלכער עס וועלן נישט זיין קיין אָרעמע און קיין רייכע,
און עס וועלן שוין מער נישט פאָרקומען קיין מלחמות!

און אָט דער גלויבן מיינער האָט מיך געטריבן צו דער פאַנאַטישער סעקטאַנטישקייט, וואָ סהאָט צום סוף גורם געווען דעם טויט פון מיין פרוי און אפשר אויך פון מיין זון.

אין צימערל האָט געהערשט אַ דריקנדיקע שטילקייט. אין דער עטוואָס אָפענער טיר האָט זיך אַריינגעריסן די בלויקייט פון בין־השמשות. די שטיל־קייט איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן דורך דעם פאַבריקס־פייף, וואָס האָט זיך דערהערט. פון הויף האָט זיך דערטראָגן ס׳געפּילדער פון די עופות. אַ הונט האָט זיך צעהאַווקעט. עס האָבן זיך דערהערט ווייטע, אָפּגעהאַקטע, אומפאַרשטענדלעכע רייד.

איך האָב געקוקט אויף יאָסלען. ער איז געזעסן אין אַן אומבאַוועגלעכער פּאָזע, שטיל און שטאַר. פּלוצים האָט ער אויפגעהויבן איין האַנט און מיט איר אַ פּיר געטון איבערן פּנים, זיך פאַרהאַלטנדיק ביי דעם שיטערן בערדל, וואָס ער האָט פאַרטראַכטערהייט געצופּט.

— נו, — האָב איך אים דערמאָנט.

ער האָט אויפגעהויבן זיינע בליקן צו מיר און אַ ווייל מיך אָנגעקוקט. זיינע אויגן זענען געווען פייכט און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אין זיי ברענט אַ מאָדנער האָפענונגסלאָזער פייער.

— איך האָב אייך שוין געהאַט געזאָגט — האָט ער ווידער אָנגעהויבן צו דערציילן, אַז אויף דער רעקאָמענדאַציע פון דעם הער פּעליפּע קאַפּלאַן, האָב איך באַקומען אַ פּענסיאָן, שוין צוזאַמען מיט אַ צימערל. און הגם דאָס צימערל איז געווען זייער אַ קליינס, האָב איך דאָך זיך אין דעם געפילט גאַנץ גוט.

די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון דריי מענטשן: דער בעל־הבית, ר׳ ישראל גליקסמאַן, זיין פרוי פּערל און זיין טאָכטער, וואָס איז אים געבליבן פון דער ערשטער פרוי, קלאַריטאַ, אָדער ווי מען האָט זי גערופן: חיהקעלע.

ר׳ ישראל איז געווען, ווי איר ווייסט שוין, אַ שוחט און מוהל. ער איז געווען אַ מיטלוווּקסיקער, אַ פולער, מיט אַן אַש־גרויער קוו־צער באָרד, וואָס ער פלעגט בלויז פאַר יעדן יום־טוב אַביסל אַרומשערן, אָדער אַרומ־גלייכן. די באָרד האָט אים געמאַכט פיל עלטער ווי ער איז געווען אין דער אמת. געהאַט האָט ער אַ פּאָר דינע ליפּן, וועלכע מען האָט צוליב די וואָנצעס נישט אַרויסגעזען, אַ גרויסן ווינקלדיקן תלמיד־חכם־שטערן, אַ קורצע שפּי־ציקע נאָז און אַ פּאָר ברוינע אויגן, וואָס האָבן אויף אייך געקוקט, אי תמי־מותדיק, אי דערשראָקן. ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש, אַ מענטש אָן אַ גאַל, — נאָר ווי דאָן פּעליפּע האָט מיר געהאַט געזאָגט — אַ גרויסער בטלן. צו יעדן איינעם האָט ער געהאַט אַן אומבאַשרייבלעכן צוטרוי און פיל

ייִדישע בחורים, וואָס האָבן ביי אים געגעסן פּענסיאָן האָבן דאָס טאַקע אויס־געניצט. גאַנצע טעג איז ער געזעסן איבער אַ גמרא, אַ משניות אָדער עין־יעקב.

— אוי, איז דאָס זיס — האָט ער זיך פאַר מיר אַ סך מאָל פּאָסמאַקע־וועט, אָנווייזנדיק אויפן עין־יעקב און זיינע תמימותדיק־צעשראָקענע אויגן האָבן זיך צעשטראַלט.

געהאַלטן פּענסיאָניסטן האָט ער פּשוט צוליב דעם כדי אַרויסצוהעלפן אין פּרנסה, ווייל פון זיינע ביידע פּרנסות „סטייעט נישט קיין וואַסער אויף קאַשע", — ווי זיין פרוי פּערל האָט אָפט געזאָגט.

מיטן פּענסיאָן (עס זענען דאָרטן שטענדיק געווען אַן אַכט־צען עסערס, דער איינציקער, וואָס האָט דאָרטן אויך געהאַט אַ צימער, בין איך געווען), האָט אָנגעפירט זיין צווייטע פרוי, מיט וועלכע ער האָט חתונה געהאַט קורץ פאַר זיין קומען קיין אַרגענטינע. זי איז געווען אַ שווערע, ברייט־צעוואָק־סענע ייִדענע, מיט אַ גרויסן בוזים,אַ קורצע פליישיקע נאָז און אַ פּאָר גאָר־נישט־זאָגנדיקע אויגן וואָס האָבן זייער אָפט געטרערט.

אָבער מיט איר גאַנצער שווער־לייביקייט האָט זי זיך באַוועגט פיל גיי־כער ווי איר מאַן. זי איז געגאַנגען איינקויפן, סיי דאָס פלייש און סיי די גרינסן. זי האָט אַליין געקאָכט און אַליין געוואַשן און אַלץ האָט זי געטון גיך, בריהש. זי איז נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן, כמעט זיך געקאַטשעט און אַ סך האָבן טאַקע געשמייכלט, ווען מען האָט זי געזען זיך קאַטשען.

קיין קינדער האָט זי נישט געהאַט און איר שטיף־טאָכטער האָט זי באַ־האַנדלט גוט, ניט פון ליבשאַפט, נאָר פון רחמנות. שטענדיק האָט זי זיך באַקלאָגט אויף איר מזל. זי האָט זיך אַפילו באַקלאָגט ווען קיינער איז נישט געווען אין שטוב. דאַן האָט זיך זיך אויסגעטענהט „מיט זיך אַליין" וועגן איר דאָליע, כאָטש זי האָט געוווּסט, אַז ווען נישט דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפן איר מאַן, ר' ישראלן, וועלכער איז געבליבן אַן אלמן, מיט אַן עופהלע, וואָלט ער מיט איר נישט חתונה געהאַט. נישט ער, און אפשר, אויך נישט קיין אַנדערער. ווייל ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט אים, איז זי געווען מיט אַ צען יאָר עלטער פון אים און האָט נישט געהאַט קיין גוטן נאָמען. מען האָט אויף איר געזאָגט, אַז מען זעט זי זייער אָפט אין נאָענטן וואַלד און ניט אַליין. פונדעסטוועגן האָט זי זיך געהאַלטן אין איין באַקלאָגן אויף „מיין לעאיצלעך" — ווי זי פלעגט זאָגן, — וואָס קען קיין קאָץ קיין עק נישט פאַרבינדן.

ווי געזאָגט, האָט זי געפירט די באַלעבאַטישקייט און אַלץ אַליין געטון, אָבער די פּענסיאָניסטן דערלאַנגט דאָס עסן האָט קלאַריטאַ.

זי איז געווען עטוואָס העכער פון איר טאָטן, אַ שלאַנקע מיט אַן אומע־טיקן פּנים, מיט טיפע,קלוגע פאַרחלומטע אויגן און דינע בלאַסע ליפּן. זי האָט שטענדיק זיך געקליידט באַשיידן, איך וועל אַפילו זאָגן: מיט צניעות, ווייל אירע קליידלעך און בלוזקעס זענען שטענדיק געווען מיט לאַנגע אַרבל און הויך פאַרשפּילעטע קעלנער. און ווען זי האָט באַמערקט, אַז עמעצער פון די פּענסיאָניסטן קוקט אויף איר, אָדער זי האָט זיך צופעליק באַגעגנט מיט עמעצנס אַ בליק, האָט זיך איר בלאַסער פּנים באַדעקט מיט אַ פּורפּור־רויטקייט און אַראָפּלאָזנדיק די אויגן האָט זי פּאַמעלעך זיך דערווייטערט.

זי האָט נישט געזוכט אַרויסצווייזן, אַז זי איז יונג. זי האָט נישט גע־זוכט, ווי אַנדערע פּרויען, צו געפעלן. זי האָט נישט געוווסט, וואָס עס איז אַזוינס קאָקעטירן. בקיצור: זי איז געווען אַנדערש פון אַלע און די אַנדערש־קייט האָט מיך וואָס ווייטער אַלץ מער גענומען לאָקן און פאַר:נטערעסירן.

איך מוז אייך זאָגן, אַז כאָטש איך בין שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, בין איך אָבער אין באַצוג צו פרויען געווען זייער צוריקגעהאַלטן. טיילווייז קומט דאָס פון כאַראַקטער און אַ ביסל איז דערין אויך שולדיק די געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעט, וועלכע האָט מיך אויסגעלערנט קוקן אויף דער פרוי, נישט ווי אויף קיין שפּילצייג פון מענטשנס געניוס. אַלס אַזעל־כער האָט איך זיך קיינמאָל נישט געוואָרפן מיט סתם פראַזן, ווען מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין דער געזעלשאַפט פון פרויען. פון מיר האָט קיין פרוי נישט געהערט די אויסגעדראָשענע פאַלשע רייד מיט וועלכע מען וויל געווינען איר לאַסקע. איך בין געווען דאָס, וואָס מען רופט אָן: אַ טרוקענער מענטש און דעריבער האָבן אַפילו מיינע אייגענע פּאַרטיי־חברטעס אויסגע־מיטן מיין געזעלשאַפט אויסער דער פּאַרטיי־אַרבעט. און עס קאָן זיין, אַז פּונקט ווי מיך האָט געפּאַנגען די אַנדערשקייט פון קלאַריטאַן האָט אויך קלאַריטאַ אין מיר דערזען די אַנדערשקייט פון אַנדערע מענער. דערמיט וויל איך אייך דערקלערן פאַרוואָס מיר זענען צוגעבונדן געוואָרן איינער צום צווייטן.

ווי איך האָב אייך שוין דערציילט, בין איך דעם ערשטן טאָג, ווען איך האָב זיך אַריינגעצויגן אין דעם פּענסיאָן, נאָך דער אַרבעט מיט לייזערן אין נאָדל־סינדיקאַט, ווו איך האָב אָנגעגעבן אַ ביטע מען זאָל מיך אָננעמען אַלס מיטגליד (דעם „סאָליסיטוד" האָבן אונטערגעשריבן פאַר מיר צוויי אומ־באַקאַנטע אַרבעטער, וועלכע לייזער האָט דאָס געהייסן טון). און ווען לייזער האָט מיך אָפּגעפירט אַהיים איז שוין געווען שפּעטער אָוונט און אַלע פּענ־סיאָניסטן האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן און זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען. איין טיש איז אָבער געווען געגרייט. דאָס איז געווען דער טיש אויף וועלכן

די פאַמיליע גליקסמאַן האָט געגעסן נאָך דעם ווי די פענסיאָניסטן זענען אַוועק.

ווען איך בין אַריין האָט זיך ר׳ ישראל פונקט אַוועקגעזעצט ביים טיש, וואַרטנדיק — ווי זיין שטייגער איז געווען, — מיטן אָפּשניידן אַ המוציא, ביז זיין ווייב און טאָכטער האָבן זיך געזעצט.

אויף מיין „גוטן־אָוונט״ האָט ער אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, אָנווייזנדיק מיר מיט די הענט, אויף שטום־לשון, אַז איך זאָל זיך זעצן. איך האָב אָבער געזאָגט, אַז פריִער וועל איך זיך אַרומוואַשן און דערנאָך וועל איך קומען עסן.

ווען איך בין אין עטלעכע מינוט אַרום אַריין שוין אָן אָפּגעוואַשענער און פאַרקעמטער, האָב איך געזען, אַז זיי וואַרטן אויף מיר מיטן עסן.

איך האָב נאָכאַמאָל געזאָגט: „גוטן־אָוונט״ אויף וועלכן ביידע פרויען, פערל און קלאַריטאַ האָבן געענטפערט און פרוי פערל האָט מיט איר מע־נערישער שטימע צוגעגעבן:

— כ׳האָב שוין געמיינט, אַז אירט פאַרבלאָנדזשעט. אַז אַ יונגערמאַן גייט אַוועק און קומט נישט און עס איז שוין אָוונט. כ׳ווייס? אַ גרינער... מאַלע וואָס עס מאַכט זיך.

— ווייסעך וואָס — האָט ר׳ ישראל אַ זאָג געטון מיט זיין דינעם קולעכל, אַ מאַך טוענדיק מיט די הענט — מען ווערט נישט פאַרפאַלן. קיין ייִדיש קינד אַוודאי נישט.

איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך בין מיט איינעם וואָס אַרבעט אין זעלבן וואַרשטאַט, ערגעץ געגאַנגען און ער האָט מיר צוגעפירט ביז אַהער.

די גאַנצע צייט פונעם עסן האָט קיינער פון אונדז נישט גערעדט און במילא האָט אין צימער געהערשט אַ שטילקייט. אַ פּאָר מאָל, בעתן עסן, האָבן מיינע בליקן זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט קלאַריטאַס. זי האָט אַראָפּגע־לאָזט די אויגן, באַגיסנדיק זיך מיט אַ רויטקייט.

נאָכן עסן, בעת קלאַריטאַ האָט געהאָלפן דער מאַמען (זי האָט איר גע־רופן: מאַמע) אַראָפּנעמען פון טיש, האָט איר טאַטע אַ זאָג געטון:

— ברענג, טאָכטער, אַ גלעזל טיי. ברענג פאַרן יונגנמאַן אויך.

און ווענדנדיק זיך צו מיר, האָט ער געפרעגט:

— איר וועט דאָך מסתמא טרינקען, אַ יאָ?

אין עטלעכע מינוט אַרום איז קלאַריטאַ אַריין מיט אַ גרויסער טאַץ, אויף וועלכער עס האָט זיך געפונען אַ פּאָרצעלייענער באַבלימלטער טשייניק מיט געקאָכטע וואַסער, אַ קליין טשייניקל מיט פאַרפּאַרעטער טיי און דריי גלעזער מיט שעלעכלעך (פרוי פערל איז געבליבן אין קיך און פון דאָרט

איז זי געגאַנגען זיך לייגן שלאָפן. קלאַריטאַ האָט אָנגעגאָסן דריי גלעזער טיי, פריִער פאַרן טאַטן, דערנאָך פאַר מיר און צולעצט פאַר זיך.

ביים טרינקען, צווישן איין זופּ און צווייטן, האָט מיך ר׳ ישראל אויס־געפרעגט ווער איך בין. און וואָס איך האָבן געטון אין דער היים. (דאָן פּע־ליפּע האָט אים געהאָט דערציילט וועגן דער מחלוקה מיט מאירן און אויך אַז זיין זון פערנאַנדאָ האָט מיך „אריינגעשפּאַרט״ צו דאָן איסאַקן אין וואַר־שטאַט). ער האָט מיך אויך אויסגעפרעגט פיל אַנדערע פראַגן אויף וועלכע איך האָב באריכות געענטפערט.

איך האָב דערציילט ווער איך בין און נישט וואָס איך בין, ווייל איך האָב געזען, אַז איך האָב פאַר זיך אַ רעליגיעזן מענטש און כאָטש איך בין רעלי־גיעז נישט געווען, דאָך האָט זיך צו מיר נישט צוגעקלעפּט די אַנטירעליגיעז־קייט פון מיין פּאַרטיי. אדרבה, איך האָב געהאָט דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר אַן אויפריכטיק רעליגיעזן מענטש. און ר׳ ישראל איז דאָס געווען. דעריבער האָב איך זיך נישט געפילט איבעריק באַקוועם ביי דער ערשטער וועטשערע, ביי וועלכער ער איז, ווי שטענדיק, געזעסן אין אַ יאַרמולקע אויפן שפּיץ קאָפּ און ביים אָנהייבן עסן, בעת איך בין אַריינגעקומען, האָט ער געמאַכט די ברכה: „המוציא לחם מן הארץ״ און איך בין געזעסן און געגעסן אָן אַ היטל.

ביים דערציילן האָב איך זייער אָפט אַריינגעוואָרפן אַ פּסוק, אַ מאמר חז״ל און בכלל יִדישע ווערטלעך און אים איז דאָס שטאַרק געפעלן געוואָרן. איך האָב דאָס געזען אין זיינע אויגן, וועלכע האָבן באַקומען גאָר אַן אַנדער גלאַנץ.

און ווען דער וואַנט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוועלף, האָב איך זיך אויפגעהויבן, געזאָגט „אַ גוטע נאַכט״ און זיך געגאַנגען לייגן, איבערלאָזנ־דיק דעם טאַטן מיט דער טאָכטער אין גרויסן עס־צימער.

— זעט אויס צו זיין אַ וווילער יִדישער יונגערמאַן — האָט זיך דער־טראָגן צו מיין צימערל ר׳ ישראלס דין קולכל.

# 19

מיט לייזערס הילף און אונטער זיין השפעה האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן מיט לייב און לעבן אין דער פּאַרטיי־אַרבעט, איבערלאָזנדיק פּיל מאָל די שניידערישע אַרבעט כדי אויסצופירן דאָס, וואָס מען האָט מיר אָנפּאַרטרויט. איך האָב אויך געלייענט אַ סך און געלערנט שפּאַניש. די פּאַרטיי האָט מיך צוגעטיילט, ווי לייזער האָט עס מיר איבערגעגעבן צו אַ קולטור־הויז פון וויזשאַ־קרעספּאָ, און קורץ נאָך דעם אין אַן אַרבעטער־קלוב אין צענטער, וואָס מען האָט דאַן געגרינדעט, אונטער דער דירעקטער ווירקונג און אָנפירונג פון דער פּאַרטיי (כאָטש אָפן האָט מען עס נישט אויסגעזאָגט). אין קלוב זענען געווען פּיל אָפּטיילונגען: אַ ביבליאָטעק, אַן אָרקעסטער, אַ דראַמאַטישער קרייז אאַ״וו. איך בין אַריין אין דער קולטור־קאָמיסיע, ס׳הייסט: אין דער אָנפירונג פון דער ביבליאָטעק און דראַמקרייז. אויף דעם דראַמאַטישן קרייז האָט די פּאַרטיי־אָנפירונג זייער פּיל אויסגעשטעלט, ווייל דאָס איז געווען אַן אויסגעפּרוווט מיטל אַריינצוציִען נייע מענטשן. עס זענען געקומען צענדליקער וועלכע האָבן געוואָלט שפּילן טעאַטער, אָבער די פּאַרטיי־פּראָפּאַגאַנדע האָט שוין צוגעהיטן, אַז זיי זאָלן אויך נעמען שפּילן אַנדערע ראָלן. דער דראַמאַטישער קרייז איז דעריבער געווען דער קוואַל דורך וועלכן עס זענען צו דער פּאַרטיי־טעטיקייט כסדר געקומען נייע מענטשן.

און צווישן זיי איז אויך געווען קלאַריטאַ.

עס האָט מיך טאַקע געקאָסט זייער אַ סך אָנשטרענגונג, אָבער איך האָב זי געוווּנען פאַר מיר און פאַר דער באַוועגונג.

נאָך דעם ווי מיר האָבן די ערשטע וועטשערע געגעסן צוזאַמען איז דאָס שוין דערנאָך געוואָרן אַ געוווינהייט. אַזוי ווי איך האָב באַמערקט אַז זיי עסן ווען אַלע פּענסיאָניסטן האָבן שוין געענדיקט, האָב איך שוין כסדר אַזוי געמאַכט, צו קומען צו דער וועטשערע ווען זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צום טיש.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז וואָס אַ טאָג זענען מיר געוואָרן היימישער,

נענטער און איבערהויפּט — איך מיט קלאַריטאַן. מיר זענען אָפּט געבליבן ביים טיש נאָכן עסן, פּריִער ביי אַ גלעזל טיי און דערנאָך גלאַט אַזוי. ר' ישראל און איך האָבן אָפּט גערעדט דברי תורה און איך האָב אַריינגעוואָרפן, פון צייט צו צייט אויך אַ וואָרט וואָס האָט געהאַט צו טון מיט אַן אַנדער סאָרט תורה, נישט ר' ישראלס, נאָר — מיינע. פון אָנהייב האָט זי, קלאַריטאַ, נישט דרייסט געפּרוּווט זיך אַריינמישן אין אונדזער שמועס מיט אַ וואָרט, אָבער זי איז גיך רויט געוואָרן, זיך פאַרשעמט און געבליבן שטיל.

איך האָב אָבער, כדי איר צו געבן מוט, זיך אָנגעכאַפּט אין איר שעמעוו־דיקן וואָרט און עס אונטערגעהאַלטן אין דעם ווייטערדיקן שמועס. דאָס האָט זי טאַקע דערמוטיקט און אין די ווייטערדיקע אָוונטן האָט זי אַלץ מער אָנ־טייל גענומען אין אונדזערע שמועסן, וואָס האָבן מיט דער צייט זיך פאַר־וואַנדלט אין דיסקוסיעס צווישן אונדז ביידן. איך האָב איר גענומען ברענ־גען פון אונדזער ביבליאָטעק ביכער, וועלכע זי האָט גערן געלייענט. און כאָטש פון אָנהייב האָט זי עס געטאָן צוליב מיר, איז זי דערנאָך געוואָרן אַ ליידנשאַפטלעכע לייענערין.

אָבער אויב צו מאַכן דאָס צניעותדיקע שטוב מיידל פאַר אַ גוטע לייע־נערין האָט מיך ניט געקאָסט קיין סך מי, איז מיר אָבער דאָס אַרויסנעמען זי פון שטוב נישט אָנגעקומען לייכט. דער שטייגער פון לעבן מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק, ווען זען אַ מיידל מיט אַ יינגל צוזאַמען איז געווען אַ גרויסע זעלטנקייט, האָט מיר שטאַרק באַשווערט מיין מי אין דער דאָזי־קער ריכטונג.

פונדעסטוועגן איז דאָס מיר, נאָך פיל חדשים פון געדולדיקן אויפ־קלערן און איבערצייגן, געלונגען זי אַרויסצונעמען פון שטוב און זי אַריינ־צוציִען אין אונדזער פּאַרטיי־אַקטיוויטעט.

ס'איז מיר, ווי געזאָגט, אָנגעקומען גאָרנישט לייכט. די לעצטע צייט האָט שוין איר טאַטע, ר' ישראל, אונדז אָפּט געלאָזט אַליין ביים טיש און מיר זענען זיך פאַרזעסן און האָבן דיסקוטירט וועגן אַ בוך אָדער אַן אַנדערן ענין. איינמאָל בעת אַזאַ שמועס האָב איך איר דערציילט וועגן דער גרויסער צאָל יוגנטלעכע, וואָס קומען אין אונדזער אַרבעטער־קלוב און צווישן זיי אויך אַ סך מיידלעך און אייניקע פון זיי פון די אָרעמיקע גאַסן. טאַקע גלייך האָב איך זי דירעקט געפרעגט:

— פאַרוואָס, קלאַריטאַ, קומט איר נישט צו אונדז? איר וואָלט זיך דאָרט געוויס אויסגעלעבט פיל בעסער, פיל אינטערעסאַנטער.

מיין פראַגע האָט זי שטאַרק איבערראַשט. איך האָב געזען ווי זי

האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צו מיר און צוזאַמענטרעפנדיק זיך מיט מיינע אויגן, האָט זי רויט ווערנדיק זיי אַראָפּגעלאָזט.

— איך — האָט זי אַרויסגעשטאַמלט — איך קען נישט... איר ווייסט דאָך.

דעם „איר ווייסט דאָך" האָט מען געקענט געבן פיל טייטשן און איך האָב אים אויסגעטייטשט, אַז דאָס וויל זי נישט, ווייל זי האָט מורא, אַז איר טאַטע וועט נישט דערלויבן. איך בין געוואָרן דרייסטער און צוגע־שטאַנען.

— אויב איר וועט מיר דערלויבן וועל איך רעדן מיט אייער טאַטן. איך גלויב, אַז מיט מיר וועט ער אייך דערלויבן.

אַן אויפגערעגטע האָט זי גיך געענטפערט:

— ניין, ניין, איך בעט אייך...

— הייסט עס, אַז איר ווילט נישט גיין מיט מיר?

— גאָט באַהיט! — האָט זי אויסגערופן רויט ווערנדיק — וואָס רעדט איר?

זי האָט זיך פּלוצעם אויפגעשטעלט און באַהערשנדיק זיך האָט זי צו־געגעבן:

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן... ס'איז שוין שפּעט... איך וויל זיך שוין גיין לייגן...

אָפּגעזאָגט, האָט זי אָפּגערוקט דעם שטול אויף וועלכן זי איז פריִער געזעסן און גענומען זיך דערווייטערן צו איר צימער.

איך האָב אַן איבעררַאשטער נאָכגעקוקט ווי איר שלאַנקער קערפּער דערווייטערט זיך און איך האָב אין דעם מאָמענט שוין אויף זיכער גע־ווּוסט, אַז זי איז נישט גלייכגילטיק צו מיר. אמת, איך האָב דאָס שוין באַמערקט זינט אַ צייט, ווען אירע גלעטנדיקע בליקן האָבן וואָס אַ טאָג אויף מיר גענומען רוען מיט אַלץ מער דרייסטקייט. כ'האָב אויך באַמערקט ווי איר בלאַסער אומעטיקער פּנים באַקומט גאָר אַן אַנדער קאָליר ווען איך קום אַריין, אָבער ערשט אין איצטיקן מאָמענט איז אין מיר אויפ־געגאַנגען מיט אַ פריידיקער זיכערקייט דאָס געפיל, אַז דאָס דאָזיקע מיידל האָט מיך ליב.

און גאַנץ אומדערוואַרט פון זיך אַליין האָב איך אויסגערופן:

— קלאַריטאַ!

זי איז שטיין געבליבן און זיך אויסגעדרייט צו מיר. זי האָט, ווייזט אויס, געוואַרט, אַז איך זאָל זיך דערנענטערן צו איר און איר זאָגן דאָס, וואָס זי האָט שוין לאַנג געוואָלט הערן.

און דעם אמת געזאָגט האָב איך איר טאַקע געוואָלט זאָגן, אַז איך האָב זי ליב. איך האָב זיך אָבער פאַרשעמט, ווייל איך האָב זיך נישט אויס־געטויגט צו זאָגן אַזעלכע פראַזן, וואָס האָבן אין מיין פאַרשטעלונג גע־שמעקט מיט קליינבירגערלעכקייט. דאָך האָב איך זיך דערנענטערט צו איר, אַ ווײַלע זי אָנגעקוקט און אויסשטרעקנדיק איר מיין האַנט האָב איך שטיל געזאָגט:

— אַ גוטע נאַכט קלאַריטאַ.

זי האָט אַרײַנגעלייגט, צום ערשטן מאָל, איר צאַרט הענטל אין מיין האַנט און איך האָב עס אַ דריק געטאָן.

— אַ גוטע נאַכט, יאָסל — האָט זי שטיל אַרויסגעשעפּטשעט, אַרויס־ציִענדיק לאַנגזאַם איר האַנט פון מיינער, אָנקוקנדיק מיך דערביי מיט אַזעלכע מאָדנע בליקן. דאָס זענען געווען בליקן, וואָס האָבן געגלעט און געפּאָרשט. בליקן פון ליבע און שרעק, פון אָט דער שרעק, וואָס איז ביי איר געבליבן איינגעקריצט אין אירע אויגן פון געבוירן אָן, פּונקט ווי זי וואָלט געוואָלט מיט אירע בליקן דערמאָנען אין וואָס פאַר אַ טראַגישע אומשטענדן זי איז געקומען אויף דער וועלט.

## 20

אויף מאָרגן בין איך גלייך פון דער אַרבעט געקומען אַהיים און, ווי אַלע טאָג, זיך אַרומגעוואַשן, פאַרקעמט און געביטן די זאַכן. אָבער אָנשטאָט אַוועקצוגיין און גאַס, בין איך אַריין אין עסצימער מיט אַ ביכל און זיך געזעצט לייענען, וואַרטנדיק, אַז עס זאָלן קומען נאָך פּענסיאָניסטן עסן. איך האָב נישט געוואָגט צו בעטן מען זאָל מיר געבן פריִער.

אָבער איך האָב נאָך נישט באַוויזן איבערצולייענען דאָס ערשטע זייטל, ווי איך האָב דערהערט קלאַריטאָס קול:

— איר גייט היינט נישט אַוועק?

— יאָ — האָב איך גלייך געענטפערט — איך וועל גיין, נאָר פריִער וועל איך עסן וועטשערע.

— איר וועט היינט נישט עסן מיט אונדז? — האָט זי אַ דערשטוינטע געפרעגט:

— ניין, קלאַריטאַ.

איך האָב געזען ווי אויף איר פּנים בייטן זיך די קאָלירן און אירע ליפּן האָבן זיך נערוועז באַוועגט, ווי זי וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגן און נישט געקענט. צום סוף האָט זי שטיל געפרעגט:

— דערפאַר וואָס איך האָב אייך נעכטן באַליידיקט?

איך האָב אַן איבעררראַשטער געפרעגט:

— מיך באַליידיקט? ווען?...

אַראָפּלאָזנדיק די בליקן האָט זי געענטפערט:

— נעכטן... ווען איך בין פּלוצעם אַוועק.

— וואָס רעדט איר, קלאַריטאַ טייערע — האָב איך כמעט אויסגע־שריגן.

איך בין זיך מודה, אַז דאָס וואָרט „טייערע“ האָט זיך ביי מיר אַרויס־געכאַפּט צום ערשטן מאָל, פּונקט ווי איך האָב דאָס ערשטע מאָל געוואָגט

אַרויפצולייגן מיין האַנט אויף איר אַקסל און אים לייכט אַ דריק צו טאָן. קלאַריטאַ האָט זיך באַדעקט מיט אַ פורפור־רויטקייט און איך האָב נישט געוווּסט צי דאָס איז געשען צוליב דעם וואָרט „טייערע״, אָדער צוליב דעם אַרויפלייגן מיין האַנט אויף איר אַקסל. זי האָט מיך אַ ווייל אָנגעקוקט מיט אויפגעשטראַלטע אויגן און אַרויסגעשעפּטשעט:

— יאָסל...

איך האָב ווי אַ חדר־יינגל פאַרשעמט אַראָפּגענומען מיין האַנט פון איר אַקסל און אַ ווייל זי אָנגעקוקט שטום. איך האָב זיך דערפילט אַזוי פאַרלוירן. איך האָב פּשוט נישט געפונען קיין ווערטער וואָס איר צו זאָגן. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס קול וויל מיר נישט דינען. אָבער נאָך אַ ווייל האָב איך זיך באַהערשט און איר דערקלערט, אַז די סיבה פון מיין היינטיקן נישט עסן צוזאַמען איז דאָס, וואָס ביי אונדז אין אַרבעטער־קלוב וועט מען היינט פאָרלייענען אַ פּיעסע. מיר ווילן צוגרייטן אַ טעאַטער־פאָרשטעלונג פון אַ גרעסערן פאַרנעם — האָב איך געזאָגט — און מען דאַרף האָבן אַ סך מענטשן און איך אַלס פאַראַנטוואָרטלעכער חבר דאַרף אויך נעמען אָנטייל (דאָס איז טאַקע געווען אמת).

— איר שפּילט אויך טעאַטער? — האָט זי אַן איבערראַשטע געפרעגט.

— עס האַנדלט זיך נישט, קלאַריטאַ, אין שפּילן טעאַטער — האָב איך געענטפערט — אין שפּילן טעאַטער סתם אַזוי, מיינע צילן זענען פיל העכערע. איך נעם אָנטייל ווייל איך האַלט, אַז דורך טעאַטער טוט מען אַ וויכטיקע קולטור־אַרבעט, ווייל דורך טעאַטער קען מען דערגרייכן דאָס, וואָס דורך אַנדערע וועגן קען מען עס בשום אופן נישט דערגרייכן. ווייל טעאַטער — האָב איך פאַרענדיקט — איז די שול פון און פאַרן פאָלק.

מיר האָבן נאָך אַ ביסל געשמועסט און דערנאָך האָט זי געגרייט ספּע־ציעל פאַר מיר דעם טיש. פאַר וואָס איך האָב איר שטאַרק געדאַנקט און נאָכן עסן האָב איך זיך מיט איר געזעגנט און בין אַוועק.

ווען איך בין נאָך האַלבער נאַכט צוריקגעקומען האָב איך באַמערקט, אַז אין קלאַריטאַס צימער איז נאָך ליכטיק. אַ סימן, אַז זי איז נאָך וואַך. זי האָט אָבער, ווייזט אויס, דערהערט מיין טריט, כאָטש איך האָב געעפנט די דרויסן־טיר מיט דער גרעסטער פאָרזיכטיקייט. זי איז אַרויסגעקומען און שטיל אַ שעפּטשע געטאָן:

— יאָסל.

איך בין צוגעגאַנגען צו איר און זי אָנגעקוקט מיט אַ פרעגנדיקן בליק. זי האָט מיך שטיל געפרעגט:

— איר זענט נישט ברוגז?

— פאַרוואָס, קלאַריטאַ, זאָל איך זיין ברוגז? — האָב איך צוריק געפרעגט און צוגעגעבן:

— איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איך בין נישט און האָב נישט פון וואָס צו זיין אויף אייך ברוגז... און חוץ דעם...

— און וואָס חוץ דעם? — האָט זי געפרעגט:

איך האָב שטאַמלענדיק געזאָגט:

— נו, איך רעספּעקטיר אייך צופיל און איך... קען נישט זיין מיט אייך ברוגז...

— און איך האָב דעם גאַנצן אָוונט געמיינט — האָט זי זיך מודה געווען — אַז דעריבער זענט איר אַוועק פריִער ווי שטענדיק.

און דערנאָך האָט זי שטיל צוגעגעבן:

— ביים טיש איז געווען אַזוי אומעטיק — — —.

די ווערטער האָט זי אַרויסגעזאָגט מיט אַזאַ פּשטות און אויפריכטיקייט, אַז איך בין אַ גערירטער געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, נישט קענענדיק אַרויסרעדן קיין וואָרט. אַן אָנגענעם געפיל האָט מיך באַהערשט. איך האָב דערפילט עפּעס אַזוינס ווי דאָס וואָס מען רופט אַן גליק. אַזוי זענען מיר געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, ביז אונדזערע הענט האָבן זיך אויפגעזוכט אין דער האַלב־טונקלקייט און אונדזערע הייסע, פּיבערדיקע פינגער האָבן זיך פאַרפלאָכטן. אַזוי האָט זיך פאַרפלאָכטן און פאַרקניפּט אונדזער ליבשאַפט, וואָס האָט אָנגעהאלטן לאַנגע, לאַנגע יאָרן.

## 21

נישט געקוקט דערויף, וואָס איך האָב זי אויפריכטיק ליב געהאַט, האָב איך דאָך זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך, כדי צו דערגרייכן מיין ציל: אַריינצינען קלאַריטאַן אין אונדזער באַוועגונג.

איך האָב געוווּסט, אַז זי ליידט דערפון, וואָס איך בין נישט ביים טיש צוזאַמען מיט איר און דווקא דערפאַר בין איך יעדן אָוונט אַוועק, ווייל איך האָב געוואָלט זי דורך דעם ברענגען דערצו, אַז זי זאָל מיט מיר אַרויסגיין אין גאַס.

איך האָב פון מיין פאַרטיי זיך אויסגעלערנט צו שטעלן דעם ציל העכער פון אַלץ און כדי מיין ציל צו דערגרייכן, האָב איך זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך, אַפילו נישט פון ווי טאָן דער, וועלכער איך האָב אויפריכטיק און צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געליבט.

און איך האָב אויסגעפירט.

עס איז געווען אין אַ צוויי חדשים אַרום, אין אַ פרייטיק צו נאַכט. (די גאַנצע צייט בין איך מחמת רעספּעקט צו ר' ישראלן געבליבן פרייטיק צו נאַכט אין שטוב). נאָך די זמירות וואָס ער האָט, ווי שטענדיק, געזונגען מיט התלהבות און נאָכן אָפּבענטשן, איז ער אַוועק שלאָפן (פרוי פערל איז נאָך פריער אַוועק) און מיר זענען געבליבן אַליין. איך האָב באַשלאָסן דעם אָוונט צו רעדן מיט איר אָפענע ווערטער, דעריבער האָב איך נאָך אַ קורצן שווייגן זיך אָפּגערופן:

— קלאַריטאַ, וויפל איז דער שיעור, אַז מיר זאָלן זיך שפּילן אין באַהעלטעניש? פאַרוואָס זאָלן מיר זיך אַליין נאַרן? מיר האָבן זיך דאָך ליב.

זי האָט אויסער זיך פון איבעראַשונג אויסגערופן:

— יאָסל!

— פאַרוואָס — האָב איך געפרעגט — האָסטו מורא מיט מיר אַרויסצוגיין?

רויט ווערנדיק האָט זי געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין מורא!

— טאָ פאַרוואָס גייסטו נישט מיט מיר? וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס שטענדיק צו זיצן אין שטוב? מענטשן דאַרפן און מוזן טאָן עפּעס בוצלעכס נישט בלויז פאַר זיך, נאָר אויך פאַר דער געזעלשאַפט. אָט — האָב איך פאָרגעזעצט — קומט מאָרגן פאַר אַ גרויסער יום־טוב ביי אונדז אין קלוב: עס וועט זיין אַ קליינקונסט־פּראָגראַם און אַ באַל. מען וועט דאָרט גוט פאַרברענגען.

— איך קען נישט טאַנצן — האָט זי פאַרשעמט געזאָגט.

— איך אויך נישט — האָב איך אַ זאָג געטאָן שמייכלענדיק.

איך האָב געזען, אַז זי קווענקלט זיך, אַז זי קען נישט באַשליסן וואָס צו טאָן.

נאָך אַ ווײַלע שווײַגן האָט זי געפרעגט:

— און מיין טאַטע?

— פאַרלאָז זיך אויף מיר, טייערע — האָב איך אַ צופרידענער גע־ענטפערט. — איך וועל שוין מיט אים רעדן.

און צומאָרגנס איז זי צום ערשטן מאָל מיט מיר געגאַנגען אין אַרבעטער־קלוב.

דער אָנהייב איז טאַקע געווען שווער, אָבער שפּעטער איז שוין אַלץ צו־געגאַנגען גרינגער. ביסלעכווייז האָט זי מיך גענומען באַגלייטן יעדן אָוונט און האָט אַפילו מיט דער צייט אַליין אויך גענומען אַרבעטן געזעלשאַפטלעך. איך האָב פאַר איר קיין סודות נישט געהאַט. איך האָב איר דערציילט וועגן מיין אָנגעהעריקייט צו דער פּאַרטיי. אַ סך מאָל האָב איך איר געגעבן לעק־ציעס וועגן מאַרקסיזם און דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם, לעקציעס, וואָס איך האָב אָפּט איבערגעחזרט, אָנווייזנדיק איר אויף כלערליי אַקטועלע פּאַסירונגען און געשעענישן ווי אַזוי זיי ווערן געלייזט און ווי זיי דאַרפן געלייזט ווערן.

קלאַריטאַ איז געווען אַ גוטע תּלמידה. זי האָט געלערנט תּורת־קאָמוניזם זייער פלייסיק. איך ווייס נישט צי זי האָט דאָס געטון צוליב אינטערעס פאַר דער נייער לערע, אָדער צוליב דעם וואָס זי האָט מיך ליב געהאַט, אָבער זי האָט אַרויסגעוויזן פאַרשטענדעניש און דער עיקר — גוטן ווילן. זי האָט אירע אויפגאַבן אויסגעפירט בשלימות. און איך בין טאַקע געווען שטאַרק צופרידן. איך בין געווען שטאַרק צופרידן, אָבער שוין גאָרנישט צופרידן איז געווען ר׳ ישראל. ער איז געווינט געווען, אַז זיין קינד זאָל נישט אַרויסגיין אַליין אויסער די ד׳ אמות פון זיין דירה און דאָ האָט זי גענומען אַרויסגיין כמעט יעדן אָוונט איבערלאָזנדיק אים אַליין.

איך האָב איך שוין געהאַט געזאָגט, אַז ער איז געווען זייער אַ שטילער

און תמימותדיקער ייִד און במילא נישט קיין איבערגעשפּיצטער. ווען איך האָב אים געבעטן, יענעם שבת, אַז ער זאָל דערלויבן חיהקעלען — ווי ער האָט זי גערופן, — צו גיין מיט מיר אויפן יום־טוב אין אַרבעטער־קלוב, האָט ער מיר מיט זיין נאַטירלעכער פּשטות געזאָגט:

— ווייסט גאַנץ גוט — אַ ייִנגערן פון זיך האָט ער שטענדיק געדוצט — אַז פאַר דיר האָב איך נישט קיין מורא. דו ביזט אַ ווילער, ייִדישער יונגער־מאַן, הלוואי וואָלטן געווען אַ סך אַזעלכע ווי דו. אָבער: למה יאמרו? וואָס וועלן אַנדערע זאָגן? ווי שיקט מען עס אַ בתולה מיט אַ יונגנמאַן? זי וועט דאָך, באַהיט זאָל מען זיין, אַריינפאַלן אין פרעמדע מיילער...

איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין אַרבעטער־קלוב קומען אַ סך אַזעלכע ווי איך. די צייטן בייטן זיך, ר׳ ישראל — האָב איך געטענהט — היינט דאַרף אַ מיידל קומען צווישן מענטשן, סיידן איר האָט, חלילה, נישט צו מיר קיין צוטרוי.

— חס ושלום! — האָט ער אויסגעשריגן — וואָס רעדסטו? איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט, אַז פאַר דיר האָב איך נישט קיין מורא... ער האָט אַריינגענומען זיין שפּיץ בערדל צווישן די ליפּן, אַ וויל געקלערט און צום סוף שטיל געזאָגט:

— נו, מילא גייט... אָבער איך בעט דיך — האָט ער צוגעגעבן, אָננע־מענדיק מיין האַנט — איר זאָלט למען השם נישט קומען שפּעט. מיין האַרץ ציטערט מיר שטאַרק פאַר איר.

## 22

קלאַריטאַ האָט גענומען אַרבעטן אין אונדזער באַוועגונג. צום ערשט איז זי אַרויסגעגאַנגען פון שטוב נאָר צוויי מאָל אַ וואָך, אָבער וואָס ווייטער איז זי שוין געגאַנגען אַלץ אָפטער. בלויז פרייטיק זענען מיר געבליבן אין שטוב און מיר האָבן צוזאַמען געגעסן מיט ר׳ ישראלן ביי איין טיש. ביים עסן האָב איך נאָך אַלץ געפירט מיט אים וויכוחים און זיך געפּלפּולט איבער אַ סוגיא, אָדער אַ דין. עס איז אונדזביידע געגאַנגען אין לעבן צו דערווייזן אַז דער, אָדער יענער תנא האָט געהאַט רעכט.

איינמאָל, נאָכן עסן האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט וואָס קלאַריטאַ איז צוליב קאָפּווייטיק זיך געגאַנגען לייגן און פּלוצים זיך געווענדעט צו ר׳ ישראלן:

— איר האָט שוין עטלעכע מאָל עפּעס דערמאָנט וועגן אַן אומגליק וואָס איז געשען מיט אייער פרוי בעת אייער טאָכטער איז געבוירן געוואָרן. וואָס איז דעמאָלט געשען?

ער האָט אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע תמימותדיקע און גלייכציטיק דערשראָקענע אויגן אין וועלכע איך האָב דערזען אַ מאָדנעם אומהיימלעכן שיין.

— ניין, יאָסל — האָט ער געזאָגט ווען ער איז געקומען צו זיך — איצט איז שבת־קודש און שבת־קודש דאַרף מען זיך משמח זיין. איצט איז נישט רעכט צו דערמאָנען יענע צייטן...

איך האָב אָבער דערפילט, אַז עס ווילט זיך אים דווקא יאָ שטאַרק רעדן און דערציילן, האָב איך אים אונטערגערוקט אַ היתר.

— פאַרקערט — האָב איך געזאָגט — דווקא איצט קאָנט איר עס דערציילן, ווייל איר זענט ניצול געוואָרן...

— נו, — האָט ער געזאָגט אַ מאַך טוענדיק מיט די הענט — אַז דו ווילסט דווקא וועל איך דיר דערציילן.

— ס׳איז געווען דעמאָלט ווען די אחדותניקעס, ימח שמם וזכרם, האָבן

געכאַפּט אַ מפּלה... אַזעלכע חוצפּהניקעס, האָבן געוואָלט אַראָפּוואַרפן דעם צאַר... ס'איז געווען זייער עסק, אַז ער האָט געלעבט? וואָס האָבן מיר איצ־טער, אַז מען האָט אים שוין אַוועקגעהרגעט און זיין גאַנץ מלכות עוקר מן השורש געווען? מ'זאָגט יאַקבי, אַז מען לאָזט דאָרטן אַפילו נישט דאַווענען... איז ווי האַלט איך? יאָ, ס'איז געווען אַ פּרייטיק אינדערפרי. איך בין, ווי אַלע מאָל, אויפגעשטאַנען פאַרטאָג און אַוועק דאַווענען מיטן ערשטן מנין, איבערלאָזנדיק מיין קראַנקן טאַטן און מיין ווייב, וואָס איז שוין געווען מעוברת אין זיבעטן חודש. נאָכן דאַווענען האָב איך, ווי שטענדיק, אַריינגע־קוקט אין אַ ספר און דערנאָך זיך דורכגעשמועסט אין לערנען מיט עטלעכע באַלעבאַטים־לומדים.

אין גרויסן בית־המדרש איז געווען נחתדיק, עס האָבן זיך בלויז געהערט די מתיקותדיקע גמרא־ניגונים פון די לערנער, אָדער דאָס תהילים־זאָגן פון ־י הינטער־אויוון־יידן. אַלץ איז געווען אַזוי מחיהדיק, אַזוי מנוחהדיק. מען האָט ממש געקענט מיט די הענט טאַפּן די קדושה!

אָבער די הייליקע שטילקייט איז פּלוצים איבערגעריסן געוואָרן. ס'איז אַריינגעלאָפן אין בית־המדרש אַ פאַרסאָפּעטער ר' אשר (אָדער אשרל פּאַדראַ־טשיק, ווי מען האָט אים גערופן) וועלכער האָט נישט מיט זיין קול אַרויסגע־ברומט:

— יידן, לאָמיר תשובה טון! דער צאָרן פון גאָט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אונדז. עמלק האָט נאָכאַמאָל איינגעטונקט זיינע טמאדיקע הענט אין יידיש בלוט. יידן, לאָמיר זיך שלאָגן על־חטא!

גמראָס האָבן זיך האַסטיק צוגעמאַכט, די לערנער זענען אויפגעשפּרונגען פון די בענק און געבליבן שטיין מיט דערשראָקענע אויגן. און כאָטש קיינער האָט נישט געוווּסט וואָס עס איז געשען האָט מען זיך שוין משער געווען, אַז עפּעס אַן אומגליק, אַ גרויסער אומגליק האָט געטראָפן.

דערווייל איז ר' אשרל צוגעלאָפן צום ארון־קודש, האַסטיק אַ ציי־געטון דאָס פּרוכת און ברייט צעעפנענדיק די טירלעך האָט ער מיט אַ וויינענדיקער שטימע, קלאַפּנדיק זיך אין האַרצן אַרויסגעוויינט:

— אוי, על חטא שחטאנו לפניך.

אַלע אין בית־המדרש האָבן זיך צעוויינט.

דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צום עולם און גענומען רעדן גיך, אָבער מיט אַ געבראָכן קול:

— יידן — האָט ער געזאָגט, — לאָמיר זאָגן תהילים. לאָמיר בעטן דוד המלכן ער זאָל זיך משתדל זיין ביי גאָט, אַז ער זאָל אָפּטון דאָס אומגליק פון אונדזערע קעפּ.

און דערנאָך האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט צום אָפענעם ארון־קודש און גענומען זאָגן מיט געוויין: אוי, שיר המעלות אשר לדוד, העלף אונדז גרויסער גאָט, וואָס אויף דיין שליח, דיין משיח בן דוד וואַרטן מיר אַלע. זע, האָב רחמנות אויף דיינע קנעכט און טו אָפּ פון אונדז דאָס שלעכטס. זע, אַז אונדזערע הייליקע ייִדישע טעכטער זאָלן נישט פאַרומרייניקט ווערן פון די טמאים... רבונו־של־עולם מיר בעטן דיך: אתה בחרתנו מכל העמים — דו האָסט דאָך אונדז אויסגעקליבן פון אַלע אַנדערע פעלקער, זע, דו גרויסער האַר, אונדזער ווייטיק, אונדזער שאַנד, וואָס דיינע שונאים ברענגען אויף אונדז. אוי, רבונו־של־עולם: סלח לנו!

ער איז פּלוצים שטיל געוואָרן, זיך אַ וואַקל געטון און איז אומגעפאַלן און זיין קאָפּ איז אַריינגעפאַלן אין דעם אָפענעם ארון־קודש.

אַ הייליקער ציטער איז אַדורכגעלאָפן דורך אַלעמענס גופים און אַ שטילקייט האָט זיך אַוועקגעשטעלט ווי יום־כיפּור פאַר כל־נדרי. אָבער באַלד זענען אייניקע געקומען צו זיך און זיי האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו דעם אָרט ווו עס איז געלעגן טויט ר׳ אשרל. ער איז געווען אַ פּשוטער ייִד, אָבער אַ גרויסער יראת־שמים און דערפאַר האָט מען פאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. ער איז געשטאָרבן ווי אַ גרויסער צדיק — לעבן ארון־קודש.

ווען ר׳ שמואל הלל דער פּרנס — ער איז געווען דער ערשטער, וואָס איז צוגעקומען צו ר׳ אשרן — האָט מיט אַ וויינענדיק קול צוויסן געגעבן, אַז ר׳ אשרל איז נפטר געוואָרן, האָט אַן „אוי״ אַדורכגעשניטן דעם בית־מדרש און אַלע האָבן דערפילט, אַז זייערע קניִען זענען עפּעס ווי אונטערגעזעגט געוואָרן.

אָבער פּלוצים איז אַריינגעלאָפן אין בית־מדרש הערשקע דער בעל־עגלה (אָדער הערשקע קאָזשוך, ווי מען האָט אים גערופן)מיט אַ געשריי:

— ייִדן, איך האָב נקמה גענומען! דריי שטיק האָב איך ווי די פליי אַוועקגעלייגט!

פון זיין פּנים האָט גערונען בלוט. און זיין באָרד איז אויך געווען רויט. זיינע אויגן האָבן געשרפהט פון רציחה.

— וואָס איז געשען, הערשקע? — האָבן אים עטלעכע פאַראַמאָל גע־פרעגט.

ער האָט דערציילט:

— נעכטן אין אָוונט האָב איך געמאַכט אַ יאַזדע. כ׳האָב אַוועקגעפירט ר׳ זאַנוועלען מיט זיין משפחה צו דער חתונה פון זיין בניאָק. און היינט איינ־דערפרי בין איך שוין צוריקגעקומען. ביים אַריינפאָרן דורך דעם קליבאַניצער געסל האָב איך פון דער ווייטן דערהערט קולות, אַז ס׳האָט געשניטן ביים

האַרצן. איך קום צו צום געסל און הערט וואָס איך זע! שיכורע פּויערים פון חזיר־געסל זענען אינדערפרי אָנגעלאָפן און דאָרט געמאַכט דעם אמתן פּאָגראָם. זיי האָבן עטלעכע ייִדן אַוועקגעהרגעט און די מוידן און ווייבער האָבן זיי מאַנס געוועזן. נו, האָב איך אַ שטאַרקערן כוואַשטש געטון מיין קליאַטשע, ווייל כ׳האָב גיכער געוואָלט אַהיימקומען און זען וואָס ס׳הערט זיך ביי מיר אין שטוב. אָבער, ווען איך בין פאַרבייגעפאָרן די שטוב פון אונדזער שוחט, ר׳ ישׂראלקע, האָב איך געזען, ווי צוויי זשלאָבעס, האַלטן זיין ייִדענע, איינער פאַר די הענט און אַ צווייטער פאַר די פיס און דער דריטער... נו, ייִדן, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ברייען? זיי האָבן פון איר, די כאַמעס, שוין געהאַט אַראָפּגעריסן דאָס העמד. איך האָב גלייך פון מיין קאָזשוך אַרויסגענומען אָט־אָ דעם מעסער און געמומען פאַרפאָרן אויף רעכטס און אויף לינקס... זיי האָבן זי אָפּגעלאָזט און זיך געוואָרפן אויף מיר, אָבער איינציקווייז האָב איך זיי אַריינגעטראָפן אין לעפעלע אַריין...

מער האָב איך שוין נישט געהערט — האָט ר׳ ישׂראל פאָרגעזעצט — וואָס הערשקע האָט דערציילט, ווייל עס האָט מיר פּלוצים אָנגעהויבן שווינדלען פאַר די אויגן און ביים האַרצן האָט מיר גענומען דריקן און שטעכן. איך האָב מיך אַ וויג געטון און געפאַלן אין חלשות. ווען איך בין געקומען צו זיך האָב איך צו די ייִדן, וואָס זענען געשטאַנען לעבן מיר און מיר געריבן די שלייפן, אַ זאָג געטון:

— ייִדן, האָט רחמנות, פירט מיך אַהיים.

אַלע האָבן מיך אָנגעקוקט. ווייזט אויס, אַז יעדער איינער האָט געוואַרט, אַז אַ צווייטער זאָל מיר אָנזאָגן די טרויעריקע בשורה. אָבער צום סוף האָט זיך לעבן מיר אַוועקגעשטעלט ר׳ שמואל־הלל דער פּרנס און זיך אָפּגערופן:

— דו ביזט דאָך אַ בן־תורה, דעריבער מוזטו וויסן, אַז על כל צרה שלא תבוא דאַרף אַ ייִד זאָגן: גם זו לטובה... קום אַ היים און אם ירצה השם שבת, וועלן מיר דיין טאָכטער, וואָס איז היינט געבוירן געוואָרן אַ נאָמען געבן חיה.

איך האָב אים אָנגעקוקט און נישט פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. איך האָב געמיינט, אַז איך חלום... ווייל נאָר־וואָס האָב איך געהערט, ווי הערשקע האָט דערציילט, וואָס די פּאָגראָמטשיקעס האָבן געטון מיט מיין אשה און דאָ רעדט מען מיר גאָר וועגן מיין טאָכטער, וואָס איז געבוירן געוואָרן און אַז מען וויל איר גאָר אַ נאָמען געבן דעם זעלבן נאָמען וואָס מיין ווייב. איך האָב אויס־רייבנדיק די אויגן געפרעגט:

— וואָס רעדט איר, ר׳ שמואל־הלל?

ר׳ שמואל־הלל האָט מיך מיט באַדויער אָנגעקוקט און געזאָגט:

— ישראל, דו מוזט מיט ייִדישער גבורה איבערטראָגן דאָס אַלץ, וואָס גאָט, ברוך הוא, האָט אויף אונדז אָנגעשיקט. שטאַרק זיך! זעץ זיך אַוועק און הערשקע וועט דיר דערציילן, וואָס עס איז ווייטער געשען.

ער האָט אַ ווונק געטון צו הערשקען און יענער איז צוגעקומען נעענטער.

— ווען כ׳האָב מיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט די זשלאָבעס בין איך צוגעלאָפן צו אייער ווייב און אַרויפגעוואָרפן אויף איר מיין קאָזשוך כדי זי צוצודעקן. און דערנאָך האָב איך זי געוואָלט אויפהייבן כדי אַריינצוטראָגן אינעווייניק, אין שטוב, ערשט דערזע איך, אַז עפּעס ליגט זי אין בלוט. איך בין אַריינ־געלאָפן צו אייער שכן זעליק דעם מאַנאָפּאָלטשיק. ערשט איך זע, אַז די שטוב איז ליידיק, טירן און פענצטער — אָפּן, דאָס מעבל — צעוואָרפן און מען זעט קיינעם נישט. הויב איך אָן רופן: ר׳ זעליק, ר׳ זעליק, דאָס בין איך, הערשקע! ערשט איך זע, אַז פון קאַטוך, אונטערן אויוון, קריכט אַרויס ר׳ זעליק און נאָך אים נחמה זיין ווייב, וועלכע האָבן מיך דערשראָקענע געפרעגט:

— שוין?

— יאָ, האָב איך זיי געענטפערט — זיי האָבן זיך שוין אָנגעראַבעוועט גע־נוג, און זענען שוין אַנטלאָפן, אַחוץ די דריי, וואָס איך האָב אַוועקגעלייגט. און איצט, קומט אַרויס, וועט איר זען, וואָס עס איז געשען מיט חיהקען דעם שוחטס.

מיר זענען אַלע אַרויס און ערשט דערזע איך ווי נעבן אייער ווייב ליגט אַ קליין נאַקעט נפשל און עס קוויטשעט. וואָס זאָל איך אייך זאָגן, ר׳ שוחט? גלייבט מיר, אַז איך האָב זיך צעוויינט, איך האָב נישט געוווּסט פאַרוואָס — נאָר איך האָב געוויינט.

דערווייל האָט נחמה זיך גענומען פאַרען אַרום אייער חיהקען און דערנאָך האָט זי מיר אַ זאָג געטון:

— מ׳דאַרף זי אַריינטראָגן, הערשקע.

נו, אַז זי האָט געהייסן, האָב איך צוזאַמען מיט ר׳ זעליקן, זי אַריינ־געטראָגן.

מיר האָבן זי אויפגעהויבן און אַריינגעטראָגן אינעווייניק און אַוועקגע־לייגט אויף דער ערד. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? אַז איך האָב אַ קוק געטון וואָס די רוצחים האָבן אָפּגעטון אין אייער שטוב האָט מיך אַ כעס אַרומגעכאַפּט, אַז איך וואָלט גרייט געווען אַ וועלט חרוב צו מאַכן. אָבער דאָס איז נאָך נישט אַלץ... ס׳איז נאָך געשען עפּעס ערגערס. איך האָב אַ קוק געטון אין אייער טאַטנס שטוב האָב איך געזען, אַז אייער טאַטע ליגט מיט אַן איבערגעשניטענעם גאָרגל... איך האָב שוין מער נישט געקענט אויסהאַלטן, בין איך אַרויסגע־

לאָפן און אַרויפגעשפרונגען אויף מיין וואָגן און מיט גאַלאָפּ צוגעפאָרן אַהער, כדי ייִדן זאָלן וויסן.

איך האָב אויף מיין אַקסל פּלוצים דערפילט אַ האַנט און ר׳ הלל האָט געשעפּטשעט:

— ה׳ נתן, ה׳ לקח.

און איך בין געזעסן ווי פאַרשטאַרט. פון מיינע אויגן האָבן זיך געגאָסן די טרערן און מיינע ליפּן האָבן פון זיך אַליין געשעפּטשעט:

— ברוך דיין אמת.

זונטיק איז פאָרגעקומען די לוויה, ס׳הייסט: די לוויות, ווייל עס זענען יענעם ערב שבת געווען אַ סך קרבנות. 18 מענטשן, ייִדישע קינדער, מענער און פרויען זענען אומגעקומען און אַ סך ייִדישע טעכטער האָבן זיי מאַנס געווען.

איי, וואָס ווייסטו, יאָסל, וואָס איך האָב זיך אָנגעליטן. מיין חיהקען האָט צוגענומען מיינע אַ שוועגערין, וואָס האָט פּונקט געזויגן איר קינד און איך בין געבליבן איינער אַליין אין שטוב. מילא, די טעג, יאָק די טעג, זיי איז מען נאָך ווי נישט איז איבערגעקומען, אָבער די נעכט... אוי, זאָל מיך השם יתברך נישט שטראָפן פאַר מיינע רייד! די נעכט האָב איך נישט געקענט איבערטראָגן! צי איך בין געלעגן אין בעט, אָדער געזעסן ביי אַ ספר, זענען מיר געשטאַנען פאַר די אויגן מיין טאַטע און מיין ווייב, אין גן־עדן זאָלן זייערע נשמות רוען, און זיי האָבן עפּעס געמאָנט ביי מיר. יאָ, זיי האָבן עפּעס געמאָנט און וואָס, האָב איך נישט געוווסט, נישט פאַרשטאַנען. איך האָב נישט געוווסט וואָס צו טון. איך האָב אָנגעהויבן אַרומגיין, ווי אויפן עולם התוהו. אפילו שעכטן האָב איך נישט געוואָלט. איך האָב פּשוט מורא געהאַט, אַז עס זאָל נישט אַרויסקומען טריף. ווייל, ווי נאָר איך האָב גענומען דעם חלף אין מיינע הענט, אַזוי איז מיר פאַר די אויגן אַנטקעגנגעקומען מיין טאַטע מיטן צעשניטענעם האַלדז און אויף מיר אַזוי מאָדנע געקוקט, ווי ער וואָלט געוועזן געהאַט צו מיר עפּעס אַ טענה. וועגן מל זיין האָט שוין גאָר קיין רייד נישט געקענט זיין. מען האָט געמוזט ברענגען אין שטאָט אַן אַנדערן שוחט און מוהל. איך האָב זיך אַרומגעדרייט ווי אַ נעכטיקער. גענומען רעדן צו זיך אַליין. פיל מאָל זיך אַפילו גענומען אויסטענהן מיטן רבונו של עולם און שיער נישט געקומען צו אַפיקורסות, צו וועלן שטעלן גאָט אַ שאלה: „היתכן?“

איך ווייס נישט ווו איך וואָלט דערגאַנגען, ווען עס וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט קהל און אויך אייניקע פון מיין משפחה, וועלכע האָבן מיט מיר גענומען איינטענהן, אַז איך בין נישט דער איינציקער און וויפל איז

דער שיער אַרומצוגיין אַזוי? און נאָך פֿאַרן יאָר האָט מען מיך שוין געפֿירט צו דער חופּה מיט פֿערלען. איך האָב זי טאַקע נישט געוואָלט צוליב כּמה וכמה טעמים, וואָס איצט איז זיי שוין נישט כּדאַי צו דערמאָנען, אָבער סוף־כּל־סוף האָב איך מסכּים געווען, ווייל איך האָב געוואָלט, אַז מיין טאָכטער זאָל זיין מיט מיר.

אַ קורצע צייט נאָך דעם האָב איך פֿאַרקויפֿט מיין שטוב, ווי אויך די מטלטלים און מיר זענען אַוועקגעפֿאָרן קיין אַרגענטינע.

דאָ אין אַרגענטינע האָב איך קיין האָניק נישט געלעקט. איך בין געווען שוחט און מוהל אין עטלעכע קאָלאָניעס און קליינע שטעטלעך און דאָרטן נישט געקענט זיין, ווייל שטענדיק האָב איך געהאַט צו טון מיט עמי־הארצים, וואָס האָבן מיר כּסדר געוואָלט זאָגן דעות. איך האָב אויך נישט געקענט פֿאַרליידן דאָס הפקרות און דאָס אַפּיקורסות. הקיצור, איך בין געקומען ווינען אין בוענאָס־איירעס, ווו איך מאַטער זיך די אַלע יאָרן. אייער באַקאַנטער ר׳ פייוול קען מיך, ווייל איך האָב געוווינט נאָענט פֿון אים. מיר האָבן אויך געדאַווענט צוזאַמען אין דעם זעלבן בית־מדרש. ער פֿלעגט מיר אָפֿט זאָגן:

— ר׳ ישראל, זייט נישט קיין בטלן. זייט אַ סוחר.

נו, גיי , זיי אַ סוחר, אַז דער קאָפּ טויג נישט צו קיין מסחר.

דערנאָך האָב איך זיך אַריבערגעצויגן אין דער איצטיקער דירה און פּערל האָט גענומען געבן עסן (ר׳ פייוול האָט מיר אויסגעליִען אַביסל געלט, וואָס איך האָב אים שוין, מיטן אויבערשטנס הילף, אויסגעצאָלט) און גע־לויבט השם־יתברך! אַביסל פֿון דעם און אַביסל פֿון מיינס — און מען קומט אַדורך. דאָס איינציקע אויף וואָס איך ביטער איז נאָר, אַז עס זאָל חלילה קיין בייז נישט געשען מיט מיין חיהקען. איך ווייס, אַז זי איז אַ יפֿת תּואר פּונקט ווי איר מאַמע עליה־השלום — איין פּנים!״

ער איז שטיל געוואָרן. די צאַנקנדיקע פֿלעמלעך פֿון די שבתדיקע לייכ־טער האָבן אויף אונדז געוואָרפֿן אַן אומהיימלעכע שיין. די פֿלעמלעך האָבן זיך געוויגט און צוזאַמען מיט זיי — די שאָטנס אין צימער. אָבער איידער די ליכט האָבן זיך פֿאַרלאָשן, האָב איך באַמערקט, ווי פֿון זיינע אויגן האָבן זיך געקייקלט גרויסע טרערן, וועלכע זענען אַריינגעפֿאַלן אין זיין באָרד. ער האָט דערזען, אַז איך האָב באַמערקט זיינע טרערן, האָט ער אויף גיך אויס־געווישט די אויגן און ווי פֿאַר זיך אַ זאָג געטון:

— היינט טאָר מען נישט וויינען! ס׳איז שבת קודש.

## 23

איך האָב אייך שוין דערציילט, אַז ר׳ ישראל האָט געוווּסט, אַז קלאַריטאַ גייט מיט מיר אַרויס שפּאַצירן. אָבער ער האָט נישט געוווּסט וווּהין מיר גייען. צוליב זיין תמימות האָט ער געהאַט זייער אַ סך צוטרוי צו מענטשן און צו מיר נאָך מער. ער האָט געוווּסט, אַז איך בין נישט פון זיינע מענטשן, געזען אַז איך דאַוון נישט, דאָך איז ער געווען צו מיר זייער צוגעלאָזט. עס האָט אים קענטיק הנאה געטון, וואָס איך קען לערנען און בין נישט קיין עם־הארץ, ווי די אַנדערע יונגעלייט.

איצט לאָמיר זיך אומקערן צו קלאַריטאַן. זי האָט זיך געהאָדעוועט ביים פרומען טאַטן און איז געוואָרן אַ גוטע אַקטיוויסטין אין אַ באַוועגונג וואָס איז געווען אין קעגנזאַץ צו איר דערציִונג. מעגלעך, אַז זי האָט דאָס געטון, נישט אַזויפיל צוליב איבערצייגונג ווי פון ליבע צו מיר, אָבער איך האָב דאָס אויסגענוצט און זי וואָס מער אַריינגעצויגן אין דער אַרבעט, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיט דער צייט וועט זי שוין אויך בייטן אירע איבערצייגונגען.

איך בין נישט געווען פון די יִינגלעך, וואָס האָבן זיך נאָכגעיאָגט נאָך אַ קליידל, אָבער איך האָב קלאַריטאַן ליב געהאַט מיטן גאַנצן האַרצן. און ביסלעכווייז האָב איך גענומען טראַכטן וועגן דעם וואָס מען רופט אָן: חתונה האָבן.

טריי צו מיינע איבערצייגונגען האָב איך געוואָלט דאָס דאָזיקע „פּראָבלעם" דערליידיקן איינס און צוויי: אַריינגיין אין ציווילן רעגיסטער און אַרויסנעמען אַ ביכל אַז מיר זענען מאַן און וויב. אָבער איך האָב געוווּסט, אַז כדי דאָס צו דערגרייכן, וועל איך דאַרפן פירן אַ שטאַרקן קאַמף מיט קלאַריטאַס טאַטן, וועלכער האָט זיך גאָרנישט געקענט פאָרשטעלן, אַז זיין טאָכטער זאָל חתונה האָבן נישט כדת משה וישראל.

מילא, מיט איר טאַטן בין איך שוין גרייט געווען צו פירן דעם קאַמף,

אָבער ווי האַלט איך אין דעם ענין מיט קלאַריטאַן אַליין? וועט זי שטעלן איר ליבע צו מיר העכער פאַרן טאַטנס ווילן? וועט זי מסכים זיין איבער־צורייסן מיט איר טאַטן? וועט זי אַוועקגיין וווינען מיט מיר אויב איר טאַטע וועט זיך קעגנשטעלן?

איך האָב זיך נישט אַנטשלאָסן מיט איר וועגן דעם צו רעדן, ווייל עפּעס האָב איך מורא געהאַט זי צו שטעלן פאַר נסיון. אָבער איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן וועגן דעם רעדן. עס איז פאָרגע־קומען אַזוי:

די חברים יאַנקל און טויבטשע, זייער אַקטיווע חברים אין קלוב און אין דער פּאַרטיי, האָבן אַרויסגענומען אַ ביכל און אין אָוונט האָט אַן אינ־טימער קרייז פון אַקטיוויסטן געפייערט זייער ציווילע חתונה אויף אַן עכט פּראָלעטאַרישן שטייגער: אַ קליינער אָוונטברויט און אַ גרויסער קליין־קונסט־פּראָגראַם. חוץ דעם — אַ גוט ביסל משקה. הכלל: מיר האָבן זייער און זייער גוט פאַרבראַכט.

בעת מיר זענען געגאַנגען אַהיים האָב איך פּלוצים אַ פרעג געטון:

— וואָס זאָגסטו צו דעם? ס׳איז דיר געפעלן געוואָרן?

נישט אָנשטויסנדיק זיך וואָס איך בין אויסן מיט דער פראַגע, האָט זי גלייך געענטפערט:

— ס׳איז געווען אַ באמת שיינער יום־טוב. ס׳איז געווען וווּנדערבאַר!...

— נו, און דיר — האָב איך ווייטער געפרעגט — וואָלט געפעלן גע־וואָרן אַזוי?

זי האָט זיך צולאַכט און געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— האָסט זיך אַביסל אָנגעשיכורט,יאָסל ?

— איך מיין עס ערנסט, קלאַריטאַ — האָב איך געזאָגט. — איך גיי שוין לאַנג אַרום מיט דעם געדאַנק צו רעדן מיט דיר וועגן דעם. שוין צייט, אַז מיר זאָלן אויך, ווי טויבטשע און יאַנקל, אַרויסנעמען אַ ביכל און שוין.

זי האָט אָפּגעלאָזט מיין אָרעם און געבליבן שטיין. איך האָב באַמערקט, אַז זי איז געוואָרן בלאַס. זעענדיק אַז זי ענטפערט נישט, האָב איך נאָכ־אַמאָל געפרעגט:

— וואָס זאָגסטו, קלאַריטאַ?

זי האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און אויסגעשטעלט אויף מיר אירע טיף־פאַרחלומטע אויגן, וועלכע זי האָט ברייט צעעפנט. איך האָב דערזען אין זיי אַ גרויסע שרעק.

— וואָס איז דיר, קלאַריטאַ? — האָב איך אַ דערשטוינטער געפרעגט.

זי האָט נישט געענטפערט גלייך, נאָר מיך ווידער אָנגענומען ביים אָרעם און זיך געלאָזט גיין. איך בין איר נאָכגעגאַנגען אַ שטילער, וואַרטנדיק, אַז זי זאָל מיר געבן אַן ענטפער אויף מיין פראַגע.

ענדלעך האָט זי גענומען רעדן. זי האָט גערעדט שטיל — אַזוי שטיל, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז די גאַס, אָדער לבנה וועלן די ווערטער אויפ־כאַפּן און זיי אַוועקטראָגן צו איר טאַטן. זי האָט גערעדט מיט אָפּגעהאַקטע פראַזן, מאַכנדיק גרויסע פויזעס פון איין וואָרט ביז דעם צווייטן, ווי זי וואָלט פריִער גוט אַדורכגעטראַכט וואָס זי וויל זאָגן. זי האָט געזאָגט:

— יאָסל, דו קענסט דאָך מיין גאַנץ לעבן פונקט ווי דיין אייגנס. דו ווייסט דאָך, אַז בין דיר האָב איך אויף אַ מאַן נישט געקוקט... דו ביסט דער איינציקער וואָס האָט אין מיר דערוועקט די געפילן, וואָס מאַכן ברויזן דאָס בלוט. דו האָסט אין מיר אויך דערוועקט דעם אינטערעס צום לעבן... צו אַ שענער לעבן... דו ווייסט דאָך, יאָסל, אַז איך ליב דיך מיטן גאַנצן האַרצן... ס'איז אפשר נישט אויסגעהאַלטן אַזוי צו רעדן. דו וועסט אפשר זאָגן, אַז איך רעד ווי אַ נאַרישע קליינבירגערין, אָבער ס'איז דער ריינער אמת... נאָר פאַרשטיי, יאָסל, איך בעט דיך... דו ווייסט דאָך אין וואָס פאַר אַ שטוב איך האָב זיך אויסגעהאָדעוועט... דו קענסט דאָך אויך מיין טאַטן און וויפל ער האָט זיך צוליב מיר אָנגעליטן... דו ווייסט דאָך, וואָס דאָס וועט באַדייטן פאַר אים... איך זאָג דיר צו, אַז דערנאָך וועלן מיר זיך פירן ווי מיר וועלן פאַרשטיין, אָבער איצט... ביים אָנהויבן אַ ניי לעבן, לאָמיר אָנהויבן גוט, אָן בייז בלוט... טו עס צוליב מיר... מיר טו עס צוליב... מירן מאַכן אַ שטילע חתונה, אָבער מיט אַ חופּה!

אירע רייד האָבן מיך ממש געשטאָכן ווי מיט שפּילקעס, אָבער זיי האָבן מיך אויך גערירט. איך האָב געוווּסט, אַז זי איז גערעכט און שטילער־הייט האָב איך געוווּסט, אַז איר פאָטער האָט ביי מיר נישט פאַרדינט איך זאָל אים פאַרשאַפן אַזאַ צער. אָבער זייענדיק געוווינט צו פאַרטיי־דיסצי־פּלין און צו שטעלן די איבערצייגונגען העכער פון אַלץ, האָב איך אָבער נישט געקענט איינגיין דערויף צו מאַכן וועלכע עס איז הנחות צוליב מיין פּערזענלעך גליק. אין מיין זכרון האָט אויפגעטויכט אַ נישט־לאַנג פאַרגע־קומענער ענלעכער פאַל מיט אַ חבר, וואָס האָט נישט געהאַט קיין גענוג שטאַרקן כאַראַקטער און האָט נאָכגעגעבן און געשטעלט אַ חופּה. האָט מען אים קודם־כל אויסגעשלאָסן פון דער פאַרטיי און ווען ער איז געקומען, ווי שטענדיק, אין אונדזערע קרייזן, איז מען אים אַזוי דערגאַנגען די יאָרן — מאַכנדיק אויף זיין חשבון אַזוי פיל בייסיקע חכמות און סתם שטעכווערט־

לעך, אַז ער האָט זיך אויפגעהערט צו ווייזן צווישן מענטשן אַ לענגערע צייט, ביז ער האָט גענומען אַריינגיין אין אַן אַנדער קרייז.

אירע רייד האָבן מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז איך וועל מוזן אָנ־ווענדן גענוג מי, כדי איר אויפצוקלערן און זי צו איבערצייגן, אַז פּאַר־טייער דאַרפן און מוזן שטעלן די איבערצייגונגען העכער פאַר סענטימענטאַ־ליזם; אַז זייענדיק אַן איבערצייגטער קאָמוניסט קען מען נישט, טאָר מען נישט גיין אונטער די פיר פלעקער, בלויז דערפאַר וואָס דער טאַטע איז אַ פרומער אָדער אויס מורא פאַר „וואָס מען וועט זאָגן".

איך האָב באַשלאָסן דערווייל מער נישט צו רעדן דערוועגן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אַ באַשלוס וועגן אַזאַ וויכטיקן ענין וועט זי במילא אויף דער מינוט נישט אָננעמען, האָב איך זיך אָפּגערופן:

— נו, קלאַריטאַ טייערע, לאָמיר איצט וועגן דעם מער נישט רעדן.

זי האָט אויפגעהויבן אירע אויגן צו מיר און זיך צוגעטוליעט צו מיין אָרעם. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי האָט דאָס געטון מחמת דאַנקבאַר־קייט דערפאַר וואָס איך האָב אָפּגעלייגט דעם שמועס אויף שפּעטער.

דאָך האָט זיך אונדזער שמועס וועגן אַנדערע ענינים דעמאָלט נישט געקלעפּט און מיר זענען שוין צוגעגאַנגען ביז דער שטוב כמעט שווייגנדיק און, אין קעגנזאַץ צו אונדזער געוויינהייט צו שמועסן אויף אַביסל ביים טיר איידער מיר גייען אַריין אין שטוב, האָבן מיר שוין דעם אָוונט זיך נישט אָפּגעשטעלט לעבן טיר און גלייך אַריינגעגאַנגען אינעווייניק און מיט אַ בלויזן האַנט־דרוק זיך געזעגנט ביז מאָרגן. איך האָב בלויז שטיל אַ זאָג געטון:

— קלער גוט איבער וועגן דעם. מיר וועלן נאָך רעדן.

זי האָט מיר גאָרנישט געענטפערט און אַ שווייגנדיקע אַריין צו זיך אין צימער.

# 24

איך גלויב, אַז איר שטעלט זיך פֿאָר, אַז דער ענין איז נישט אַדורך אַזוי גרינג ווי מען קען עס דערציילן. עס זענען אַריבער חדשים פֿון ערגער־ניש, בייז בלוט און אפֿילו טרערן. דער אַזוי פֿיל אָנגעליטענער ר׳ ישראל האָט פֿאַר מיר איינמאָל פּשוט געוויינט, בעטנדיק זיך ביי מיר, אַז איך זאָל אויף אים רחמנות האָבן און אים נישט פֿאַרקירצן די יאָרן.

— איך גיב דיר קלאַריטאַן — האָט ער מיט טרערן אין די אויגן גע־זאָגט — אָבער פֿריִער שטעל אַ חופּה!

— ער האָט אויך געבעטן דאָן פֿעליפּען — דער וואָס האָט מיך געבראַכט צו אים אין שטוב — אַז ער זאָל מיט מיר רעדן. אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן. איך האָב זיך פֿעסט געהאַלטן ביי מיינעם.

אויך מיט קלאַריטאַן איז דער ענין צוגעגאַנגען גאָרנישט גרינג. אין אָנהייב האָט זי געהאַלטן, אַז איך דאַרף נאָכגעבן איר טאַטן און אויף מיין עקשנות האָט זי געענטפֿערט דערמיט, וואָס זי האָט זיך גענומען דער־ווייטערן פֿון מיר. זי האָט דעמאָלט געפֿירט מיט זיך אַ לאַנגע צייט אַ שווערן אינערלעכן קאַמף, אָבער די ליבע צו מיר האָט זי שוואַך געמאַכט און זי האָט ווידער גענומען מיט מיר אַרויסגיין אין קלוב.

בעת מיר זענען צוריק געגאַנגען און זי איז געגאַנגען שווייגנדיק ביי מיין זייט — האָב איך ווידער גענומען רעדן מיט איר:

— הער אויס, קלאַריטאַ, האָב איך געזאָגט, — עס מוז דאָך שוין איינ־מאָל פֿאַר אַלעמאָל נעמען אַ סוף צו אָט דער קאָמעדיע. שוין וואָכן ווי דו גייסט אַרום אַ שווייגנדיקע, עסט נישט און מיידסט מיך אויס. איך וויל איינ־מאָל פֿאַר אַלעמאָל אַ קלאָרן ענטפֿער: ווען וועלן מיר אַרויסנעמען אַ ביכל?..

איך האָב געפֿילט, אַז זי האָט אַ ציטער געטון. זי האָט גענומען גיין פּאַמעלעך און אין דעם ביינאַכטיקן שטילן אַרום האָט זיך דערהערט אַן איינגעהאַלטענער כליפּען. איר כליפּען האָט מיך דענערווירט און איך האָב זיך אָפּגערופֿן:

— מיט ווײַנען לײַזט מען נישט קיין פּראָבלעמען. שײן וואָלטן די פֿעל־קער אין רוסלאַנד אויסגעזען, ווען אָנשטאָט צו נעמען דעם גורל אין זײערע אײגענע הענט, וואָלטן זײ זיך אַוועקגעזעצט ווײַנען. פּראָבלעמען, פֿון די גרעסטע ביז די קלענסטע, דאַרפֿן געלײזט ווערן נישט מיט טרערן נאָר מיטן ניכטערן שׂכל און מיר, קאָמוניסטן, דאַרפֿן געבן אַ מוסטער אין לײזן פּראָבלעמען, ניט מיט טרערן, נאָר רויִק און אָן סענטימענטאַליזם. מיר זע־נען בויער פֿון אַ נײַער געזעלשאַפֿט און קענען נישט און טאָרן נישט נאָכגײן די אַלטע פֿאָרמען פֿון לעבן פֿון מיט הונדערטער יאָרן צוריק. זי האָט אײנ־האַלטנדיק די טרערן מיך איבערגעשלאָגן:

— איך ווײס, יאָסל, אַז דו ביזט גערעכט, אָבער... אָבער פֿאַרוואָס ביזטו אַזוי האַרט, יאָסל? פֿאַרוואָס ווילסטו נישט פֿאַרשטײן? פֿאַרוואָס נוצסטו אויס מײַן אויפֿריכטיקע ליבע צו דיר כּדי מיך צו מאַכן אַזוי פֿיל לײדן? פֿאַרוואָס טוסטו מיר נישט צוליב? כאָטש אין אײן זאַך? אויב דו ווילסט עס נישט צוליב טון מײַן טאַטן — טו עס צוליב מיר, צוליב מיר. איך קען שוין נישט מער, יאָסל, איך וועל משוגע ווערן. און זי האָט זיך היסטעריש צעווײנט.

איר געוויין אין מיטן גאַס האָט מיך זײער אויפֿגערעגט און איך האָב אויסגעשריגן:

— אָדער דו הערסט אויף צו ווײנען, אָדער איך גײ אַוועק אַלײן!

די עטלעכע ווערטער האָבן געווירקט און זי האָט אויפֿגעהערט צו ווײנען און כּדי ווײכער צו מאַכן דעם אײַנדרוק, וואָס מײַן נערוועזער אויס־געשרײ האָט געמאַכט, האָב איך געזוכט אַנגענעמע ווערטער, וועלכע זאָלן זי איבערבעטן, אָבער אויך אין דער זעלביקער צײַט איבערצײַגן, אַז איך קען אַנדערש נישט האַנדלען.

— דו ווײסט גאַנץ גוט, טײַערע, — האָב איך זיך אָפּגערופֿן — אַז איך האָב דיך ליב מיטן גאַנצן האַרצן. אָבער פֿאַרשטײ: אײן זאַך איז ליבע און אַ צווײטע — פֿליכט!... מיר ליבן זיך בײדע צו־שטאַרק, אַז מיר זאָלן צוליב אַזאַ נאַרישקײט שטערן דאָס גליק פֿון אונדזער לעבן.

זי האָט געפֿרעגט:

— און פֿאַרוואָס האָסטו זיך אײַנגעעקשנט?

— נײן, טײַערע קלאַריטאַ, — האָב איך איר געענטפֿערט — נישט איך האָב זיך אײַנגעעקשנט, נאָר איך טו עס, ווײַל איך בין טרײַ מײַנע פּרינציפּן. שטעל זיך פֿאָר — האָב איך נאָך אַ קורצער פּויזע פֿאָרגעזעצט — דו ווײסט, דו ביזט איבערצײַגט, אַז איך האָב דיך ליב און פֿלוצים דערוווּסטו זיך, אַז איך בין אַ פֿאַרהײראַטער (זי האָט אַ ציטער געטון), וואָס וואָלסטו אויף דעם

געזאָגט? דו וואָלסט געוויס געזאָגט, אַז איך בין דער געמיינסטער מענטש אויף דער וועלט און אַלץ פאַרוואָס? — האָב איך געפּרעגט מיט אַ גמרא־ניגון און גלייך געענטפערט — ווייל אין דעם פאַל וואָלט איך געווען אַ מענטש אָן אַ האַרץ, אָן געפילן... איך וואָלט נישט געווען דאָס, וואָס איך בין, ווייל איך וואָלט נישט געהאַט קיין געפילן; איך וואָלט נישט נאָכגעגעבן דאָס, וואָס עס זאָגט מיר מיין מוח, מיין האַרץ, נאָר איך וואָלט נאָכגעגעבן די חיה אין זיך... וואָלסטו מיך דאַן געקענט ליב האָבן? — בשום אופן נישט! איך וואָלט נישט ווערט געווען, אַז אַזאַ מיידל ווי דו זאָל מיך ליב האָבן. נו, פאַרשטייסט? אַלץ, דאָס גאַנצע מענטשלעכע לעבן איז איין קייט! אַ מענטש קען נישט זיין אויפריכטיק אין זיין ליבע אויב ער איז נישט אויפ־ריכטיק אין זיינע איבערצייגונגען. ביידע זאַכן טראָגט מען טיף אין האַרצן. ווייל אַ מענטש, „וואָס ער האָט יאָ געזאָגט — האָט ער נישט געזאָגט" — איז נישט ווערט מען זאָל אים אָנרופן מענטש. מיר אידעאַליסטן, טאָרן אַזוי נישט זיין! מיר מוזן, קודם־כל, זיין אויפריכטיק מיט זיך אַליין און נישט טון זאַכן, וואָס זענען אין אַ שרייענדיקער סתירה צו אונדזערע איבער־צייגונגען.

איך בין אַנטשוויגן געוואָרן און אַ דערדריקנדיקע שטילקייט האָט מיך ווי אַרומגענומען. די שטילקייט איז אָבער איבערגעריסן געוואָרן פון קלאַ־ריטאַס ווייכער שטימע, וועלכע האָט שטיל געזאָגט:

— יאָסל, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ווען דו רעדסט האָסטו ביי מיר די גאַנצע רעכט... איך בין מסכים מיט דיר אַז אַזוי איז עס. אַז אַזוי דאַרף עס זיין. גלויב מיר, אַז איך בין נישט קעגן, אַז מיך אַרט עס נישט, אָבער מיין טאַטע! ער האָט זיך דאָך אַזוי פיל אָנגעליטן צוליב מיר; אַ גאַנץ לעבן געליטן צוליב מיר. אַ גאַנץ לעבן געליטן כדי צו האָבן פון מיר אַ ביסל נחת. טו מיר צוליב, יאָסל, לאָמיר שטעלן אַ חופּה.

איך עקשנות האָט מיך אַריינגעבראַכט אין כעס און איך האָב שוין געוואָלט אַ געשריי טון, אַז איך בין מיד פון אָט די אַלע טענות און... אָדער דער טאַטע, אָדער איך... אָבער איך האָב זיך באַהערשט און געזאָגט:

— הערסט, קלאַריטאַ, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך הייב דיך נישט אָן צו פאַרשטיין. אַליין זאָגסטו, אַז איך האָב רעכט, אַז דו ביזט מסכים מיט מיר, אַז דיך אַרט נישט. נו, איז צו וואָס דאַרפסטו די חופּה? און אַז עפּעס אַ חזנדל אָדער רבילע וועט מאַכן די ברכות, ווען מיר וועלן גיין צו דער חופּה וועט שוין זיין כשר? דעמאָלט מעגן מיר שוין זיין מאַן און ווייב? זעסטו דען נישט די נאַרישקייט? די אומגעלומפּערטקייט פון דעם?...

— יאָ — איז זי מיר אַריינגעפאַלן אין די רייד — אָבער מיין טאַטע...

— דיין טאַטע — האָב איך שוין נערוועזער אויסגערופן גאַנץ הויך — דיין איינציקער תירוץ — דיין טאַטע! אָבער ווען מענטשן זענען אידעאַ־ליסטן און האָבן זיך אויפריכטיק ליב איז דאָס נישט קיין תירוץ. שיין וואָלט אונדזער באַוועגונג אויסגעזען, ווען מיר דאַרפן אויף אַלץ בעטן אַ דערלויבעניש ביי אונדזערע טאַטעס... מיר וואָלטן נאָך איצטער אַלץ גע־האַלטן ביים מיטלאַלטערלעכן שקלאַפן־סיסטעם.

איך האָב געמאַכט אַ קורצע פויזע און דערנאָך פאָרגעזעצט:

— נעמענדיק אין אַכט דיין האַנדלונג, בין איך געצווונגען אַוועקצושטעלן די פראַגע מיט דער גאַנצער שאַרפקייט: האָסטו מיך ליב און ביזט איינ־שטימיק צו ווערן מיין חברטע (געמיינט: פרוי) ווועלן מיר באַשטימען אַ טאָג אויף אַרויסצונעמען דאָס ביכל און — שוין. אויב אָבער דו זאָגסט זיך אָפּ דאָס צו טון, האָב איך דאָס רעכט דאָס אויסצוטייטשן, אַז דו האָסט מיך נישט ליב, ווייל אַ רעליגיעזע צערעמאָניע איז ביי דיר טייערער ווי איך. איך וועל דעם ענין מער נישט דיסקוטירן. ווילסטו, אַז מיר זאָלן צוזאַמענלעבן וועט מוזן זיין ווי איך זאָג און אויב נישט — ווייסטו וואָס דו האָסט צו טון! איך גיב דיר אַ וואָך צייט צו טראַכטן!...

ביזן אָנקומען אַהיים, האָבן מיר שוין מער נישט גערעדט. ביידע זענען מיר געגאַנגען שטיל שווייגנדיקע, פאַרטראַכט אין אונדזערע מחשבות. איך האָב פיל נאָכגעטראַכט וועגן די נאַר־וואָס אַרויסגעזאָגטע ווערטער און — איך בין זיך מודה אין דעם — איך האָב זיך געשראָקן פאַר זייערע רע־זולטאַטן; עס איז מיר דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז זי קען זיך נאָך באַליי־דיקן און אינגאַנצן איבעררייסן מיט מיר און זי פאַרלירן האָב איך נישט געוואָלט, ווייל איך האָב זי באמת ליב געהאַט און זי פאַרלירן וואָלט פאַר מיר געווען ווייטיקלעך; אָבער אַנדערש האָב איך נישט געקענט האַנדלען, ווייל פרי:ער פון אַלץ און איבער אַלץ איז ביי מיר געווען די פּאַרטיי.

## 25

די גאַנצע וואָך האָב איך זי אויסגעמיטן. מיטאָג בין איך געגאַנגען עסן אין אַרבעטער־קלוב (דאָרט איז אויך געווען אַ רעסטאָראַן צו זייער ביליקע פרייזן) און פאַרנאַכט, נאָך דער אַרבעט, בין איך געקומען אַהיים און זיך פאַרמאַכט אין צימערל און געלייענט, און דערנאָך, ווען עס זענען זיך שוין צוזאַמענגעקומען די פענסיאָניסטן, בין איך אויך אַריין אין עס־צימער. איך בין אַריין פּשוט צוליב דעם, אַז זי זאָל מיך נישט חושד זיין, דאָס איך מייד זי אויס.

אויפן פינפטן טאָג — בעת זי האָט מיר דערלאַנגט דאָס אָוונטברויט — האָט זי מיך שטיל אַ פרעג געטון:

— ווו ווּעסטו היינט זיין?

איר פראַגע האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרצן, אָבער האָט אויך געמאַכט פריילעכער מיין געמיט. „הייסט עס, אַז זי בויגט זיך" — איז מיר אַ געדאַנק דורכגעלאָפן. פונדעסטוועגן, כדי נישט אַרויסצווייזן מיין צו־פרידנקייט האָב איך אויף איר געוואָרפן אַ פאַרשנדן בליק און געענטפערט:

— דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז היינט האָבן מיר אַ זיצונג פון דער קולטור־קאָמיסיע.

— וואַרט אויף מיר אין דרויסן, איך וועל אויך גיין...

נישט ענדיקנדיק דאָס עסן בין איך גלייך אַרויס פון שטוב. איך האָב עס געטון, ווייל אַ היץ האָט מיך באַשלאָגן און איך האָב זיך געוואָלט אַביסל אָפּקילן און קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען.

ביים אַרויסגייען, האָב איך אַביסל לויז געמאַכט דעם אויסבינדער און זיך אָפּגעשפּילעט דאָס אויבערשטע קנעפּל פון העמד. איך האָב זיך טאַקע גענומען פילן בעסער, כאָטש די לופט איז געווען אַ שטיקנדע, אַ פייכטע. אַ טונקל־גרויער שטאַרק פאַרכמאַרעטער הימל האָט אָנגעזאָגט אויף רעגן. מענטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען, פאַרבייגעפאָרן. אייניקע האָבן זיך שטאַרק

געאיילט און אַנדערע זענען געגאַנגען פּאַמעלעך, געמיטלעך. אַ געאָרעמט פּאָרל האָט זיך פאַרבייגעשלייכט לאַכנדיק. פון ערגעץ האָבן זיך דערטראָגן מוזיק־קלאַנגען. אַן אַדורכפאָרנדיקער אויטאָמאָביל האָט שטאַרק געטרובעט. אַ שטאַרק אָנגעפאַרבטע מיטלוווקסיקע פרוי האָט דערזעענדיק מיך, פאַרלאַנג־זאַמט איר גאַנג און אַריינקוקנדיק מיר גלייך אין פּנים האָט זי מיט אַ געמאַכ־טער שעלמישקייט געפרעגט:

— סאָליטאַ, קערידיטאַ? 1)

נישט קוקנדיק, וואָס איך האָב וועגן „זיי" געהאַט אַן אַנדער מיינונג, ווי די מערהייט מענטשן, האָב איך דאָך אין דעם מאָמענט געפילט צו איר אַן עקל. איך האָב זיך אויסגעדרייט און געזען אָנקומען קלאַריטאַן. און כאָטש איך האָב נישט געוואָלט אַרויסווייזן מיין צופרידנקייט מיט איר אָנקומען, דאָך האָב איך זיך נישט געקענט באַהערשן און בין איר אַנטקעגנגעגאַנגען אַ פריילע־כער. עס האָט מיך אָבער איבעראַשט איר קאַלטקייט ביים באַגעגענען מיך. איר פּנים איז געווען פאַרטראַכט, ערנסט. די אויגן פאַרחלומט און האָבן גע־קוקט שטאַר. די דינע ליפּן בלאַס און פאַרשלאָסן. זי האָט בלויז פון געוויינ־הייט מיך אָנגענומען ביים אָרעם און דערפילנדיק אירע פינגער אויף מיין האַנט, האָב איך זיי אַריינגעפּלאָכטן אין מיינע און זיי צאַרט געדריקט.

ווי געזאָגט, האָט מיך איר קאַלטקייט שטאַרק געחידושט. ווייל, ווען זי האָט מיך ביים טיש געפרעגט „ווו ווערסטו היינט זיין?" בין איך געווען זיכער, אַז זי האָט זיך באַקלערט און האָט שוין איינגעזען, אַז איך בין געווען גערעכט, און דאָ פּלוצים — גייט זי לעבן מיר אַ טרויעריקע און רעדט נישט אויס קיין איין וואָרט.

ווייל זי מיר אפשר זאָגן — איז מיר אַ געדאַנק אַדורכגעלאָפן — אַז זי פאַרענדיקט מיט מיר?...

איך האָב דעם געדאַנק נישט געוואָלט צולאָזן צו זיך. אָבער ער האָט מיך פּאָרט באַאומרויקט.

אָבער גאַנץ אומדערוואַרט, ווען מיר זענען שוין געווען ביים אַריינגאַנג פונעם אַרבעטער־קלוב, איז זי פּלוצים געבליבן שטיין און שטיל אַ שעפּטשע געטון:

— יאָסל!...

איך האָב אַ ציטער געטון. „וואָס וויל זי מיר זאָגן?" — האָב איך זיך געפרעגט. פונדעסטוועגן האָב איך זיך באַהערשט און געפרעגט:

— וואָס?

---

1) אַליין, טייערינקער.

נישט קוקנדיק אויף מיר נאָר אין דעם שוואַך־באַלויכטענעם דורכגאַנג האָט זי אַ פּליסטער געטון:

— זוך אַ צימער... פּאַר בײדן.

בעת־מעשה האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך פאַרשטײ נישט וואָס זי רעדט, אַזוי איבערגעראַשט בין איך געוואָרן. איך האָב נישט געקענט באַהערשן מײן פרײד, מײן ענטוזיאַזם און זי אַרומגענומען, דריקנדיק זי שטאַרק צו זיך און באַדעקנדיק איר בלאַסן פּנים מיט קושן.

און נאָך עפּעס האָט איר באַשלוס גורם געווען דעם אָוונט: איך זאָל — צום ערשטן מאָל — פעלן צו אַ זיצונג. ווײל נאָך דעם ווי איך האָב איר פּנים באַדעקט מיט קושן (איך האָב זי אויפגעהערט צו קושן, ווײל עס זענען אָנגעקומען עטלעכע חברים, וועלכע האָבן, זעענדיק אונדז אין אַזאַ פּאָזע, זיך אויף דער גיך דורכגעשלײכט און געשמײכלט) האָב איך אַ צעשטראָלטער זיך אָפּגערופן:

— נו, טײערינקע איצטער וועלן מיר ערגעץ צו גײן פײערן די געשעעניש...

זי האָט מיך אַ פאַרחידושטע געפרעגט:

— און די זיצונג אין דער קולטור־קאָמיסיע?

איר פראַגע האָט מיר דווקא הנאה געטון. דאָס האָט מיך נאָכאַמאָל איבערצײגט, אַז זי איז אַ פאַראַנטוואָרטלעכע חברטע. און איצטער, אַז מיר וועלן שוין זײן צוזאַמען, וועלן מיר שוין געוויס קענען פיל, זײער פיל אויפטון... פונדעסטוועגן האָב איך געזאָגט:

— דו ווײסט גאַנץ גוט, טײערע, אַז איך פעל קײנמאָל נישט צו קײן זיצונג, פּינקטלעכקײט און פאַראַנטוואָרטלעכקײט זענען מײנע צוויי הויפּט־דעוויזן. אָבער איצט — נו, דו ווײסט דאָך, אַז מיר האָבן איצט אַזוי פיל צו רעדן, אַז יעדע מינוט איז אַ שאָד... קום — האָב איך צוגעגעבן — מיר וועלן אַרײַנגײן אין אַ באַר און בײ אַ גלאָז ביר וועלן מיר רעדן וועגן אַלץ. מיר האָבן דאָך אַזוי פיל צו רעדן...

ווי געזאָגט זענען מיר שוין יענעם אָוונט צו דער זיצונג נישט געקומען. צווישן איין גלאָז ביר און דעם צווייטן האָבן מיר אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן, ווי אַזוי מיר זאָלן אויספירן דאָס פאַרײניקן אונדזערע לעבנס.

מיר האָבן אויסגעאַרבעט דעם פאָלגנדיקן פּלאַן:

איך זאָל דינגען אַ צימער און וואָס ווײטער פון דער געגנט ווו מיר וווינען און אויך קויפן דאָס סאַמע נײטיקסטע: אַ טיש, שאַפע, בעט און צום בעט — אַ מאַטראַץ, לײלעכער, ציכלעך, עטלעכע בענקלעך און קיך־געשיר. צו דעם צוועק האָב איך געדאַרפט אַרויסנעמען פון באַנק די עטלעכע הונדערט

פּעזעס וואָס איך האָב פֿאַר דער צייט אָפּגעשפּאָרט און אַז מיר וועלן שוין אַלץ האָבן פֿאַרטיק, וועלן מיר קויפֿן, אויף אויסצוצאָלן אַ ניי־מאַשין, כּדי מיר זאָלן אַרבעטן פֿאַר זיך. דאָס מיינט: אַרויסנעמען פֿון אַ קלייט אַרבעט, ווערן היים־אַרבעטער. איך האָב געזאָגט: אַז מיר זאָלן אַרבעטן ווייל זי האָט געזאָגט, אַז זי וויל זיך אויסלערנען אַרבעטן, כּדי מיר אַרויסצוהעלפֿן און אַזוי אַרום, קומען צו עפּעס און ווען איך וועל שוין האָבן אַלץ פֿאַרטיק, זאָל איך זיך אַרויסציִען פֿון זייער שטוב אין אונדזער צימער. און דערווייל וועט זי זען אַריינצולייגן אין מיין צימערל אַביסל פֿון אירע זאַכן: וועש, קליידלעך און אַנדערע חפֿצים, וועלכע איך וועל מיטנעמען. און דעם טאָג, ווען מיר וועלן באַשטימען אַרויסצונעמען דעם ביכל, וועט זי אינדערפֿרי זאָגן דעם טאַטן, אַז זי דאַרף גיין עפּעס קויפֿן און אַוועקגיין פֿון שטוב.

און כאָטש מיר האָבן צוזאַמען אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן, דאָך האָט איר האַלטונג מיך פֿאַרדראָסן און אַפֿילו געמאַכט, אַז איך זאָל נאָכטראַכטן וועגן איר באַשלוס. איך האָב בשום־אופֿן נישט געקענט פֿאַרשטיין, ווי עס קומט אַז אין אַ מאָמענט, ווען זי האָט שוין געפּאַסט אַזאַ דעצידירנדיקן באַשלוס, זאָל פֿון איר ווייען אַזאַ קאַלטקייט, אַזאַ פֿרעמדקייט. פּונקט ווי איר וואָלט דער גאַנצער ענין גאָרנישט אָנגעגאַנגען.עס האָט מיך פֿאַרדראָסן, אָבער איך האָב גאָרנישט געזאָגט און נאָך וויניקער — אַרויסגעוויזן. אַדרבה: איך האָב געזוכט — און עס איז מיר געלונגען אויך — צו זיין וואָס אויפֿגעלייגטער, פֿריילעכער, הומאָרפֿולער, ווייל איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז כאָטש זי האָט אָנ־גענומען דעם באַשלוס, דאָך ליידט זי זייער פֿיל פֿון דאַרפֿן זיך צעשיידן מיטן טאַטן אויף אַזאַ אופֿן.

דאָס אויספירן דעם פּלאַן האָט אונדז כמעט ווי נישט געקאָסט קיין אַר־בעט. עס וועט נישט זיין איבערגעטריבן, ווען איך וועל זאָגן, אַז דער פּלאַן האָט זיך אויסגעפירט פון זיך אַליין. אויפן דריטן טאָג האָב איך שוין געדונגען אַ צימער און צו די צען טעג זענען מיר שוין געווען אין אונדזער צימער צוזאַמען מיט אַ גרופּע חברים, פייערנדיק אונדזער צוזאַמענלעבן...

דעם צימער האָב איך באַקומען אַ דאַנק מיינעם אַ פּאַרטיי־חבר, וואָס כאָטש ער האָט „געאַרבעט" אויף דער „אַלגעמיינער" גאַס, דאָך האָבן מיר זיך געטראָפן אָפט אויף זיצונגען און באַראַטונגען. ער איז געווען דער אַזוי־גערופענער „פאַרבינדונגס־מאַן" מיט דער ייִדישער סעקציע. איך האָב אים דערציילט, וואָס עס קומט פאַר צווישן מיר מיט קלאַריטאַן. און ווען איך האָב אים איבערגעגעבן קלאַריטאַס באַשלוס און אונדזער אויסגעאַרבעטן פּלאַן, האָט ער מיר גוטברודעריש אַ פּאַטש געטון אין פּלייצע, זאָגנדיק:

— גוט, מאָרגן וועסטו האָבן אַ צימער!...

איך האָב אים שפּאַסנדיק אַ פרעג געטון:

— וואָס, רעכנסט אונדז איבערגעבן דיין צימער, אָדער מירן שלאָפן אַלע צוזאַמען?

— זיי נישט קיין יאָלד — האָט ער מיר שמייכלענדיק געענטפערט — קום מאָרגן צו מיר מיטאָג־צייט, וועסטו שוין עסן מיט אונדז און מיר וועלן אויך שוין רעדן מיט דער „ענקאַרגאַדאַ" 1)

אויפן צווייטן טאָג מיטאָג־צייט, בין איך שוין געווען ביי האָראַסיאָן — אַזוי האָט ער געהייסן — אין צימער. ער איז נאָך נישט געהאַט געקומען פון דער אַרבעט. האָב איך דערווייל, בעת איך האָב געוואַרט אויף אים, גערעדט מיט זיין חברטע (זיין פרוי). פּעפּאַ האָט זי געהייסן, וועגן דעם צימער און זי האָט טאַקע קיין סך נישט געקלערט און מיט מיר צוגעגאַנגען צו דער „ענ־קאַרגאַדאַ" און ווען האָראַסיאָ איז געקומען עסן האָב איך אים שוין דערציילט

1) הויז־אויפזעערן.

אַ צופרידענער, אַז מיר זענען שוין שכנים: דאַניאַ פּעטראָנאַ האָט מיר פאַר־דונגען די סאַלע.

האָראַסיאָ און פּעפּאַ האָבן מיר פון ערשטן מאָמענט אָן אַרויסגעוויזן נישט נאָר חברשאַפט, נאָר אויך אויפריכטיקע פריינטשאַפט. ער, האָראַסיאָ, האָט אויך, פּונקט ווי איך, זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַקטיוויטעט גלייך נאָכן באַטרעטן די אַרגענטינער ערד. ער האָט גיך געכאַפּט די שפּראַך און אין קעגנזאַץ צו מיר האָט ער קיינמאָל נישט גערעדט מיט קיין ייִדישן אַקצענט. און קיין ייִדישן אויסזען האָט ער אויך נישט געהאַט. האָט אים די פּאַרטיי — וואָס איז נאָך דאַן געווען אין די וויקעלעך — אַריבערגענומען אויף דער אַלגעמיינער גאַס. אַזוי אַרום איז ער צווישן ייִדן זייער זעלטן געקומען — סיידן ווען ער האָט געהאַט אַ זיצונג מיט דער ייִדישער סעקציע. און טאַקע ביי דער אַקטיוויטעט האָט ער זיך באַקאַנט מיט פּעפּאַן — אַ דיקלעכע שאַ־טינקע מיט אַ פּאָר פייערדיקע שוואַרצע אויגן און פליישיקע תאוהדיקע ליפּן. איר טאַטע — מאַנאָלאָ — אויך אַ פּאַרטיי־חבר, האָט זיך נישט נאָר נישט אַנטקעגנגעשטעלט, נאָר איז געווען גאָר שטאַרק צופרידן פון זייער צוזאַמענ־לעבן (זיי האָבן אַפילו קיין ביכל נישט אַרויסגענומען) ווייל ער האָט געוווּסט, אַז האָראַסיאָ איז אַ גוטער אַרבעטער (ער איז געווען אַ סטאָליער) און אַ באַוווּסטזיניקער פּאַרטייער און ווי אַ פּאַראַנטוואָרטלעכער חבר וועט ער זי נישט אָוועקוואַרפן ווען אים וועט זיך פאַרוועלן.

דעם זעלבן אָוונט האָב איך צוויסן געגעבן קלאַריטאַן וועגן דעם געדונ־גענעם צימער. איך האָב עס איר געזאָגט גייענדיק צום קלוב און אַזוי אַרום האָב איך נישט געזען, וואָס איר פּנים האָט אויסגעדריקט ביים דערהערן די נייעס. אָבער איך האָב יאָ דערפילט, אַז זי האָט געגעבן אַ ציטער און איר דאַר הענטל האָט אָנגעכאַפּט מיין האַנט — כאָטש זי האָט מיר געהאַלטן געאָרעמט.

אויפן צווייטן טאָג האָב איך שוין געאַרבעט בלויז ביז מיטאָג, ווייל ביי־טאָג בין איך אַרויס מיט פּעפּאַן איינקויפן דאָס ביסל מעבל און קיך־געשיר.

ווען איך בין געקומען אַהיים עסן וועטשערע, האָב איך, אַריינקומענדיק צו מיר אין צימער, געפונען אייניקע שטיקלעך פרויען־וועש. דאָס האָט קלאַ־ריטאַ איבערגעלאָזן, כדי איך זאָל זיי מיטנעמען ווען איך וועל זיך אַרויסציִען פון זיי. אויפן זעקסטן טאָג האָב איך זיך טאַקע אַרויסגעצויגן, מיטנעמענדיק מיט זיך קלאַריטאַס עטלעכע קליידלעך,וועש און אַנדערע זאַכן.

שבת אינדערפרי, ווען קלאַריטאַס טאַטע איז אַוועק דאַווענען, האָט זי זיך אָנגעטאָן און אַוועק פון שטוב, כדי מיט מיר צו גיין צום ציווילן רעגיסטער. וואָס האָט אונדז פאַרן געזעץ דערקלערט אַלס מאַן און ווייב.

## 27

די ערשטע צייט זענען מיר געווען פון די סאַמע גליקלעכסטע פּאָרלעך. איך האָב גלייך געקראָגן אַרבעט ביי צוויי הורטאָוניקעס, וועלכע האָבן מיר געגעבן אַ סך הויזן, וועלכע קלאַריטאַ האָט מיר געהאָלפן נייען (זי האָט זיך גיך אויסגעלערנט די אַרבעט). מיר זענען ביידע געווען צופרידן. ביסלעכוויַיז איז פון איר פּנים פאַרשווונדן דער טרויער און אירע ליפּן האָבן שוין גע־נומען שמייכלען. עס האָט אַ סך צו דעם צוגעהאָלפן אונדזער שכנה און חברטע פּעפּאַ. זיי האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט און זי פלעגט קלאַריטאַן דערקלערן פיל זאַכן, וואָס איך האָב איר — צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות — נישט גע־קענט דערקלערן... קלאַריטאַ איז פון קינדהייט אָן געווען אַ שוואַכע און אַלס פרוי — פון אַ זייער איינגעהאַלטענעם טעמפּעראַמענט. ביי איר איז דאָס צוזאַמענלעבן געווען נישט קיין נויטווענדיקייט, נאָר אַ לאַסט. זי האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז ווען איך שטיל מיין מענערישקייט ליידט זי. פיל מאָל האָט זי פּשוט געוויינט, אָבער מיר האָט זי גאָרנישט געזאָגט. זי האָט, ווי שטענדיק, שטיל געליטן.

איינמאָל האָט איך זי געפרעגט:

— וואָס איז דיר, קלאַריטאַ?

זי האָט מיך פאַרחידושט אָנגעקוקט:

— מיר? צוגעבנדיק גלייך:

— מיר איז גאָרנישט... גאָרנישט...

ווייזט אויס, אַז זי האָט נישט פאַרשטאַנען מיין פראַגע, האָב איך דערי־בער באַשלאָסן צו צוגיין צום ענין אַביסל אָפענער.

— דו ווייסט גאַנץ גוט, קלאַריטאַ, — האָב איך געזאָגט, — אַז פּונקט ווי איך בין ביי דיר דער ערשטער, אַזוי ביזטו אויך ביי מיר די ערשטע... נו, פאַרשטייסט? מיר זענען דאָך יונגע מענטשן... און איך זע, אַז... דו ליידסט...

— איך זאָג דיר דען עפּעס? — האָט זי שטיל געזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק די אויגן פאַרשעמט.

איך האָב איר אויף דעם געענטפערט:

— עס האַנדלט זיך נישט וועגן דעם, צי דו זאָגסט עפּעס אָדער נישט. עס איז דאָך אַ פּשוטע זאַך ביי נאָרמאַלע מענטשן... איך וועל שוין נישט רעדן וועגן געַנוס... און ביי דיר איז עס אַ לאַסט, אַן אָפּקומעניש...

— איז וואָס ווילסטו זאָל איך טון? — האָט זי נישט קוקנדיק אויף מיר געפרעגט שטיל.

— וואָס איך וויל? — האָב איך געפרעגט, צוגעבנדיק:

— איך מיין, אַז דו דאַרפסט צו גיין צו אַ דאָקטאָר. זאָג פּעפּאַן, אַז זי זאָל דיך באַגלייטן.

איך האָב ספּעציעל געזאָגט, אַז פּעפּאַ זאָל זי באַגלייטן, ווייל ערשטנס וואָלט זי זיך געשעמט צו גיין מיט מיר צום דאָקטאָר און צווייטנס, האָב איך שוין געוווּסט, אַז אויב פּעפּאַ וועט מיט איר גיין, וועט זי שוין פרעגן דאָס, וואָס קלאַריטאַ וועט פאַרגעסן אָדער זיך שעמען צו פרעגן, ווייל פּעפּאַ האָט ביי אונדז פון אַלץ געוווּסט. זי האָט עס געוווּסט פון ביידן. סיי קלאַריטאַ און סיי איך האָבן איר דערציילט. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער צייט, ווען איך האָב איר דערציילט מיט דער גאַנצער אָפּגהאַרציקייט — מיר האָבן זיך בכלל נישט געהיט מיטן רעדן — האָט זי ביי קלאַריטאַן ממש געמוזט אַרויסציִען יעדעס וואָרט.

זי, פּעפּאַ, איז געווען פּונקט דער היפּוך פון קלאַריטאַן. זי איז געווען אַ פולע מיט אַ געזונטן פּנים און פליישיקע תאוהדיקע ליפּן און געהאַט האָט זי אַ גרויסן בוזים און געטראָגן האָט זי שטאַרק דעקאָלטירטע בלוזעס. און קלאַריטאַ איז געווען אַ דאַרע, אַ בלאַסע מיט קליינע בריסטן. פּעפּאַ איז געווען אַ פול־בלוטיקע פרוי, וואָס האָט זיך געהאַלטן פריי און געהאַט אַן „אָפן" מויל, און קלאַריטאַ — אַ שעמעוודיקע, וואָס פלעגט זיך באַגיסן מיט אַ רויטקייט, ווען פּעפּאַ פלעגט זיך צעריידן.

און עס איז טאַקע געווען פּעפּאַ, וואָס האָט מיר געעצהט, אַז איך זאָל שיקן קלאַריטאַן צום דאָקטאָר. זי האָט אָפט געהערט קלאַריטאַס קרעכצן און כליפּען. האָט זי געפּרוווט ביי איר דערגיין און נישט געקענט. האָט זי זיך גענומען צו מיר. איינמאָל, ווען קלאַריטאַ איז ערגעץ צוגעגאַנגען, איז זי אַריין און גלייך אַרויס מיט לשון.

— זאָג מיר נאָר, פּעפּע (זי פלעגט מיר שטענדיק רופן פּעפּע) — האָט זי אָנגעהויבן, — וואָס קומט ביי אייך פאָר?

ניט וויסנדיק וואָס זי מיינט, האָב איך געענטפערט מיט אַ פראַגע:

— וואָס ביי אונדז קומט פאַר? וואָס ווילסטו זאָל ביי אונדז פאָרקומען?

— איך ווייס — האָט זי געזאָגט — אַז איך הער קלאַריטאַן קרעכצן, וויינען און אַריינשמייכלענדיק מיר פאַרשייט אין פּנים, האָט צוגעגעבן:

— דו ווייסט דאָך, אַז מען הערט אַלץ, ס'איז אַ דין ווענטל...

— איז ווער הייסט דיר זיך צוהערן? — האָב איך געזאָגט מיט אַ גע־מאַכטער רוגזה — דו וועסט נאָך גיך אַלט ווערן, דו נאַרישע גאַזשעגאַ...

— און אַז איך הער זיך צו איז וואָס? — האָט זי אַביסל אַ צעפּלאָמטע געפרעגט, צוגעבנדיק:

— און דו שעמסט זיך? — פּאַברעסיטאַ!... אָט וועל איך באַלד געבן אַ הויב אויף דאָס קליידל, וועלן מיר זען צי דו שעמסט זיך אָדער נישט...
— און זי האָט גענומען אויפהייבן דאָס קליידל.

אַביסל אַ צערייצטער פון זען אירע גראָבע פּאָלקעס, האָב איך געזאָגט:

— דו באַהאַלט עס פאַר דיין „גרינגאָ" (זי האָט האַראַסיאַן אַזוי גערופן) איך שטעל מיר פאָר, אַז דו האָסט אַ הייס אויוועלע...

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס קלייד און צומאַכנדיק ווילי‏ונגעריש איין אויג האָט זי געפרעגט:

— און קלאַריטאַ?...

איך האָב אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, זאָגנדיק:

— אָט!

זי האָט וויזט אויס פאַרשטאַנען, וואָס דער „אָט" באַדייט. האָט זי ערנסט, מיט באַדויערן מיך אָנגעקוקט און דערנאָך שטיל געפרעגט:

— אפשר איז עס נישט אינגאַנצן איר שולד?

איך האָב אַ פאַרחידושטער געפרעגט:

— וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגן:

נישט אַראָפּנעמענדיק פון מיר אירע אויגן, האָט זי געענטפערט, ציילנ־דיק די ווערטער:

— פאַרשטייט, פונקט ווי עס זענען פאַראַן מענער וואָס קענען נישט, אַזוי זענען נישט אַלע פרויען הייסע... אָבער ווען דער מאַן איז אַ „מאַאָטשאָ"... 1)
אַן אויפגערעגטער בין איך איר אַריינגעפאַלן אין די רייד:

— מיט דעם ווילסטו, הייסט עס, זאָג, אַז איך...

— זיי נישט קיין משוגענער — האָט זי אויסגערופן, נישט לאָזנדיק מיך ענדיקן. פאַרנאַנדערלאָזנדיק זיך מיט הנאה, — וואָס איך וויל זאָגן איז, אַז

1) ווולגאַרער אויסדרוק אויף זכר.

ווען דער מאַן איז אַ זכר ווי ס׳באַדאַרף צו זיין, געפינט ער שוין מיטלען ווי אַזוי דער ווייב צו געבן חשק...

— יאָ... — האָב איך ווי פאַרשעמט אַרויסגעשטאַמלט — אָבער זי ליידט פון דעם און פיל מאָל טשעפּע איך זי נישט דערפאַר.

זי האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דערנאָך מיט אַנטשלאָסנקייט געזאָגט:

— גוט. שיק זי מיט מיר צו אַ דאָקטאָר. איך וועל שוין וויסן, וואָס איך האָב צו רעדן.

# 28

נישט קלאַריטאַ און נישט פּעפּאַ האָבן מיר דערציילט, וואָס דער דאָקטאָר האָט געזאָגט. וויפל מאָל איך האָב געפּרווט עפּעס דערגיין איז עס מיר נישט געלונגען. דאָס איינציקע, וואָס פּעפּאַ האָט מיר — נאָך אַ לענגערער צייט ציִען פאַרן צונג — יאָ געזאָגט איז, אַז „עס וועט זיין פּיל געזונטער פאַר איר און פאַר דיר, אַז זי זאָל וואָס גיכער האָבן אַ קינד.

נו, וואָס זאָל איך אייך לאַנג ציִען? עס זענען אַריבער עפּעס מער ווי דריי חדשים זינט זי איז מיט פּעפּאַן געגאַנגען צום דאָקטאָר, ווי איינמאָל אין אַ רעגנדיקן זונטיק אינדערפרי, בעת מיר זענען נאָך געלעגן אין בעט און גע־שמועסט, האָט זי גאַנץ אומדערוואַרט אַרויפגעלייגט אַ פינגער אויף מיינע ליפּן און מיט אירע ליפּן האָט זי אַ מאַך געטון: ש־ש־ש...

דערנאָך האָט זי מיר געזאָגט:

— יאָסל, ווייסט, מיר דאַכט זיך, אַז... און זי איז שטיל געוואָרן.

איך האָב געזען, אַז אירע שטענדיק בלאַסע באַקן האָבן געהאַט אַ ראָז־לעכן קאָליר און פון אירע פאַרחלומטע דערשראָקענע אויגן האָט אַרויסגע־שיינט אַ לעבעדיק פייערל. איך האָב זי אַ ווײַלע אָנגעקוקט אַ דערשטויינטער און דערנאָך געפרעגט:

— דיר דאַכט זיך? וואָס דאַכט זיך דיר?

— נאַר וואָס דו ביזט — האָט זי אַ צעשמייכלטע קעגן איר געוווינשאַפט אויסגערופן, געבנדיק מיר אַ קלינגעדיקן קוש — מיר דאַכט זיך, אַז מיר... וועלן זיין דריי.

איך האָב נישט גלויבנדיק מיינע אויערן, אַ שטאַרק איבעראַשטער, אַ מאַך געטון:

— האַ?

— יאָ, יאָסל — האָט זי צוטוליענדיק זיך צו מיר געזאָגט — ס׳איז שוין דער צווייטער חודש...

אויף אַ מאָמענט האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך חלום. דער געדאַנק, אַז איך וועל ווערן אַ טאַטע האָט מיר אַזוי גליקלעך געמאַכט, אַז איך האָב ווי אַ צעדולטער אָנגעהויבן שרייען:

— פּעפּאַ, האָראַסיאָ, קומט אַריין גיכער... גיכער...

און ווען זיי זענען דערשראָקענע, צעשויבערטע (זיי זענען נאָך געשלאָפן און זיי האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון מיינע קולות) אַריינגעלאָפן צו אונדז אין צימער, האָבן זיי דערשטוינטע געזען, ווי איך ליג איבערגעבויגן איבער קלאַ־ריטאַן און קוש איר אויס ווילד דאָס פּנים.

— נישט גוט זאָל דיר ווערן — האָט האָראַסיאָ אַ ברוגזער אַרויסגעצוי־שעט, רייבנדיק זיך מיט דער רעכטער האַנט זיין פאַרוואַקסענעם פּנים — אויף צו באַווייזן אַ „ספּעקטאַקל" מאַכט מען אַזעלכע קולות?... איך האָב דאָך געמיינט, אַז דאָ איז ווער ווייס וואָס געשען.

— גוט אַזוי, פּעפּע — האָט פּעפּאַ אַ לאַכנדיקע אויסגערופן צורעכט־מאַכנדיק זיך דאָס שלאָף־העמד אין וועלכן זי איז אַריינגעקומען — גיב דעם „גרינגאָ" אַ לעקציע... באַווייז וואָס דו קענסט...

אויפהערנדיק קלאַריטאַן צו קושן, האָב איך מיך אויפגעזעצט און אַ צעשטראַלטער געזאָגט:

— איך האָב שוין באַוויזן, חברים, וואָס איך קאָן... איך האָב שוין באַ־וויזן...

איך האָב אויסגעדרייט דאָס פּנים צו קלאַריטאַן, וועלכע איך האָב אַ גליקלעכער געפרעגט:

— אַיאָ, קלאַריטאַ?...

זי האָט אַ פאַרשעמטע אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ. און פּעפּאַ, אָפּגעבנדיק זיך חשבון וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, איז צוגעלאָפן צום בעט און אַראָפּבייגנדיק זיך, האָט זי זיך צעקושט מיט קלאַריטאַן, זאָגנדיק:

— אַזוי, האַ, קרעכצנדיק? און זי האָט צעלאַכנדיק זיך איר געגעבן אַ לייכטן פּעטשל.

און ווענדנדיק זיך צו מיר, האָט זי געזאָגט:

— וואָס מיינסטו, אַז דער „גרינגאָ" שטייט, וועל איך דיר זיך שעמען אַ קוש צו טון? דו ביזט ווערט אַ קוש און נאָך עפּעס אויך... נאַ — און זי האָט זיך איבערגעבויגן צו מיר און מיר אַ שטאַרקן קוש געטון גלייך אין די ליפּן.

## 29

כמעט די גאַנצע צייט האָט זיך קלאַריטאַ געפילט שלעכט. עס האָט איר שטאַרק געהונגערט און ווי זי האָט נאָר עפּעס געגעסן, האָט זי עס גלייך אָפּגעגעבן. אַ חוץ דעם זענען איר געוואָרן געשוואָלן די פיס און עס איז איר געווען ממש אוממעגלעך נישט נאָר אַרויסצוהעלפן מיר אין דער אַרבעט, נאָר אפילו צו טון דאָס סאַמע נייטיקסטע. ווען נישט פּעפּאַ, וואָלט איך נאָך געמוזט קאָכן און אַפילו אויפראַמען אויך. זי, פּעפּאַ, האָט פּשוט נישט אָפּ־געטראָטן פון איר, טוענדיק אַלץ פאַר איר מיט דער זעלבער טריישאַפט וואָס אַ מאַמע.

פונדעסטוועגן זענען מיר ביידע געווען שטאַרק צופרידן. איך בין פּשוט געווען שטאָלץ מיט דעם, וואָס איך וועל זיין אַ טאַטע. אין מיין פאַנטאַזיע האָב איך געזען, אַז איך דערציִ מיין זון ווי אַ פרייען מענטש, ווי אַ פרייהייטס־קעמפער און ער פירט אָן שטרייקן, קאַמפן... ווערט אַ ליבלינג ביי די מאַסן און דערלעבט די אויסגעחלומטע צייט פון דער קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט, אין אַ פרייער וועלט אָן מלחמות, אָן פּאָגראָמען, אָן שקלאַפעריי.

קלאַריטאַ האָט אָבער געהאַט גאָר אַנדערע האָפענונגען. זי האָט געהאָפט, אַז צוליב דעם וואָס זי ווערט אַ מאַמע, וועט איר טאַטע מיט איר זיך איבער־בעטן צוליבן אייניקל. איידער זי איז פאַרגאַנגען אין טראָגן האָט זי עטלעכע מאָל געפּרוווט אים איבערבעטן און איז געגאַנגען צו אים אַהיים, אָבער ער האָט נישט געוואָלט הערן פון איר און זי פּשוט אַרויסגעטריבן. אַזוי עטלעכע מאָל, ביז זי האָט אַ פאַרביטערטע אויפגעהערט צו גיין צו אים.

וואָס אַן אמת, האָב איך נישט געוווּסט, אַז זי איז געגאַנגען איבערבעטן דעם טאַטן (כאָטש איך וואָלט איר אפשר נישט געשטערט דאָס צו טון). זי האָט ביים אַוועקגיין מיר תמיד געזאָגט, אַז זי דאַרף ערגעץ צוגיין און ווען זי איז צוריקגעקומען אַ טרויעריקע, אַ פאַרוויינטע, מיט רויטע אויגן, האָט זי אויף מיין פראַגע „וואָס האָט געטראָפן?" שטיל געענטפערט:

— גאָרנישט, יאָסל, גאָרנישט, עס טוט מיר ווײ דער קאָפּ.

אָבער אַז די זאַך האָט זיך איבערגעחזרט בין איך צוגעשטאַנען צו איר און זי האָט זיך מודה געווען, אַז זי איז געגאַנגען איבערבעטן איר טאַטן. זי האָט דערבײ געזאָגט:

— זײ נישט ברוגז, יאָסל, פאַרשטײ מיך.

איך האָב זי פאַרשטאַנען. איך האָב געוווּסט, אַז מען קען נישט אַרויס־רײסן פון האַרצן דעם וואָס האָט אַזויפיל יאָרן דאָרט פאַרנומען אַזאַ גרויס אָרט. איך האָב אַפילו נישט געוואָלט, אַז זי זאָל אויף תמיד איבערײסן מיט איר פאָטער, אָבער הערנדיק, אַז זי איז שוין געגאַנגען עטלעכע מאָל און ער לאָזט זי נישט צו צו זיך, האָב איך געזאָגט:

— הער אויס, קלאַריטאַ, גלויב מיר, אַז איך פאַרשטײ דיך. איך שטער דיר נישט דו זאָלסט גײן צו דײן טאַטן. אָבער פאַרשטײ: יעדע זאַך דאַרף מען לאָזן אויסשטײן; צײטיק ווערן. איצט לאָזט ער דיך נישט צו צו זיך. איך בין אָבער זיכער, אַז עס וועט קומען די צײט ווען ער וועט אַנדערש ווערן.

איך בין זיך מודה, אַז ווען איך האָב איר געזאָגט די ווערטער איז מיר אין קאָפּ דורכגעלאָפן אַ געדאַנק, אַז ווען עס וועט קומען אַ קינד, וועט ער צוליב דעם אײניקל, זיך איבערבעטן מיט דער טאָכטער.

אײנמאָל בײ אַ מאָטע האָט מיר קלאַריטאַ מיט אַ פאַרזאָרגטן פּנים גע־זאָגט:

— דו ווײסט דאָך, אַז עס פעלט שוין נישט קײן סך צײט און דער טאַטע ווײס נאָך אַפילו נישט.

נאָכן אַרײנצײַען אין זיך די ביטערע מאָטע האָב איך געענטפערט:

— זאָרג זיך נישט, טײערע, ער וועט שוין ווײסן, ער וועט שוין ווײסן. איך האָב עס איר געזאָגט, ווײל אין דעם מאָמענט איז מיר אײנגעפאַלן דער געדאַנק אַלײן צוצוגײן צו אים, כּדי אים צו דערצײלן וועגן זײן קומענדיקן אײניקל. נאָך אַלעמען — האָב איך זיך געטראַכט — אויפעסן וועט ער מיך דאָך נישט".

געזאָגט און געטון.

אויף מאָרגן אינדערפרי — עס איז געווען שבת — בין איך אַוועק צו מײן שווער.

די טיר האָט מיר געעפנט מײן שטיף־שוויגער, פּערל. זי איז געוואָרן אַזוי איבעראַשט ווען זי האָט מיך דערזען, אַז זי איז אַ היפּשע ווײלע געבליבן שטײן מיט אויסגעשטאַרטע אויגן און אַן אָפן מויל, וואָס זי האָט צוגעדעקט מיט אַ האַנט.

— וואָס, שוויגער, האָט איר זיך אַזוי דערשראָקן? — האָב איך געפרעגט

אַריינגייענדיק און צומאַכנדיק הינטער זיך די טיר — איך בין איך נישט געקומען אויפעסן.

נישט אַראָפּנעמענדיק פון מיר אירע צעשראָקענע אויגן, האָט זי ציטערנדיק אַרויסגעשטאַמלט:

— כ׳על אייך זאָגן דעם אמת, כ׳האָב נישט געגלויבט, אַז איר זאָלט קומען.

איר אויפגערעגטקייט און איר ציטערן האָט מיך געמאַכט נערוועז און איך האָב כמעט אויסגעשריגן:

— הערט שוין אויף צו ציטערן!

און אין אַ ווײַלע אַרום, באַהערשנדיק זיך, האָב איך שוין שטילער געפרעגט:

— און דער שווער?

זי האָט אַ קרעכץ טוענדיק געענטפערט:

— דער אַלטער איז געגאַנגען דאַווענען.

אויסשנייצנדיק זיך די נאָז אין אַ גרויס קאָלירט טיכל האָט זי צוגעגעבן:

— ווען איר זעט אים, אסור אויב איר וואָלט אים דערקענט. אַזוי איז ער דאָך אויך געווען אַ גרויסער העלד, נאָר איצט, זייט, נו, איר ווייסט דאָך, איז ער אינגאַנצן געוואָרן אויס מענטש. אַז איך ווייס נישט מיט וואָס ער קומט דורך דעם טאָג. אוי, גאָטעניו, אַז ער וועט אַזוי אָנגיין...

זי האָט נישט פאַרענדיקט, ווײַל אַ שטראָם טרערן האָט אַ פּראַל געטון פון אירע אויגן, וועלכע זי האָט פאַרשטעלט מיט אירע הענט. איך האָב באַמערקט, אַז פאַר די קנאַפּע צוויי יאָר, וואָס איך בין נישט געווען אין שטוב, איז זי געוואָרן נאָך מער צעגאָסן און דאָס טרייסלען זיך ביים וויינען האָט זי געמאַכט נאָך קאָמישער.

ווען זי האָט געענדיקט וויינען האָט זי נאָכאַמאָל אויסגעשנייצט די נאָז אין טיכל און זיך אָפּגערופן:

— איי,וואָס ווייסט איר, יאָסל, וואָס איך האָב פון אים געהאַט יענעם שבת ווען חיהקע איז אַוועק פון שטוב און מער נישט געקומען. כ׳געדענק עס פּונקט ווי עס וואָלט איצט געווען. ווען ער איז געקומען פון דאַוונען, האָט ער גלייך געפרעגט אויף חיהקען. עס האָט אים געוווּנדערט, וואָס זי איז נישטאָ, ווײַל שטענדיק האָט זי אים אַנטקעגנגעטראָגן דעם „גוט שבת״. האָב איך אים געענטפערט, אַז ס׳איז שוין מער ווי אַ שעה, ווי זי איז אַרויס מיט אַ פּעקל אונטערן אָרעם. האָט ער זיך שטאַרק געחידושט, ווײַל זי פלעגט שבת אינדערפרי קיינמאָל נישט אַוועקגיין פון שטוב. האָב איך אים געזאָגט, אַז איך וועל אַריינגיין צו איר אין צימער, אפשר איז זי שוין צוריקגעקומען. בין איך

אַריין צו איר אין צימער און געזען, אַז זי איז נישטאָ, דאָס בעט איז פאַרבעט און אויפן טישל איז געלעגן אַן אָנגעשריבן בייגעלע פּאַפּיר. כ׳בין טאַקיש אַ נאַר, זאָגט מען, אָבער אַ נאַר האָט אויך אַ האַרץ. אוי, האָט מיר געגעבן אַ קלאַפּ אין האַרץ, אַזוי ווי מיט אַ האַמער. אָבער אַזוי ווי איך קען נישט לייענען, האָב איך גלייך אַ כאַפּ געטון דאָס בייגעלע פּאַפּיר און איך בין גלייך געלאָפן צו אים און עס אים דערלאַנגט. און ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן לייענען, איז ער אַ ווייל געבליבן פאַרשטאַרט. דערנאָך האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול, זיך צעוויינט ווי אַ קינד. ער האָט אַזוי געוויינט אַ גוטע האַלבע שעה און דערנאָך האָט ער גענומען רעדן ווי צו זיך אַליין: „וואָלט נישט געווען שבת, וואָלט איך באַדאַרפט רייסן קריעה... אָבער פאַר וואָס רייסן קריעה? זי האָט זיך דאָך נישט געשמדט, נישט געשמדט, האַ? ס׳איז נאָך ערגער ווי שמד! מיין טאָכטער איז געוואָרן אַ זונה. נאָך ערגער פון אַ זונה. ווייל אַ זונה טוט עס צוליב קמח און זי... גלאַט אַזוי! אַז נישט געדאַכט זאָלן מיינע שונאים ווערן. כדאי געווען... נישטאָ וואָס צו רעדן... כדאי געווען אַזוי פיל אָנמוטשען זיך צוליב איר... וואָלט זי שוין בעסער צוזאַמען מיט איר מאַמע... אוי, רבונו־של־עולם, זיי מיר מוחל... ווייל ווער בין איך דיר צו זאָגן דעות וואָס צו טון... דו ביזט גערעכט און דיין משפּט איז גערעכט... אוי, אדם יסודו מעפר — וסופו לעפר... אַזוי האָט ער אַלץ גערעדט צו זיך און האָט גענומען אַרומגיין ווי אַ צעדרייטער. געהאַלטן אין איין שעפּטשען לשון־קודש פּסוקים און גאָר־נישט געוואָלט עסן. כ׳האָב געמיינט, אַז ער וועט איינפאַלן. אַפילו דאַווענען איז ער נישט געגאַנגען. ער האָט געדאַוונט אַליין אין שטוב. איך האָב אים גע־פרעגט פאַרוואָס ער גייט נישט דאַווענען האָט ער געענטפערט:

— כ׳טאָר נישט אַריבערטרעטן די שוועל פון אַ מקום קדוש. כ׳בין נישט ראוי צו דעם. וועגן גיין שעכטן אָדער מלה־זיין איז דאָך שוין אָפּגערעדט. ער האָט אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון.

— ווי אַזוי מעג איך טון אַזאַ הייליקע מלאכה? — האָט ער געזאָגט — אַז איך האָב אויסגעהאָדעוועט אַזאַ טאָכטער?

זי איז אַ ווייל שטיל געוואָרן, אויסגעווישט די פאַרוויינטע אויגן און אַ קלינגענדיקן שנייץ געטון די נאָז און ווייטער דערציילט:

— אוי, ווען חיהקע איז דאָס ערשטע מאָל דאָ געקומען רעדן מיט איר טאַטן, האָט איר געדאַרפט זען, ווי ער האָט זיך אויף איר צעבייזערט! כ׳האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אַזאַ כעס. ווייל איר ווייסט דאָך, ער איז — טשעפּע מיך ניט — טשעפּע איך דיך נישט. בפרט אויף זיין בת־יחידקהלע האָט ער דאָך קיינמאָל קיין הויך וואָרט נישט געזאָגט. ס׳איז טאַקע אויך נישט

געוועזן פאַרוואָס. אַ טייער קינד... און דאָ האָט ער זיך אַזוי צעשריגן אויפן קול:

— אַרויס פון דאַנען, דו חצופה איינע!

ער האָט זיך דעמאָלט פאַרהוסט און גענומען ציטערן מיטן גאַנצן לייב. דערנאָך איז ער דעם גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען ווי משוגע. ער האָט זיך נישט געפונען קיין אָרט. ער האָט געהאַלטן אין איין אַרומגיין און גערעדט צו זיך אַליין זאַכן וואָס כ׳האָב נישט פאַרשטאַנען. ס׳זענען מסתם געווען תורה־ווערטער. אַזוי יעדעס מאָל ווען חיהקע איז געקומען און קיין איין מאָל האָט זי מיט אים נישט געקענט רעדן. זיך איינגעעקשנט און שוין.

זי האָט זיך צורעכט געמאַכט דאָס קאָפּ־טיכל און ווידער גענומען רעדן: איז אַקעגן וואָס האָב איך עס אייך דערציילט? יאָ, אַקעגן דעם וואָס...

זי האָט נישט פאַרענדיקט און גענומען מיט צעשראָקענע אויגן קוקן אויף דער טיר צו וועלכער איך בין געזעסן מיט דער פּלייצע. איך האָב זיך געגעבן אַ הייב אויף, זיך אויסגעדרייט און דערזען מיין שווער.

מיין שטיף־שוויגער האָט געהאַט רעכט. עס איז אים טאַקע געווען שווער צו דערקענען. דער גוף — אויסערגעוויינלעך אויסגעדאַרט. דאָס בערדל — שיטער און שניי־ווייס. די אויגן זענען ווי קלענער געוואָרן, ווייל פאַר דער צייט זענען זיי געוואָרן אויסגעלאָשענער און טיפער.

ביים אַריינגיין האָט ער שטיל אַ זאָג געטון „גוט שבת" און אַוועקגעלייגט דעם טלית־זאַק אויף אַ שטול נאָענט ביי דער טיר. דערזעענדיק מיך האָט ער ווי נישט געשריי געטון: אַ געשריי קול מיט זיין נישט

— וויפיל שבתים האָסטו מיר פאַרשטערט? וואָס ביזטו היינט געקומען? ווילסט מיר פאַרשטערן נאָך איינעם? אַרויס דו פושע ישראל! אַרויס פון דאַ־נען! זיין איינגעשרומפּענער גוף האָט מוראדיק געציטערט. אפילו דאָס ווייסע שיטערע בערדל האָט זיך געטרייסלט און זיינע טיפע כמעט אויסגעלאָשענע אויגן האָבן זיך געצונדן אין פייער פון שנאה.

איך בין געשטאַנען פאַרלוירן און נישט געפונען קיין ווערטער איינצושטילן זיין צאָרן. ערשט אין אַ צייט אַרום האָב איך צוריק געפונען ס׳לשון און זיך אָפּגערופן:

— הערט שווער, איך בין נישט געקומען מיט אייך זיך קריגן, איך בין אייך בלויז געקומען זאָגן, אַז קלאַריטא האַלט ביים געלעגן ווערן.

— אַרויס דו עוכר ישראל! — איך וועל דיך באַלד עוקר מן השורש זיין.

ער האָט נישט פאַרענדיקט זיינע רייד. זיין פּנים איז געוואָרן נאָך בלאַסער און די אויגן האָבן אויף אַ מינוט באַקומען אַ נאַטירלעכן גלאַנץ. ער האָט זיך דערנאָך אָפּגערופן שטאַמלענדיק:

— וואָס האָסטו געזאָגט? חיהקע דאַרף געלעגן ווערן?

איך האָב שוין געמיינט, אַז די ידיעה דאָס ער וועט ווערן אַ זיידע האָט אים ווייכער געמאַכט און ער וועט זיך נעמען בייגן, אָבער איך האָב אַ טעות געהאַט. אין איין מאָמענט האָט ער זיך ווידער געביטן און ער איז געוואָרן ווי אָנגעצונדן; זיינע טיפע אויגן האָבן ווידער גענומען שפּייען מיט פייער. זיין פּנים האָט באַקומען נאָכאַמאָל אַן אַנדער אויסזען און ער האָט ווידער גענומען ציטערן און שרייען

— זי איז נישט מיין טאָכטער! זי איז אַ זונה! אַ זונהס אַ קינד וועט נישט זיין מיין אייניקל... אַרויס פון דאנען! אַרויס!

## 30

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך האָב קלאַריטאַן נישט אַלץ דערציילט איבערהויפּט האָב איך פֿאַרשוויגן זײַנע אויסדרוקן אויף איר חשבון. איך האָב איר בלויז דערציילט, אַז איך בין אַריין אין 'שטוב ווען ער איז נישט געווען און ווען ער איז אָנגעקומען האָט ער זיך צעשריגן אויף מיר און מיך אַרויסגעטריבן. זי האָט מיך רויִק אויסגעהערט און געפרעגט:

— און דו האָסט אים נישט דערציילט וועגן...

— יאָ, קלאַריטאַ, איך האָב אים דערציילט. אָבער ער וויל פון גאָרנישט וויסן. זי האָט מיך מער גאָרנישט געפרעגט, נאָר זי האָט זיך אויפגעהויבן, אַוועק אין אַ ווינקל און זיך צעוויינט.

ווער ווייס ווי לאַנג זי וואָלט אַזוי געוויינט, ווען נישט פּעפּאַ וואָס איז אַריינגעקומען כדי ווי געווײנלעך צו כאַפּן אַ שמועס ביז האָראַסיאָ וועט קומען פון דער אַרבעט. זעענדיק זי וויינען האָט זי מיך אויף שטום־לשון געפרעגט: „פאַרוואָס?" איך האָב אַ מאַך געטון מיט די הענט ווי איך וואָלט געזאָגט:

— ווייס איך וואָס. זי וועט זיך אויסוויינען וועט איר ווערן בעסער.

אָבער פּעפּאַ איז נישט געווען פון די פרויען וואָס בלייבן צופרידן מיט אַזאַ ענטפער. זי האָט ליב געהאַט צו וויסן אַלץ אַקוראַט און גענוי. און זעענדיק אַז פון מיר וועט זי זיך גאָרנישט דערוויסן, האָט זי זיך גענומען צו קלאַרי־טאַן. קלאַריטאַ אָבער האָט זיך טאַקע באַרויִקט, אָבער דערציילן פּעפּאַן וואָס עס האָט געטראָפן האָט זי נישט געוואָלט. דעמאָלט האָט זיך פּעפּאַ צעשריגן אויפן קול:

— וואָס פאַראַ סודות, צו אַלע טייוול, האָט איר? ביי חברים טאָרן קיין סודות נישט זיין.

זעענדיק, אַז איך וועל שוין פון איר נישט פּטור ווערן, האָב איך איר בקיצור דערציילט וועגן ברוגז פון קלאַריטאַס טאַטע און אויך וועגן דעם וואָס עס האָט היינט געטראָפן.

זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. איר קאָפּ האָט פּשוט נישט געקענט פאַר־שטיין פאַרוואָס מיין שוועד האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט. זי האָט עס טאַקע גאַנץ אָפנהאַרציק געזאָגט:

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז איך פאַרשטיי נישט איר אַלטן. אַז איר האָט אַרויסגענומען אַ ביכל איז ווייניק? און אַז איך לעב מיטן „גרינגאָ״ אינגאנצן אָן אַ ביכל, האָבן מיר זיך נישט ליב? ווי קען מען עס זיין אַזוי? זי איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן און דערנאָך צוגעגעבן:

— ווייסט גאָר וואָס? גיב מיר זיין אַדרעס, וועל איך צוגיין. איך וועל דעם אַלטן אַזוי צעוואָרעמען, אַז ער וועט מיר שוין נאָכלויפן ביז אַהער.

איך האָב איר דעם אַדרעס נישט געגעבן, זאָגנדיק, אַז איר גיין צו קלאַריטאַס טאַטן איז פאַרלוירענע צייט. האָט זי מיך געפאָלגט און יענעם טאָג איז זי שוין צו מיין שוועד נישט געגאַנגען. אָבער זי האָט עס יאָ געטון מיט איבער אַ חודש שפּעטער, ווען ביי אונדז האָט שוין קנאַפּע דריי וואָכן זיך געהערט דאָס קינדערשע וויינען פון מיין זונעלע. יאָ, אין דער צייט איז מיין זון געבוירן געוואָרן און מיר האָבן אים אַ נאָמען געגעבן ראול.

און געגאַנגען איז זי, ווייל קלאַריטאַ האָט איר געבעטן און קלאַריטאַ האָט איר אויך געגעבן דעם אַדרעס.

דערווייל האָט דאָס קינד, ווי געזאָגט, אָנגעפילט דעם אַרום מיט געוויין און פרייד. יעדעס מינעלע זיינס האָבן מיר אַלע אויפגעכאַפּט און זיך געפרייט. פּעפּאַ און האָראַסיאָ — איבערהויפּט זי — האָבן זיך מיט מיין קינד געפרייט נישט ווינציקער ווי איך און קלאַריטאַ. ווי נאָר מיר האָבן געהאַט אַ פרייע מי־נוט פון אַרבעט און פון זיצונגען, זענען מיר געווען לעבן קינד און ווי נאָר ער האָט אויפגעעפנט די אויגעלעך האָבן מיר אים גלייך אויפגעהויבן און זיך מיט אים געשפּילט.

איינמאָל (דאָס קינד איז שוין אַלט געווען אַ וואָכן זעקס) זענען מיר אַלע געווען אין צימער. דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, אַ שטאַרק הייסער און דושנער. ביי די אָפענע טירן און פענצטער זענען מיר געזעסן אין שטוב און יעדער האָט זיך געטון זיינס: פּעפּאַ האָט געמאַכט אַ מאַטע, קלאַריטאַ האָט פאַרצירעוועט זאָקן, האָראַסיאָ האָט געהאַלטן ראולן און איך — אַרויסגעעענדיקט די אַרבעט, וואָס איך האָב באַדאַרפט אויפן צווייטן טאָג איבערגעבן אין קלייט. מיר האָבן שטיל און געמיטלעך געשמועסט און אונדזער שטילער שמועס איז פון צייט צו צייט אויפגעריסן געוואָרן דורך אַ געלעכטער וועלכן ס׳האָט אַרויסגערופן פּעפּאַס א געפעפערטער וויץ.

אָבער פּלוצים האָב איך דערהערט ווי פּעפּאַ רופט:

— פּאַסע, אַבועלאָ, פּאַסע 1)

איך האָב געווענדט מיינע בליקן צו דער טיר און דערזען מיין שוועסטער וואָס איז געשטאַנען און נישט געוואַגט אַריינצוגיין. זאָגן, אַז דאָס זען אים אין טיר האָט מיך נישט איבערגעראַשט, וואָלט נישט געווען ריכטיק. נישט וויסנדיק אַז פּעפּאַ איז אים געגאַנגען אָנזאָגן וועגן ראולס געבורט האָב איך געמיינט, אַז ער איז אַליין געקומען זיך דערוויסן וועגן מעמד פון זיין טאָכטער. איך בין פון דעם געווען צופרידן און איך האָב געקלערט, אַז איצט וועט ער זיך ענדלעך איבערבעטן מיט קלאַריטאַן.

— קומט אַריין, שוועער — האָב איך זיך אָפּגערופן — וואָס שטייט איר ביי דער טיר.

קלאַריטאַ האָט גלייכצייטיק אויסגעשריגן:

— טאַטע! — און זי איז צו אים צוגעלאָפן און אַרומנעמענדיק אים האָט זי אים געגעבן אַ קוש. ער האָט זיך נישט געווערט, אָבער ער האָט איר גאָר־נישט געענטפערט. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין זיין שטעקן און שטאַר געקוקט אין צימער אַריין.

— ווו איז דאָס קינד? — האָט ער געפרעגט ווען ער האָט זיך באַפרייט פון קלאַריטאַן.

האָראַסיאָ, וועלכער האָט דעם אלטן געזען צום ערשטן מאָל, האָט זיך אָפּגערופן:

— קומט אַריין, זיידע, אָט איז דאָס אייניקל. אַ טייערער בחורעץ.

ער האָט אָבער נישט געוואָלט איבערטרעטן די שוועל פון אונדזער צימער און איז פאַרעקשנט געבליבן שטיין ביי דער טיר. עס האָט זיך געשאַפן אַ געדריקטע שטימונג און מיר זענען אלע געבליבן אָן ווערטער. לסוף האָט אים האָראַסיאָ צוגעטראָגן ראולן און מיין שוועער האָט דאָס ערשטע אַ קוק געטון צי ער איז געמלהט. ווען ער האָט געזען אַז נישט, האָט ער אַ געשריי געטון מיט אַ טרערנדיק קויל.

— אוי, רבונו של עולם, פאַרוואָס שטראָפסטו מיך אַזויפיל? גלייך נאָך דעם האָט ער אַ ריס געטון פון זיין באָרד אַ זשמעניע האָר, וועלכע ער האָט אַ וואָרף געטון צו קלאַריטאַן מיט אַ געשריי:

— נאַ דיר חצופה, נאַ. דאָס איז פאַרן ממזר.

און איידער מיר האָבן באַוויזן צו קומען צו זיך איז ער פאַרשווונדן.

1) קומט אַריין, זיידע.

עס זענען אַריבער חדשים פון יענעם טאָג אָן און קלאַריטא האָט זיך נישט געקענט באַרויִקן. זי האָט זייער פיל געליטן, ווייניק געגעסן און א סך גע־ווײנט. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס אַלץ האָט זיך אָפּגערופן אויף איר געזונט. קיין גיבורטע איז זי קיינמאָל נישט געווען און איצט, אַז זי האָט אַ סך געליטן און ווייניק געגעסן און צו דעם האָט זי נאָך געדאַרפט געבן זויגן דאָס קינד, האָט דאָס אַלץ אויף איר זייער שלעכט געווירקט. זי האָט פאַרלוירן די מילך און אויך גענומען קרענקען.

אַחוץ דעם איז אין מיין פּאַרטייִשער טעטיקייט פאָרגעקומען אַן ענדע־רונג: איך בין אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אויף דער „אלגעמיינער" גאַס ד"ה, אויף דער קריסטלעכער, כאָטש איך האָב גערעדט שפּאַניש מיט אַ ייִדישן אַקצענט.

מיט דער ענדערונג אין מיין טעטיקייט איז אויך פאָרגעקומען אַן ענדע־רונג אין מיין לעבן. קלאַריטא האָט, פון אָנהויב פארשטעלט און דערנאָך אַלץ אָפּענער, מיר גענומען אַריינזאָגן, אַז איך פאַרביטער איר דאָס לעבן, אַז צוליב מיין עקשנות איז געקומען צום ברוגז מיטן טאַטן. מען האָט געקענט שטעלן אַ חופּה, האָט זי געטענהט, אַז די פּאַרטיי־חברים זאָלן נישט וויסן. איצט אָבער וועט זי שטאַרבן פאַר דער צייט צוליב מיין עקשנות און פאַנאַטיזם.

איך ווידער האָב געוווּסט, אַז דאָס רעדן ביי איר די נערוון. פונדעסט־וועגן האָב איך נישט געוואָלט טאָלערירן אירע רייד און האָב זיך איינמאָל צעשריען אויף איר און אַוועק פון שטוב. און עס האָט זיך פונקט געמאַכט, אַז יענעם אָוונט איז די פּאָליציי באַפאַלן די שטוב ווו מיר האָבן געהאַט א זיצונג (דערנאָך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר) און אונדז אַלעמען אַרעסטירט. ביי מיר איז דאָס געווען צום ערשטן מאָל און ווען די פּאָליציי האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט פון אַרויס־

צי̇ען ווערטער, האָב איך געמיינט, אַז איך וועל נישט אויסהאַלטן, אַזוי שטאַרק האָט מען געפּייניקט. אָבער זיי האָבן ביי מיר גאָרנישט אַרויסגעקריגן.

ווען איך בין נאָך דריי וואָכן געקומען צוריק אַהיים, האָב איך זיך דער־ווּוסט, אַז קלאַריטא האָט אַרויסגעעענדיקט די אַרבעט און זי אַוועקגעפירט אין קלייט אַריין און זי האָט אויך געבראַכט אנדערע אַרבעט. זי האָט זיך דערוווּסט פון האַראַסיאַן, אַז איך בין אַריינגעפאַלן און זי האָט זיך נישט פאַרלוירן. פון דעמאָלט אָן בין איך שוין געווען אַן אָפטער גאַסט אין וויזשאַ דעוואָטער טורמע אָדער אין דער „ספּעציעלער" סעקציע. און ביי איינעם פון די וויזיטן האָב איך אָפּגעשפּאָרט מיין איינגעהויקערטע פּלייצע.

דערוויל איז ראַוּליטאָ געוואַקסן און אָנגעפּילט מיט פרייד — די איינציקע וואָס מיר האָבן געהאַט — אונדזער שטוב. ער האָט מיט זיינע שטיפעריי̇ען און קינדערשע איינפאַלן אַרויסגערופן פריידיקן געלעכטער ביי אונדז אַלעמען. אפילו קלאַריטא האָט פיל מאָל האַרציק געלאַכט פון זיינע פלאַפּלעריי̇ען. וואָס שייך מיר, בין איך פּשוט משוגע געווען פון פרייד... מיין צוגעבונדנקייט צום קינד האָט מיך אָפילו פיל מאָל געבראַכט צו דיסקוסיעס מיט חברים, ווייל פיל מאָל זענען ביי מיר אין צימער פאָרגעקומען זיצונגען און ראַוּליטאָ איז ווי שטענדיק געווען ביי מיר אויף די הענט. האָבן מיר חברים פאָרגעוואָרפן פאַרוואָס איך לאָז אים אָנוועזנד זיין אויף אונדזערע זיצונגען.

ווי איז מען דאָס אַזוי אומפאָרזיכטיק? — האָבן זיי געטענהט — אַ קינד ווייסט נישט פון קיין חכמות. מען ווייסט אים פרעגן וועט ער דערציילן וואָס ער הערט און זעט.

איך האָב זיי אויף די טענות געענטפערט אַזוי:

— איך בין איבערצייגט, אז איך טו גוט, ווייל איך וויל אַז מיין קינד זאָל פון קליינוויז אָן איינזאַפּן אין זיך אונדזער גייסט, אַזוי אַז ווען ער וועט ווערן גרויס וועט ער מיט שטאָלץ קענען זאָגן, אַז ער איז אַ קאָמוניסט פון קינדוויז אָן.

און נאָך מער האָב איך זיך מיט אים אָפּגעגעבן, ווען ער האָט צו די זיבן יאָר געגומען גיין אין דער לאַנד־שולע. פאַרשטייענדיק, אז „אויב די שטוב העלפט נישט, קען די שול ווייניק אויפטון" האָב איך מיט מיין גאַנצן ענטו־זיאַזם און עקשנות גענומען זיך אָפּגעבן מיט אים. ביים צוריקקומען פון שול האָט ער דאָס ערשטע געמוזט מאַכן די לעקציעס און ערשט דערנאָך האָט ער געמעגט גיין זיך שפּילן וויפל נאָר ער האָט געוואָלט. ער האָט נישט גע־פּרווּוט זיך קעגנשטעלן, כאָטש די אַנדערע קינדער פונעם הויף האָבן געמאַכט די לעקציעס ווען זיי האָבן געוואָלט.

דערנאָך האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט, צוזאַמען מיט דער יידישער

סעקציע, זיך אַרומגעזען,אַז מען דאַרף אויף דער ייִדישער גאַס נאָך כּוחות. און מען האָט אַ גרעסערע צאָל חברים — און צווישן זיי אויך מיך — „אַרײַ־בערגעוואָרפן" אויף דער ייִדישער גאַס.

אונדזער ערשטע אויפגאַבע איז געווען שאַפן שולן!

דער ציל איז געווען אַ קלאָרער און אויך אַ פּשוטער — דורך אַ גרעסע־רער נעץ פון שולן וועלן מיר קענען אויך צוציִען אַ געוויסע צאָל עלטערן, אָדער סתם משפּחה־מיטגלידער פון די שילער, וועלכע זענען נאָך נישט פאַרכאַפּט פון דעם ציוניזם,אָדער וואָס ביי זיי איז ציוניזם אַ ביי־זאַך. פאַר־שטייט זיך ,אַז אין דער שול וואָס מיר האָבן געגרינדעט אין אונדזער געגנט, איז ראַול געווען דער ערשטער שילער.

פון אָנהויב, ווען איך האָב אים געזאָגט,אַז מיר גייען גרינדן א ייִדישע שול (די זיצונג, ווען מען האָט אָנגענומען דעם באַשלוס, איז פאָרגעקומען ביי אונדז אין צימער) האָט ער מיך אָנגעקוקט ווי אַ האָן אין בני־אָדם, ווייל ער האָט פריִער גאָרנישט געוווסט וועגן דעם, אַז ער איז אַ ייִד, אָבער אַז איך האָב אים אַלץ געגעבן צו דערקלערן, האָט ער נישט נאָר גאָרנישט געזאָגט אנט־קעגן, אָדער געפּרוווט אַרויסווייזן אַ שלעכטע מינע, נאָר פּונקט פאַרקערט, אַ צופרידענער האָט ער גענומען גיין אַהין.

אין דער ייִדישער שול האָט ער זיך געלערנט זייער גוט. ער האָט די שול ממש ליב באַקומען און ער האָט ארויסגעוויזן זייער אַ סך גוטן ווילן ביים אויסלערנען זיך וואָס ער האָט פריִער נישט געקענט. פאָלגנדיק מיין עצה האָט ער זיך גענומען צו פּראַקטיצירן, פיל מאָל אַליין און פיל מאָל צוזאַמען מיט מיר. כּמעט יעדן טאָג האָט ער געלייענט אונדזער ייִדישע, נישט אָפיציעלע צייטונג און אויך פאַרטיי־ליטעראַטור. און כּדי זיך אויסצולעבן מער אין אַ ייִדישער סביבה, האָב איך אים מיטגענומען אין אַ קולטור־הויז, וואָס אונדזערע חברים האָבן געגרינדעט און אין וועלכן זיי האָבן געשאַפן „קע־מערלעך" (ווייל דאָס קולטור־הויז איז אָפיציעל נישט געווען קיין פאַרטייאישס) סיי פאַר דערוואַקסענע און סיי פאַר יוגנטלעכע דורך וועלכע מיר האָבן פאַקטיש אָנגעפירט און אויסגעפירט די גאַנצע אַרבעט.

אין דעם קולטור־הויז האָט ער זייער גיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז דעם טאַטנס אַ זון. — ס'איז טאַקע אמת, אַז ער האָט אויך פאַרמאָגט דער מאַמעס ווייכקייט, שוואַכקייט, נאָכגיביקייט — אָבער ער האָט אויך פאַרמאָגט מיין פאַראַנטוואָרטלעכקייט ביי געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. דאָס האָט געמאַכט, אַז מען זאָל אים אָנפאַרטרויען זייער פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט, וואָס ער האָט אגב בשלימות אויסגעפירט.

עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך בין געווען פון דעם זייער און זייער

צופרידן. איך בין פשוט שטאָלץ געווען מיט אים. און שטאָלץ בין איך געווען מיט אים דערפֿאַר, וואָס איך האָב געזען אַז ער גייט אין מיינע וועגן, און אַז מיין חלום איז צו זען ווי אַן אַרבעטער־פּירער הייבט אָן פֿאַרווירקלעכט צו ווערן.

אָבער אַזוי ווי עס איז נישטאָ קיין שלעכטס, וואָס זאָל דויערן אייביק, אַזוי איז אויך נישטאָ קיין גליק, וואָס זאָל אָנהאַלטן תמיד.

דאָס איז געווען אַ קורצע צייט נאָך דעם באַקאַנטן אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. אַן אָפּמאַך וואָס ווייניק האָבן אָפּגעשאַצט זייער ריכטיקן ווערט און באַדייטונג. אמת איז, אַז אויך מיר, פּאַרטייער, זענען פֿון אים אי־בערגעראַשט געוואָרן און דאָך האָבן מיר ווי גוטע פּארטיי־לייט פֿאַרטיידיקט מיט אַלע מעגלעכע אַרגומענטן, כדי צו פֿאַרווישן דעם שלעכטן איינדרוק, וואָס ער האָט געמאַכט אויף די שוואַכלינגען און פֿאַרעוועלייט. די קעגנער פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד האָבן אָבער אָנגעווענדט די גאַנצע שווערע אַרטילעריע קעגן דעם אָפּמאַך, אויסנוצנדיק דעם פֿאַקט וואָס דער נאַציזם האָט זיך פֿאַרנומען אומצוברענגען דאָס יידישע פֿאָלק. דער יידישער נאַציאָנאַליזם, די ציוניסטישע באַוועגונג האָט פֿון דעם געשלאָגן קאַפּיטאַל און עס איז אים טאַקע געלונגען צו פֿאַנגען אַ סך נשמות און צווישן זיי אויך ראַולן.

איך האָב פּלוצים געמערקט באַמערקן, אַז אין קעגנזאַץ צו זיין שטענדיקער פֿריילעכקייט און רירעוודיקייט גייט ער אַרום אַ פֿאַרטראַכטער, ער מיידט אויס מיט מיר צו רעדן און פֿרעגט מיך כמעט גאָרנישט. האָב איך געדולדיק געוואַרט, אַז ער זאָל אָנהייבן מיט מיר צו רעדן, ווייל די גאַנצע צייט האָבן מיר זיך נישט פֿאַרהאַלטן ווי טאַטע און זון, נאָר ווי חברים!

איך בין זיך מודה אַז פֿון אָנהייב האָב איך געמיינט עפּעס גאָר, גאָר אַנ־דערש — איך ווייס? אַ יונגער יאָט גייט אין ערגעץ אַרויס... מאַלע וואָס עס קען זיך אמאָל מאַכן... ווייל מיר האָט גאָרנישט געקענט איינפֿאַלן עפּעס אַנ־דערש. מיר האָט גאָרנישט געקענט קומען אויפֿן רעיון, אַז דער וואָרעם פֿון צווייפֿל האָט זיך אַריינגעכאַפּט אין זיין הארץ. האָב איך טאַקע איין מאָל, נישט קענענדיק זיך דערוואַרטן, אַז ער אַליין זאָל מיר דערציילן, אים גע־פֿרעגט פֿאַרוואָס ער גייט אַרום אַזוי טרויעריק און פֿאַרטראַכט. טאָמער עפּעס — האָב איך אים געזאָגט — דאַרפֿסטו זיך נישט שעמען. ער האָט זיך צעלאַכט און ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געמאַכט א טעות. פֿאַרשטייט זיך אַז איך בין דערפֿון געווען צופֿרידן. אָבער עס האָט מיך פֿאָרט געפּייניקט די נייגעריקייט צו דערגיין וואָס מיט אים געשעט. האָב איך אים טאַקע נישט אָפּגעלאָזט און אָן דריידלעך אים געפֿרעגט די סיבה פֿון זיין אַרומגיין ווי אויפֿן עולם התוהו. און שטעלט זיך פֿאָר מיין איבעררראַשונג, ווען ער האָט זיך פֿאַר מיר גאַנץ אָפֿנהאַרציק מודה געווען, וואָס אים דריקט אויפֿן האַרץ.

ער האָט זיך פאַר מיר מודה געווען, אַז ער קען נישט פאַרשטיין ווי אַזוי קענען מיר, ווי ייִדן, פאַרטיידיקן דעם פאַקט מיט דייטשלאַנד אין דער צייט, וואָס איר רעגירונג וויל אומברענגען דאָס ייִדישע פאָלק.

למען האמת מוז איך צוגעבן, אַז עס האָט מיר געקאָסט אַ סך מי זיך צו באַהערשן, כדי אים נישט צו געבן די גאָב, וואָס איך וואָלט אים ביי אַנ־דערע באַדינגונגען אפשר יאָ געגעבן. אָבער איך האָב זיך באַהערשט און אין אַ לענגערן שמועס האָב איך אים געגעבן צו דערקלערן דעם באַדייט פון דעם פאַקט, די מאָטיוון וואָס האָבן געבראַכט צו דעם און פאַרוואָס עס איז מעגלעך געוואָרן אָט די דאָזיקע פאַרשטענדיקונג צווישן רוסלאַנד און דייטש־לאַנד.

ער האָט מיך אויסגעהערט אַ רויִקער און צופרידענער און איך האָב געזען אין זיינע אויגן, אַז מיינע ווערטער זענען אַריין צו אים גלייך אין האַרץ און במילא האָבן זיי אים איבערצייגט. פונדעסטוועגן האָב איך אויס פאָרזיכ־טיקייט פאַר אַ נייעם אָפּנויג אים גענומען באַקוקן אַ געוויסע צייט, ביז איך האָב מיך איבערצייגט, אַז עס איז שוין מער נישט נייטיק אים צו היטן. אָבער מיטן אויפהערן אים היטן בין איך ווידער באַגאַנגען אַ פעלער, כאָטש צוריק־געשמועסט, וואָלט מיין היטן אים סיי ווי גאָרנישט געהאָלפן. ווייל דאָרט ווו אין שפּיל קומט אַריין אַ קליידל, קען דער קליגסטער טאַטע גאָרנישט אויפ־טון. יאָ, ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיידל פון „דרור" און ער האָט פאַר־לוירן דעם קאָפּ.

וואָלט ער געהאַט מיין כאַראַקטער, וואָלט ער — פּונקט ווי איך האָב אַריבערגענומען קלאַריטאַן אויף מיין זייט — אויך זי אַריבערגעצויגן צו זיך. האָט ער דאָך אָבער געהאַט אין זיין כאַראַקטער דער מאַמעס ווייכקייט און אחוץ דעם איז ער נאָך געווען יונג און נישט דערפאַרן, האָט דאָס מיידל אים אַזוי פאַרדרייט דעם קאָפּ, אַז ער האָט גענומען האסן זיינע פריערדיקע אי־בערצייגונגען און איבערהויפּט מיך.

פאַרשטייט זיך, אַז וועגן מיידל האָב איך זיך דערוווּסט,ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט עפּעס צו טון, כדי אים אַרויסצורייסן פון איר. וואָלט איך זיך געכאַפּט גלייך ביים אָנהייב וואָלט איך אים אפשר געקענט געבן אַן איינ־שפּריצונג. איך וואָלט אים נאָכאַמאָל איבערצייגט, אַז ער בלאָנדזשעט און אים ווידער אַרויפגעפירט אויפן ריכטיקן וועג. אָבער מיין צוטרוי צו אים און מיין טאַקטיק פון אָפּוואַרטן, האָבן געגעבן פאַרקערטע רעזולטאַטן און דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז עס זאָל צעשטערט ווערן אונדזער היים און איך זאָלביידן — קלאַריטאַן מיט ראַוּלן — פאַרלירן.

איך האָב אָבער פון אָנהייב נישט רעאַגירט. איך האָב געזען אַז ראַוּל איז

נישט דער זעלבער, אַז ער גייט אַרום אַ מרה שחורהדיקער און אין שטוב איז ער זייער ווייניק און אַז ער קומט שוין יאָ, מיידט ער אויס מיט מיר צו רעדן. איך האָב דאָס אַלץ געזען, אָבער איך האָב זיך פּאָרט נישט באַשלאָסן מיט אים צו האַנדלען ענערגיש, ווי אַ פּאַרטייער דאַרף האַנדלען. איין מאָל, נישט קענענדיק זיך מער באַהערשן, האָב איך מיט געוויסער אַנזיכטיקייט געפרעגט, וואָס עס איז מיט אים פּלוצים געשען. האָט ער באַגיסנדיק זיך מיט אַ רויט־קייט, שטיל געענטפערט:

— איך האָב נישט קיין צייט. צוגעבנדיק: — דו ווייסט דאָך, אַז איך אַרבעט און לערן זיך (אין די אָוונטן איז ער געגאַנגען אין דער האַנדלס־שול).

איך האָב געוווסט אַז דאָס איז אַ פּוילער תירוץ, אַז די סיבה איז געוויס אַן אַנדערע. זיין נישט אויפריכטיקייט מיט מיר האָט מיך פֿאַרדראָסן און אויפֿגערעגט. פונדעסטוועגן האָב איך זיך באַהערשט און אים איראָניש אַ פרעג געטון:

— און פאַרוואָס האָסטו ביז מיט אַ קורצער צייט צוריק געהאַט צייט?

איך האָב באַמערקט, אַז מיין פראַגע האָט אים אביסל צעטומלט און ער האָט מיר גלייך קיין ענטפער נישט געגעבן, נאָר נאָכן ענדיקן צורעכט מאַכן זיינע זאַכן, האָט ער ווי אַרויסגעבעבעט:

— ווייל... ווייל... נו, ווייל, אַז מען איז קלענער קלערט מען אַנדערש.

— וואָס ווילסטו מיט דעם זאָגן? — האָב איך שטרענג אַ פרעג געטון, איינהאַלטנדיק זיך נישט ארויסצושפּרינגען מיט מיינע נערוון.

— איך וויל זאָגן — האָט ער שוין געענטפערט אביסל אַ באַהערשטער, אויסמיידנדיק מיינע בליקן — אַז ווען מען ווערט עלטער הייבט מען אָן צו טראַכטן וועגן זאַכן וועגן וועלכע מען האָט פריער נישט געטראַכט.

אָפּגעזאָגט איז ער גלייך אַוועק.

אָט דער קורצער שמועס האָט מיך איבערצייגט, אַז איך האָב אים פאַר־לוירן. און שטייענדיק אַזוי מיט די בליקן געווענדט צו דער טיר, דורך וועלכער ראַוּל איז נאָר וואָס אַרויס, האָב איך אויפן אָרט זיך געמאַכט אַ חשבון הנפש און איך האָב צו זיך אַליין געזאָגט:

— איי, יאָסל, יאָסל, ביסטו אַ גרויסער נאַר. דו האָסט זיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן חכם און צום סוף ביסטו אַ גרויסער טיפּש. האָסט אים פון קליינוויז אָן געוואָלט אַריינהאַמערן דיין אידייע אין זיין קאָפּ אריין און דו, מיט דיין אינגאַנצן מ'שטיינס געזאָגטן שכל, האָסט נישט פאַרשטאַנען, אַז ווי נאָר ער וועט אָנטון לאַנגע הויזן וועט אים די גאַס אוועקרייסן פון דיר. האָסט געהאָלפן בויען שולן און ביבליאָטעקן, כדי צו דערציִען קינדער און יוגנטלעכע און דיין

אייגן קינד האָסטו געלאָזט גיין אַליין זיין אייגענעם וועג. האָסט געלאָזט, אַז מען זאָל אים פון דיר אַוועקנעמען.

איך האָב אויפגעהערט זיך אויסצוטענהן מיט זיך אליין ווייל קלאַריטא איז אַריינגעקומען. אָבער איך האָב זיך פאַרטיפט אין מיינע מחשבות און א דערדריקטער בין איך שוין דעם אָוונט אין ערגעץ נישט געגאַנגען, כאָטש איך האָב, ווי כמעט אלע אָוונטן, געהאַט אַ זיצונג. כ׳האָב זיך באלד געלייגט שלאָפן. עס רעדט זיך אַזוי: שלאָפן! איך האָב זיך איבערגעדעקט איבערן קאָפּ און מיט צוגעמאַכטע אויגן האָב איך דאָך נישט געקענט איינשלאָפן ביז פאַרטאָג, קלערנדיק אַלץ וועגן מיין גרויסן דורכפאַל וואָס הייסט: ראַול.

## 32

וואָס אַ טאָג זענען אונדזערע באַציִונגען געוואָרן אַלץ מער אָנגעצויגן און מיר האָבן זייער אָפט דיסקוטירט. איבערהויפּט האָבן מיר אַ סך דיסקוטירט ווען איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער איז טעטיק אין אַ ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

עס איז טאַקע אמת, אַז ער האָט אויסגעמיטן צו דיסקוטירן מיט מיר, אָבער איך האָב דווקא יאָ געזוכט געלעגנהייטן מיט אים צו דיסקוטירן און געזוכט האָב איך זיי נישט דערפֿאַר ווייל איך האָב געהאַט אַ וועלכע עס איז האָפֿענונג אים ווידער צו איבערצייגן, ניין, איך האָב געזוכט מיט אים צו דיסקוטירן בלויז כדי אים אַריינצוזאָגן און וויי צו טון.

ער האָט געזוכט אויסצומיידן מיט מיר דיסקוסיעס ווי איך האָב מיר פֿאָרגעשטעלט, צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייל ער איז נישט געווען גענוג רייף כדי קענען מיר צו אַרגומענטירן און צווייטנס, האָט ער נישט געוואָלט ווי טון דער מאַמען, ווייל ער האָט געוווּסט, אַז זי ליידט פֿון אונדזערע דיס־קוסיעס. און וואָס מער ער האָט געזוכט זיי אויסצומיידן, אַלץ מער האָב איך זיי געזוכט און פֿיל מאָל — געפֿונען. איך האָב באַקומען אין באַליידיקן אים און זיינע נייע אידייען אַ מאָדנע סאַטיספֿאַקציע. דווקא ווייל אים האָט דאָס וויי געטון האָב איך עס געטון מיט ביייסיקייט, ביז די דיסקוסיעס האָבן פֿון זיך אַליין אויפֿגעהערט מיט ראַוּלס אַוועקגיין אין מיליטער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די צוויי יאָר וואָס ער איז געווען אין מיליטער, האָב איך זיך אָפּגערוט. אָבער מיין ווייטיק איז נישט געשטילט געוואָרן. זיינע אָפּטע בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו זיין מאַמען, און אין וועלכע ער האָט פֿיל מאָל פֿאַרגעסן צו צושרייבן אַ גרוס פֿאַר מיר, האָבן מיך גענוג געקרענקט. עס האָבן מיך אויך פֿאַרדראָסן קלאַריטאַס טרערן וואָס זי האָט פֿאַרגאָסן, סיי ווען זי האָט באַקומען פֿון אים אַ בריוו און סיי ווען אַ בריוו האָט זיך אויף עטלעכע טעג פֿאַרשפּעטיקט. דאָס האָט מיך שטאַרק דענערווירט און איין מאָל

האָב איך זיך אויף איר אַפילו צעשריגן פאַר דעם וואָס זי באַוויינט אַזוי איר זונדל.

דערווייל איז אין יידישן לעבן פאָרגעקומען ממש אַ רעוואָלוציע. פּאַלעס־טינע איז צעטיילט געוואָרן און עס האָט זיך געשאַפן אַ יידישע מדינה. מיר, פּאַרטייער, וואָס זענען תמיד געווען קעגן פּאַלעסטינע ווי אַ יידישע היים, זענען פּלוצים געשטעלט געוואָרן פאַר אַ נייער לאגע, וואָרום די פּאַרטייער פון ראַטנפאַרבאַנד האָבן געשטימט פאַר און געשטיצט די ניי־געשאַפענע יידישע מדינה. במילא איז אויך אין אונדזער אַרבעט אַריינגעקומען אַ געוויסע ענדערונג, וואָס האָט אונדז אויף אַ צייט דערנענטערט מיט די ציוניסטן.

דערווייל איז ראַול צוריקגעקומען פון מיליטער, אָבער אונדזערע באַ־ציִונגען האָבן זיך לגמרי נישט פאַרבעסערט. איך האָב ווידער געזוכט אים אַריינצוזאָגן און ווי צו טון, ביז עס איז געקומען צו אַ טראַגישן צוזאַמענ־שטויס, וואָס האָט געהאַט שרעקלעכע פאָלגן.

געווען איז עס אַזוי: מיר האָבן שטענדיק פּרי געגעסן וועטשערע, ווייל זייער זעלטן האָב איך נישט געהאַט קיין זיצונג און איך האָב פּיינט געהאַט צו קומען אַ פאַרשפּעטיקטער. אין אַ געוויסן פאַרנאַכט, ווען איך האָב געדאַרפט זיין אויף אַ דרינגענדיקער זיצונג וועגן שאַפן דעם פאָלקס־קאָמיטעט פאַר ישראל — האָט קלאַריטאַ, ווי תמיד פּרי געגרייט צום טיש און איך האָב דערווייל אַרויסגעזעגנדיקט אַ פּאָר הויזן אויף דער מאַשין. פּלוצים האָט זיך די טיר געגעבן אַן עפן און ראַול איז אַריינגעלאָפן מיט אַ הויכן „האַלאָ!“. זיין אַריינקומען האָט מיר געגעבן אַ שטאָך אין הארצן. ער האָט אין מיר אין דעם מאָמענט דערוועקט צוויי געפילן, געפילן פון ווייטיק, פאַרדרוס און האַס, אָבער עס זענען אויך געווען געפילן פון ליבע, פון פאָטערלעכער ליבע. פאָרט אייגן בלוט! ווען ער איז אַריינגעקומען האָט מיר אַ טיאָכקע געטון אין האַרצן און די ביידע געפילן האָבן זיך אין מיר אַ שטעל געטון איינע קעגן דער אנדערער. אָבער דאָס ערשטע געפיל האָט באַזיגט דאָס צווייטע און איך האָב אים טאקע נישט מער ווי לפנים וועגן דערלאַנגט אַ האַנט. דערנאָך ביים עסן, האָט ער דערציילט וועגן סאָלדאַטסקן לעבן, מעשיות וואָס מיר זענען זיי אין איין אויער אַריין און פון צווייטן — אַרויס.

און טאקע אין דעם זעלביקן אָוונט ביים עסן האָבן מיר זיך שטאַרק צע־ווערטלט, ווייל איך האָב אים פּראָוואָצירט מיט אַ באַליידיקנדיקן אויסדרוק און ער האָט מיר נישט פאַרשוויגן, ביז איך בין אַוועק פון שטוב.

אָבער דער צוזאַמענשטויס צווישן אונדז, וואָס האָט געבראַכט טראַגישע פאָלגן איז פאָרגעקומען ערשט צומאָרגנס. אַ צוזאמענשטויס, וואָס האָט צע־שטערט אונדזער היים און ביי מיר אָוועקגעריסן סיי קלאַריטאַן, סיי ראַוולן

און האָט געבראַכט צו דעם, אַז איך זאָל זיך אַרומשלעפּן איבער דער וועלט ווי אַ וואַגאַבונד.

געווען איז עס, ווי געזאָגט, צומאָרגנס נאָך דער וועטשערע. ווען ער איז אַריין האָבן מיר — קלאַריטאַ און איך — שוין געהאַלטן ביים ענדיקן עסן. ער האָט געהאַט אַ שלעכטן אויסזען, אַז מיר האָבן אים שיעור נישט דער־קענט. איך קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן ווי אַזוי אַ מענטש קען זיך אין איין טאָג אַזוי שטאַרק ענדערן. פאַרשטייט זיך, אַז איך בין געבליבן רויִק אָבער קלאַריטאַ האָט אויפגעציטערט. זי איז פּשוט אויפגעשפּרונגען פון אָרט און גלייך צוגעלאָפן צו אים. אַרומנעמענדיק אים און באַדעקנדיק אים מיט קושן, האָט זי אַ צעווייטיקטע געפרעגט וואָס האָט מיט אים פּאַסירט. אָבער ער האָט ווייזט אויס נישט געהאַט קיין חשק צו דערציילן דעם אמת, אפשר מחמת דעם וואָס מיין אָנוועזנהייט האָט אים געשטערט. נאָר אַזוי ווי זי איז צו אים צוגעשטאַנען האָט ער דערציילט אַ גאַנצע מעשה וועגן אַ מיידל, אין וועלכער ער איז געווען פאַרליבט איבער די אויערן און דער טאַטע האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט ווייל אים איז נישט אָנגעשטאַנען דער יחוס. דער סוף איז געווען, אַז דעם מיידלס טאַטע האָט אים פּשוט אַרויסגעטריבן פון שטוב.

די מעשה וועגן מיידל האָט מיך אויפגערעגט טאָפּלט. ערשטנס האָט מיך אויפגעקאָכט דער פאַקט וואָס דעם מיידלס טאַטע, וועלכער קען מיך נישט און ווייסט נישט ווער איך בין, שטעלט זיך אַנטקעגן ווייל עס שטייט אים נישט אָן דער יחוס. און צווייטנס, האָט מיך אויפגערעגט די ידיעה, אַז ער האָט זיך פאַרליבט אין אַ מיידל (דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זיך דערוווּסט, אַז ער האָט אַ מיידל.) איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר אַ געדאַנק האָט זיך מיר אין דעם מאָמענט איינגענאַדיעט אין קאָפּ, אַז זי, דאָס מיידל איז די שולדיקע אין דעם, וואָס ער האָט זיך געענדערט, אַז זי איז די שולדיקע אין מיין דורכפאַל מיט אים, אַז ער איז מיר געוואָרן אַ שונא צוליב איר.

זעענדיק זיין פאַרלוירנקייט, צוליב דעם, וואָס דעם מיידלס טאַטע דערלאָזט נישט צום שידוך און זעענדיק, וויפל ער ליידט צוליב דעם,: האָב איך אָנשטאָט צו באַקומען רחמנות אויף אים און אים מיטפילן, טרייסטן, זאָגן אַ גוט וואָרט, האָט מיך גאָר אָנגענומען א חשק צו דערנידעריקן אים, צו באַליידיקן אים און זיין מיידל.

איבערגעבן די גאַנצע בייסיקע סצענע פון מיין חוזק און אַריינזאָגן אים אין דער זיבעטער ריפּ אַריין פאַרשידענע באַליידיקונגען אויף זיין חשבון און אויפן מיידלס חשבון, וואָלט פאַרנומען צופיל צייט. נאָר דאָס וועל איך אייך יאָ זאָגן: וואָס מער ער האָט זיך אויפגערעגט פון מיין חוזק אַלץ מער האָב

איך באַקומען אַ גרעסערן, ממש אַ סאַדיסטישן פאַרלאַנג אים צו פּייניקן. און מיט מיין גאַנצער בייסיקייט האָב איך געוואָרפן אויסדרוקן ווי פאַרסמטע פיילן און ווען איך האָב צום סוף געזאָגט: „אָבער עס איז שוין גענוג, אז זי האָט דיך מיט איר מיידלישקייט איבערצייגט" איז ער געוואָרן אַזוי אויפ־געקאָכט אַז איך האָב שוין געגומען חרטה קריגן אויפן גאַנצן עסק. איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אין אזא צושטאַנד. זיין פּנים איז געוואָרן צונטער רויט און די אויגן האָבן ממש געשרפעט מיט פייער און האַס. יאָ, האַס. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, ווי איך האָב אין מיין לעבן געזען, אז אויגן זאָלן קענען אויסדריקן אַזויפיל האַס. איך האָב אויך דערזען אז ער האָט שוין נישט קיין בעל־הבית איבער זיך. די יוכע אין אים האָט געקאָכט און... ער האָט זיך געוואָרפן מיט די פויסטן אויף מיר.

ס'האָט זיך געמאכט אַ געשלעג און קלאַריטאַ האָט גענומען היסטעריש שרייען. זי האָט זיך אויך אַריינגעריסן צווישן אונדז ביידן, און היות איך האָב זיך געפונען אין אַ נישט־קאָנטראָלירטן צושטאַנד, האָב איך איר מסתּמא דערלאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ פון וואָס זי איז אומגעפאַלן אויף דער ערד.

וויפל צייט מיר האָבן זיך אַזוי געשלאָגן ווייס איך נישט ווייל די שכנים, וועלכע זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אויף קלאַריטאַס געשרייען, האָבן גערופן פּאָליציי און זיי האָבן אונדז צעשיידט. מען האָט אונדז אָנגעטון קייטלעך אויף די הענט און מען האָט אונדז אַוועקגעפירט אין פּאָליציי־באַצירק און פון דאָרטן האָט מען מיך איבערגעפירט אין שפּיטאָל, ווו מען האָט מיר געהיילט די וווּנדן פון געשלעג. צו די דריי וואָכן האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי.

ווען איך בין צוריקגעקומען אַהיים האָב איך געטראָפן אונדזער צימער פאַרשלאָסן און די ענקאַרגאַדאַ האָט מיר מיט אַ זויערער מינע דערלאַנגט דעם שליסל, זאָגנדיק:

— ניט וויסנדיק ווען איר וועט צוריקקומען האָב איך פאַרשלאָסן אייער צימער.

אַ פאַרשעמטער האָב איך געפרעגט:

— און מיין פאַמיליע?

זי האָט אויף מיר אָנגעשטעלט אירע גרויסע ברייט־צעעפנטע אויגן און האָט אַרויסגעשטאַמלט:

— וואָס? איר ווייסט נישט?

אירע אויגן האָבן זיך אָנגעפילט מיט טרערן, וועלכע זי האָט אויסגעווישט מיטן פאַרטוך און זי האָט געזאָגט:

— אייער אָרעמע פרוי נעבעך איז געפאַלן און — שוין! מער נישט אויפ־

געשטאַנען. אויף מאָרגן גאַנץ פרי האָבן מיר געדופן אייער „פּאַיסאַנאַ" פון אַלמאַסען און נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מען זי אַוועקגעפירט אויף אייער „סעמענטעריאָ" 1)

איך האָב אויסגעהערט אירע ווערטער און געבליבן ווי צוגעשמידט צום אָרט, קוקנדיק שטאַר פאַר זיך. איך האָב שוין מער נישט געהערט וואָס זי האָט דערנאָך געזאָגט. איך האָב, דערפילנדיק דעם שליסל אין מיין האַנט, מיט שווערע טריט זיך צוגעשאַרט צו מיין צימער, וועלכן איך האָב אויטאָמאַטיש אויפגעשלאָסן, בין אַריין און פון אינעווייניק צוגעשלאָסן די טיר.

1) בית עולם.

אַ ווײַלע בין איך געבליבן שטיין לעבן דער פֿאַרשלאָסענער טיר און באַטראַכט דאָס צימער, דאָס מעבל, די פּאָר בענקלעך, וואָס זענען נאָך געלעגן איבערגעקערט, די בלוט־פלעקן, וואָס זענען נאָך געווען קענטיק כאָטש זיי זענען שוין געווען טרוקן. איך האָב באַטראַכט דאָס אַלץ און אין מײַן מוח האָט זיך גענומען אָפּפרישן דאָס וואָס עס איז פֿאָרגעקומען. איך האָב ווי אין חלום געזען ווי איך שלאָג זיך מיט מײַן זון און אין מײַנע אויערן האָבן ווידער אָפּגעהילכט קלאַריטאַס היסטערישע געשרייען און איך האָב זיך דערמאָנט ווי זי איז געשטאַנען צווישן מיר און ראַולן. פֿון דעם דאָזיקן בילד איז מיר אויפֿגעגאַנגען אַ צווייט בילד: ווי אַ פּאָר פֿויסטן דערלאַנגען איר גלײַך אין האַרצן און זי פֿאַלט... פֿאַלט שטיל... אַזוי שטיל, ווי שטיל זי האָט געלעבט.

איך האָב דערפֿילט, אַז עס שטיקט מיך און עס פֿעלט מיר לופֿט און איך האָב אויף גיך זיך צעשפּילעט דאָס העמד און פּלוצים האָב איך זיך צע־וויינט. יאָ, צעוויינט. דאָס ערשטע מאָל זינט מײַן מאַמע איז געשטאָרבן האָב איך געוויינט.

און אַזוי וויינענדיק, בין איך צוגעגאַנגען צום בעט אויף וועלכן איך האָב זיך אַ וואָרף געטון מיטן אָנטועכץ.

ליגנדיק האָבן זיך מיר גענומען אָפּפרישן אין מײַן זכרון בלעטלעך פֿון מײַן לעבן.

אָט זע איך זיך אין דעם טאָג, ווען דער טאַטע האָט מיך אַוועקגעפֿירט אין חדר, ווי ער קומט פֿון בית־מדרש און בענטשט מיך און אָט — ביי אַ כוסה, ווען מען ווינטשט צו, אַז איך זאָל ווערן אַ גדול בישראל; אָט זע איך זיך אין חדר און מײַן רבי, ר׳ חיים־זרח, לערנט מיט מיר עברי און אָט ווי איך דאַוון מיט התלהבות. אָט זע איך מײַן מאַמען, די אײַנגעשרומפּענע, שטענ־דיק פֿאַרדאגהטע און דאָך גוטמוטיקע מאַמע מיט איר פֿרומען פּנים און אָט ווי איך האַלט אַ הספד ביי איר אָפֿענעם קבר. מיטאַמאָל איז מיר אין דמיון

אויפגעשוווּמען דודל ראובן דעם רימערס, דער רויט־האָריקער קוועקזילבער־דיקער דודל, אַז ווי ער זיצט מיט מיר און לערנט און אַז ווי ער דרייט זיך אַרום איבער די גאַסן מיט זיינע משונהדיקע רייד און רעוואָלוציאָנערע לידער.

פּלוצים דערזע איך מיך ביי פּויע דעם באַגרעבער אין שטוב און דערהער ווידער די אַלע אַרויסגעזאָגטע רייד, וואָס איך האָב דאָן געהערט צום ערשטן מאָל — און דערפאַר זענען זיי ביי מיר אויסגעקומען מאָדנע, און אַט — ווי מאָטל חיים־טאַראַנס פירט מיך אַריין אין דער פּיאָנערן־גרופּע, ד"ה, אין דער קאָמוניסטישער יוגנט.

מיטאַמאָל האָב איך זיך דערזען אין בוענאָס־איירעס — אָט אַ די וועלט־שטאָט פון קאָנטראַסטן, וועלכע האָט מיר אויפגענומען מיט אַ בייסיקן רעגנדל, וואָס איז געקראָכן אין די ביינער. אָט איז מיין לאַנדסמאַן מאיר־בונעם דעם גלעזערס, ביי וועלכן איך אַרבעט פאַר אומזיסט, פאַרן בלויזן עסן.

ביסלעכווייז האָט זיך מיר אַלץ אָפּגעפרישט און אַלץ — מיט יעדן קלענסטן פּרט. אַפילו די שמועסן מיט מאירן, זיין ווייב, דאָן פּעליפּע, דאָניאַ בערטאַ, לייזער... פּלוצים האָב איך זיך דערזען ביי ר' ישראלן אין שטוב און איך דערזע קלאַריטאַן — די קלאַריטאַ מיטן בלאַסן, צניעותדיקן פּנים און דערשראָקענע, עטוואָס פאַרחלומטע אויגן, וואָס זי האָט ביי אונדזער ערשטער באַגעגעניש אַראָפּגעלאָזט, באַגיסנדיק זיך מיט אַ רויטקייט. און מיטן דער־שיינען פון קלאַריטאַן, האָט זיך אַלץ גענומען באַוועגן גיכער. איין סצענע, האָט נאָכגעיאָגט און פאַרטריבן די צווייטע. קלאַריטאַ, ראַול, האָראַסיאָ, פּעפּאָ, מיינע פאַרטיי־חברים און מיין גאַנצע טעטיקייט האָט גיך, זייער גיך גענומען אויפשיינען און פאַרשווינדן. דאָס גאַנצע אָפּגעבן זיך מיט ראַולן; דאָס שפּילן זיך מיט אים, דאָס פּרווון אין אים „אַריינהאַמערן" מיינע אידעען; דאָס האלטן אים ביי די זיצונגען און די דיסקוסיעס מיט מיינע חברים; דאָס היטן אים, אַז ער זאָל מאַכן גוט די לעקציעס, פריִער אין דער לאַנד־שול און דערנאָך אויך אין דער ייִדישער; דאָס אַריינפירן אים אין קולטור־הויז און „יוגנט" און זיין אויסגעצייכנטע טעטיקייט דאָרט אויף וועלכער איך בין דאָך געווען אַזוי שטאָלץ.

דערנאָך האָב איך דערזען די צייט פון זיין ערשטן „אָפּנויג". און אין די אויערן האָבן מיר ווידער געקלונגען זיינע רייד און מיין שפּעטערדיקע אויפ־קלערונג און איך האָב ווידער דערזען, ווי זיינע אויגן האָבן זיך נצחונדיק צעבלישטשעט, ווייל ער האָט זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון מיינע אַרגומענטן. ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָט זיך מיר דאָס אַלץ אָפּגעפרישט ווי אַזוי אָט דער זשוואַווער ראַוליטאָ איז געוואַקסן, געוואַקסן און זיך איבער־געקערט. זיין זיך אויסהיטן פון מיר; זיין אויסמיידן מיך; זיין אַרויסווייזן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט בלויז זיין מאַמען; אונדזערע דיסקוסיעס, וואָס זענען

געקומען אַלס רעזולטאַט פון מיין אַריינזאָגן, דערנידעריקן, באַליידיקן אים; און דאָס האָט געפירט, אַנדערש האָט דאָך דאָס נישט געקענט זיין, צו דעם פאַרגעקומענעם מיט דריי וואָכן צוריק וועגן וועלכן איך האָב אייך דערציילט און וואָס האָט פון מיר אָוועקגעריסן מיין פרוי און קינד, צעשטערט מיין היים און מיך אַראָפּגענידערט צום תהום. איך בין נישט געזונקען טיפער דווקא צוליב מיין כאַראַקטער, צוליב דעם זעלבן כאַראַקטער, וואָס האָט געפירט צו די אַלע צרות.

און דווקא ווען אין מיין דמיון האָט זיך אָפּגעפרישט אָט דער טראַגישער עפּיזאָד, דווקא דאָ האָב איך גענומען מאַכן אַ חשבון־הנפש פון מיין לעבן און מיינע מעשים און גענומען טראַכטן און איבערטראַכטן נישט ווי אַ דאָגמאַ־טיקער, נאָר ווי אַ מענטש.

איך האָב זיך אויסגעטענהט מיט זיך אַליין:

— איז וואָס האָסטו אויפגעטון, יאָסל? אַ לעבן ביזטו אַרומגעלאָפן, גע־שמייעט, געקעמפט פאַר דער פאַרטיי און פאַרשידענע אינסטיטוציעס, שולן, קלובן, ביבליאָטעקן, פּאַטראָנאַטן; נישט געטאָגט און נישט גענעכטיקט, זיך אַנגעליטן אין די טורמעס, וווּ מען האָט דיך געפּייניקט און געמאַכט אַ הויקער. האָסט געהאָלפן קלייבן געלט פאַרן שפּאַנישן פאָלק, האָסט אַרויסגעריסן אַ יידישע טאָכטער פון אַ רעליגיעזער היים און צוליב דיין פאַרטייאישן פאַנאַ־טיזם האָסטו זי געמאַכט אַזוי פיל ליידן און איר טאַטן געטריבן אין קבר אַריין פאַר דער צייט; האָסט געבראַכט אַ זון אויף דער וועלט און האָסט געטון אַלץ אַז דאָס קינד זאָל גיין אין דיינע וועגן; האָסט זיך אַזוי פיל מקריב געווען ביים העלפן דערציִען אַנדערע קינדער און יוגנטלעכע און וואָס האָסטו געגעבן דיין קינד? פון זיין געבורטס־טאָג אָן האָסטו ביי אים צוגענומען אַ טייל פון זיין לעבן — זיין יידישקייט. האָסטו גוט געטון? וואָס איז פון דעם אַלעם געוואָרן? זענען דען די אומות העולם בעסער געוואָרן דורך די אידעאַלן אין וועלכע דו גלויבסט שוין העכער דריי צענדליק יאָר און אויף וועמענס מזבח דו האָסט מקריב געווען דיין פרוי און קינד? וואָס פאַר אַ שכר וועסטו פאַר דעם האָבן? וועט די פאַרטיי, דיין אידעע האָבן געענוג מאָראַלישע קראַפט אויף צו געבן דיר אַ קאָמפּענסאַציע? און עקזיסטירט דען אַ קאָמפּענסאַציע פאַר דעם? און וואָס ווייטער?

— עס איז טאַקע אמת, — האָב איך ווייטער געטראַכט — אַז די פאַרטיי־פרעסע פאַרשווייגט, אָבער פאַרוואָס הערט מען גאָרנישט וועגן יידישן לעבן אין אויסגעהלומטן לאַנד?... שוין זיבנט ווען ווי עס קומט דאָך נישט אָן קיין איין יידיש אות פון דאָרט. מען הערט דאָך גאָרנישט פון זיי. זענען זיי דען פּלוצים אַלע געוואָרן פאַרעטער? עס איז דאָך נישט מעגלעך. הייסט עס, אַז

אין עפּעס זענען די קעגנער יאָ געדעכט? און אויב אַזוי, וואָס דאַרף איך איצ־טער טון? אַ־וואָסערער דאַרף זיין מיין ווייטערדיקער וועג? דער וועג פֿאַר וועלכן איך האָב אַזאַ טייערן פּרייז באַצאָלט? אָדער דער וועג, אויף וועלכן עס האָט אָנגעהויבן צו גיין ראַול? ראַול, קינד מיינס, זיי מיר מוחל, ראַול״.

איך האָב זיך אויפסניי צעוויינט, אָבער דאָס זענען נישט געווען קיין סתם טרערן, נאָר טרערן פֿון חרטה, פֿון חרטה פֿאַרן האָבן געלעבט אין אַ פֿרעמדער וועלט, פֿאַרן האָבן פֿאַרטיידיקט פֿרעמדע אינטערעסן, פֿאַרן האָבן געטריבן מיין שווער פֿאַר דער צייט אין דער ערד אַריין, פֿאַר האָבן געמאַכט אַזוי פֿיל ליידן דער שטילער טויב, קלאַריטאַן און, דער עיקר, פֿאַר ראַולן; פֿאַרן האָבן אים אַוועקגעשטעלט אין דער קאַטעגאָריע פֿון „ממזר״; פֿאַר נישט האָבן אים געיידישט; פֿאַר האָבן אים געפֿירט אויף אַ פֿאַלשן וועג; פֿאַר וועלן אין אים אַריינהאַמערן מיינע אידעען; פֿאַרן פֿרווון אים נישט לאָזן זיך אַרויסרייסן פֿון דעם דורך מיר אָנגעצייכנטן וועג; פֿאַרן פֿאַרפֿאָלגן אים, דורך זוכן דיסקוסיעס און אַריינזאָגן אים; און דער הויפּט: פֿאַרן פּראָוואָצירן דעם געשלעג, וואָס האָט אומגעבראַכט קלאַריטאַן און פֿון מיר אַוועקגעריסן מיין זון. אוי, גאָט, ווען איך קען אָפּזוכן ראַולן! ווייל... ניין! איך מוז אים אָפּזוכן! איך מוז אים געפֿינען כדי אים פֿאַלן צו די פֿיס און בעטן אים, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין... דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס האַלט מיך אָפּ פֿון צו פֿאַרענדיקן מיט מיין נבזהדיקן לעבן און גיט מיר כח אַלץ איבערצוטראָגן... איך מוז אים געפֿינען... איך מוז ביי אים בעטן ער זאָל מיר מוחל זיין. מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז ער לעבט; אַז איך וועל אים געפֿינען... איך ווייס נישט ווי אַזוי... אָבער איך וועל אים געפֿינען... איך וועל אים געפֿינען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

יאָסל האָט פֿאַרענדיקט זיין ווידוי. אין צימער איז געווען פֿינצטער, פֿינצטער און שטיל און אין דער שטילקייט האָט זיך נאָך בולטער געהערט יאָסלס שטילער וויינען, וואָס האָט שווער געמאַכט דאָס געמיט. און אין מיין זכרון האָט זיך אָפּגעפֿרישט מיין באַזוך אין בוענאָס איירעס מיט אַ קורצער צייט צוריק און מיין אויסטערלישער צוזאַמענטרעף מיט ראַולן, אַ צוזאַמענ־טרעף, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. פֿאַר מיינע אויגן איז אויסגע־וואַקסן ראַול, אָבער נישט דער ראַול מיטן לענגלעכן בלאַסן פּנים, נאָר ראַול — דער וואַגאַבונד, דער אָפּגעריסענער, שמוציקער וואַגאַבונד, ווי ער קוקט אַריין אין מיין צייטונג און גיט מיך דערנאָך פֿאַרשייט אַ פֿרעג:

— קע קיערע?

אין מיינע אויערן האָבן ווידער געזומען קלינגען די רייד פֿון דעם פּאָ־ליציאַנט, קעלנער, שאָפֿער און דער גאַנצער טומל אין דעם רייכן האָטעל.

אַלץ, אַלץ האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם מאָמענט, ווען יאָסל איז פריִער געזעסן און איצטער — געלעגן אויף זיין „קאַטרע“ אין דעם פּינצטערן ציִמערל און שטיל געוויינט נאָכן ענדיקן דערציילן זיין לעבנס־געשיכטע. אין דעם מאָמענט האָב איך שוין נישט געצווייפלט אין דער ריכטיקייט פון ביידנס רייד: פון ראַולן — פריִער און זיין טאַטן — איצט. כאָטש, צוריק געשמועסט, האָב איך דאָן אין האָטעל־צימער, ווען ראַול האָט מיר דערציילט זיין לעבנס־געשיכטע און פאַרוואָס ער איז געוואָרן אַ וואַגאַבונד, אויך נישט געצווייפלט. עס איז געווען אוממעגלעך צו צווייפלען נאָך דעם ווי איך האָב אויסגעהערט וואָס ער האָט דערציילט און דער עיקר: ווי אַזוי ער האָט דערציילט. און איצט, ווען איך ליג אין דעם זעלביקן צימער מיט ראַולס טאַטן, מיט אָט־דעם מענטשן, וואָס האָט פון זיין פּאַרטייאישקייט געמאַכט אַ קולט; וואָס האָט אין נאָמען פון אַן אידייע זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין געמיינקייטן; וואָס האָט, מיינענדיק אַז ער פאַרטיידיקט אַ גערעכטע זאַך, אומגעבראַכט זיין שווער, זיין פרוי און דער עיקר: ער האָט אַזוי פיל געמאַכט ליידן זיין זון און איינגעפלאַנצט אין אים די ערגסטע פלאַנץ, וואָס אַ מענטש קען איינפלאַנצן — די פלאַנץ פון שנאה. די שנאה וואָס ער האָט פאַרפלאַנצט אין ראַולן און וואָס ער, ראַול, טראָגט עס אין זיין האַרצן און וואָס וועט קיינמאָל נישט אויסגעוועבט ווערן... קיינמאָל נישט!

אָבער איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען, איך קען מיר פּשוט נישט געבן צו דערקלערן דאָס פאַרגעקומענע. איך האָב די ווערטער „קיינמאָל נישט“ געזאָגט, כמעט אויסגעשריִען אַזוי הויך, אַז עס האָט גערופן יאָסלס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף דער „קאַטרע“, לאָזנדיק אַראָפּהענגען די פיס און אַ פאַרחידושטער האָט ער געפרעגט:

— וואָס איז אייך, פריינט מיינער? וואָס „קיינמאָל נישט“?

איך האָב אים נישט געענטפערט גלייך. איך האָב בלויז אויסגעדרייט מיינע בליקן צו אים און אין דער פינצטערניש האָב איך אונטערשיידט זיין שאָטן און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך האָב געזען זיינע אויגן בלישטשען. איך האָב אים נישט געענטפערט גלייך, ווייל פאַר מיר האָט זיך אַוועקגעשטעלט די פראַגע, צי איך דאַרף אים דערציילן דעם אמת, אָדער נישט. דעם אמת, אַז איך קען ראַולן, אַז איך ווייס די גאַנצע געשיכטע... נו, אַז ער, ראַול, האָט זיך אָנגעליטן צוליב אים, צוליב זיין טאַטן, פיל, זייער פיל, מער ווי ער קען זיך עס משער זיין... אַז עס איז מיר געלונגען — אַזוי וויל איך האָפן — אים אַרויסצורייסן פונעם תהום, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, און נאָך אַביסל אַריינטראַכטן, צי מעג איך אים, צי דאַרף איך אים דערציילן, האָב איך באַשלאָסן אים יאָ צו דערציילן, אַלץ דערציילן!

פאַרוואָס? נו, „פאַרוואָסן" זענען פאַראַן זייער אַ סך. אָבער דער הויפּט־„פאַרוואָס" וואָס האָט מיך באַוויגן אים אַלץ צו דערציילן, וואָס איך ווייס וועגן זיין זון, איז געווען כדי נישט צוצונעמען דאָס איינציקע וואָס איז נאָך פאַרבליבן דעם צעבראָכענעם מענטשן: די האָפענונג צו געפינען זיין זון, וועלכן ער האָט אַזויפיל שלעכטס געטון, מיינענדיק אַז ער טוט גוטס; אים געפירט אויף אַ פאַלשן וועג, מיינענדיק אַז ער פירט אים אויף אַ ריכטיקן. האָפענונג! — דאָס איינציקע וואָס האַלט אים אויף ביים לעבן, וואָס גיט אים מוט ווייטער צו לעבן צוליב איין און איינציקן ציל: צו געפינען זיין זון און בעטן ביי אים, אַז ער זאָל אים מוחל זיין.

„מעג איך באַהאַלטן פאַר אים" — האָב איך זיך געפרעגט — „דאָס וואָס איך ווייס, בפרט אַז דאָס דערציילן אים וועט נישט זיין בלויז אַ גרוס, נאָר אויך אַ שטיק האָפענונג; עס וועט אין אים ממש אַריינבלאָזן אַ רוח החיים; עס וועט אים געבן מוט ווייטער צו לעבן, ווייטער צו זוכן... און כאָטש איך האָב געוווּסט, געהאַט די איבערצייגונג — אורטיילנדיק לויט ראוּלס דערציילן — אַז זייער צוזאַמענטרעף, אויב דאָס זאָל געשען, וועט זייער און זייער אַנטוישן דעם טאַטן, אַז ראוּל וועט זיין טאַטן קיינמאָל נישט מוחל זיין, דאָך האָב איך פון אים נישט געקענט באַהאַלטן מיין צוזאַמענטרעף מיט זיין זון. דווקא דערפאַר וואָס איך האָב געוווּסט, אַז דאָס וועט אים נאָך צוגעבן מער מוט, מער האָפענונג אויף צו דערגרייכן זיין ציל.

— איר ווייסט, יאָסל — האָב איך זיך פלוצים אָפּגערופן — אַז כמעט אַלץ וואָס איר האָט מיר דערציילט, האָב איך שוין געהערט.

— וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן? — האָט ער גלייך געפרעגט.

איבעראַשונג איז געווען אין זיין פראַגע.

— איך וויל זאָגן — האָב איך אים געענטפערט — אַז איך האָב אייך געקענט, נישט קענענדיק אייך.

— איך פאַרשטיי אייך נישט. איך טרייבט שפּאַס?

— ניין, ניין, מיין פריינט, איך שפּאַס נישט. כמעט די גאַנצע דערציילונג אייערע, חזר איך אייך איבער, האָב איך מיט אַ קורצער צייט צוריק געהערט זייענדיק אין בוענאָס־איירעס. דאָן האָב איך די דערציילונג אויסגעהערט נישט אין אַזעלכע באַדינגונגען ווי איצט, ליגנדיק אויף אַ „קאַטרע", נאָר זיצנדיק אין אַ מאָדערנעם האָטעל־צימער אין אַ טיפן פאָטעל. יאָ, איך בין דעמאָלט געזעסן אין איין פאָטעל און אין דעם צווייטן איז געזעסן — ראוּל.

איך האָב פלוצים דערפילט יאָסלס הענט אויף מיר. ער האָט מיך אין

דער פינצטערניש געזוכט אָנצוטאַפּן מיט די הענט. ער האָט מיט זיין האַרט־לעכער שטימע שעפּטשענדיק געפרעגט:

— ראַולן? איר קענט ראַולן? אוי, גאָט מיינער! זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי זעט ער אויס? ווו? ווי אַזוי?... אוי, גאָטעניו, איך האָב אייך דאָך אַזוי פיל צו פרעגן, אַז איך ווייס נישט וואָס פריִער צו פרעגן.

איך האָב אים גענומען דערציילן ווי אַזוי און אין וואָס פאַראַ באַדינ־גונגען איך האָב מיך באַקענט מיט ראַולן, ווי אַזוי ער האָט אויסגעזען און וואָס פאַראַ באַליידיקונגען ער איז אויסגעשטאַנען אין מיין אָנוועזנהייט. ווי אַזוי מיר זענען אָנגעקומען אין דעם האָטעל, ווו איך האָב זיך אויפגעה־האַלטן און דעם טומל, וואָס זיין אַריינקומען האָט געמאַכט ביז מיר זענען אַריין אין מיין צימער. איך האָב אים אויך דערציילט בקיצור דאָס, וואָס ראַול האָט מיר דערציילט וועגן אים, זיין טאַטן. איך האָב אים ספּעציעל דערציילט אין אַזאַ פאָרעם, וואָס זאָל אים מאַכן פאַרשטיין, אַז ער האָט נישט נאָך וואָס צו זוכן זיין זון, ווייל עס איז אומזיסט.

ווען איך האָב געענדיקט דערציילן האָט ער גלייך געפרעגט:

— און ווו, מיינט איר, קען איך אים איצט טרעפן?

זיין פראַגע האָט מיך יאָ און נישט איבערראַשט. עס האָט מיך איבער־ראַשט, ווייל נאָך דעם ווי איך האָב אים דערציילט וואָס זיין זון קלערט וועגן אים, האָב איך געמיינט, אַז עס וועט אים שוין אָפּנעמען דעם חשק אים צו זוכן. אָבער גלייכצייטיק האָט מיר זיין פראַגע נישט איבערראַשט נאָך זיין „ווידוי", נאָך זיין שלאָגן זיך על חטא פאַר זיינע באַגאַנגענע זינד לגבי זיין זון און זיין אַנטשלאָסענער ווילן אים אויפצוזוכן כדי אים צו בעטן, אַז ער זאָל אים מוחל זיין.

אָבער וואָס האָב איך אים געקענט זאָגן? האָב איך אויף זיין לעצטער פראַגע אים געקענט געבן אַ געוויסן ענטפער? ווען ראַול האָט פאַרלאָזן מיין האָטעל־צימער האָט ער דאָך קיין געוויסע אַדרעס נאָך נישט געהאַט. אָבער אַזוי ווי עס איז געווען גאַנץ מעגלעך, אַז ער זאָל נאָכן פאַרלאָזן מיין האָטעל־צימער האָבן געגאַנגען צו אַרנאַלדן, איז געווען נישט מער ווי לאָ־גיש, אַז ער זאָל צוגיין צו זיין זונס חבר.

— פון מיין דערציילן ווייסט איר שוין — האָב איך אים געענטפערט — אַז ווען איך האָב זיך באַקענט מיט אייער זון, האָט ער נישט געהאַט קיין געוויסע אַדרעס, אָבער דאָס איינציקע וואָס איך קען אייך ראַטן איז, אַז איר זאָלט אָפּזוכן זיין חבר אַרנאַלדאָ. איר קענט דאָס טון, מיין איך, דורכן טע־לעפאָן־בוך.

ער האָט מיך מער נישט געפרעגט. אין דער פינצטערניש האָב איך באַ־

מערקט ווי ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף דער „קאַטרע". איך האָב געהערט ווי ער האָט געזאָגט:

— עס דאַרף שוין זיין גענוג שפּעטלעך... לאָמיר שלאָפן אַביסל.

און נישט וואַרטנדיק אַז איך זאָל אים עפּעס ענטפערן, האָט ער צוגעגעבן:

— אַ גוטע נאַכט.

איך בין נאָך לאַנג געלעגן מיט אָפענע אויגן אין דער פינצטער, אויפגעכאַפּט פאַרשידענע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך דערטראָגן צו מיין געהער. פון דערבייאיקן צימער, ווו עס זענען געשלאָפן די פיר וועגדעדאַרן, האָט זיך דערטראָגן אַ שטאַרקער כראָפּען אויף פאַרשידענע טענער. ערגעץ ווו האָט זיך אַ הונט צעוואָיעט. די פאַבריק־סירענע האָט אַרויסגעלאָזט אַ לאַנגן פייף און איז שטיל געוואָרן — דאָס האָט זי אָנגעזאָגט, אַז עס הייבט זיך אָן די ערשטע טורנע. באַלד האָבן זיך דערהערט ווייטע טריט און אַן אָפּגעהאַקט שמועסן און אין עטלעכע מינוט אַרום איז ווידער געוואָרן שטיל. און איך דער שטילקייט האָב איך געזוכט צו קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען און אַרויסנעמען אַ מוסר־השכל פון אָט די צוויי לעבנס — פון טאַטן און זון.

וועגן דעם און פיל אַנדערע זאַכן האָב איך געזוכט צו קאָנצענטרירן מיינע געדאַנקען און נישט געקענט. די שפּעטע שעה און די מידקייט האָט מיך באַהערשט און איך בין איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב אויפגעוואַכט איז שוין דאָס צימערל געווען פול מיט ליכט. פון אומעטום האָבן זיך דערטראָגן רייד, געפּילדער פון עופות, האַווקען פון הינט, דורכפאָר פון וועגענער און אויטאָמאָבילן. נאָר אין צימער איז געווען שטיל. איך האָב זיך אויפגעזעצט און געווענדט מיינע בליקן צו דער צווייטער „קאַטרע". איך בין ממש געוואָרן געפּלעפט ווען איך האָב געזען, אַז די „קאַטרע" איז ליידיק.

אויף דער גיך האָב איך זיך אָנגעטון און אַרויס פון צימערל, כדי עמעצן צו פרעגן וועגן יאַסלען. ביים אַרויסגאַנג איז מיר אַנטקעגנגעקומען דער האָטעל־אייגנטימער, וועלכער האָט, דערזעענדיק מיך, מיט זיין שטענדיקן חניפה־שמייכל געזאָגט:

— אייער „אַמיגאָ" איז אַוועקגעפאָרן מיטן ערשטן אויטאָבוס. ער האָט זיך געאיילט צו נעמען די ערשטע באַן. נאַט, דאָס האָט ער איבערגעלאָזט פאַר אייך — און ער האָט מיר דערלאַנגט אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט.

באַדאַנקענדיק האָב איך גענומען דעם קאָנווערט, וועלכן איך האָב גלייך אויפגעריסן און אַריינגייענדיק אין צימערל האָב איך גענומען לייענען דאָס איבערגעלאָזטע בריוול. עס איז געווען געשריבן מיט אַ בלייפעדער און פון דעם שרייבן האָב איך געדרונגען, אַז ער איז געווען שטאַרק נערוועז. דאָס בריוול האָט זיך געלייענט אַזוי:

„טייערער פריינט!

אייך וועט געוויס חידושן מיין האַנדלונג. איך וויס, אַז לגבי אייך האָב איך געהאַנדלט שלעכט. ווייל מענטשלעך האָב איך מיט אייך זיך כאָטש געדאַרפט געזעגענען און אייך דאַנקען. איך טו עס דורך די שורות און מיטן גאַנצן האַרצן — פאַר אייער באמת מענטשלעכער האַנדלונג לגבי מיר און ראַולן.

מיין פלוצלינגדיקער אַוועקפאָרן האָט צוויי הויפּט־מאָטיוון. ערש־

טנס — איך וויל וואָס פריִער אָנקומען קיין בוענאָס־איירעס. כדי אָנ־הייבן וואָס פריִער צו זוכן מיין זון און בעטן אים, אַז ער זאָל מיר מוחל זיין... און כאָטש איך ווייס פון דעם וואָס ראָול האָט אייך דערציילט, אַז ער האָסט מיך, דאָך וועל איך פּרובירן מיט אים צו רעדן; איך וועל אים דערקלערן אָפנהאַרציק, אַז איך וויל האָפן, אַז זיין שכל הישר וועט גובר זיין זיין שנאה. מיין איינציקע האָפענונג צו קענען ווייטער לעבן איז אים אויפצוזוכן און באַקומען זיין מחילה. דאַן וועט האָבן אַ זין, אַז איך זאָל ווערן אַן אמתער בעל־תשובה.

דאָס איז איינס. און צווייטנס: איר ווייסט דאָך, אַז איך בין נישט קיין וואַגאַבונד. עס איז אמת, אַז איך בין עס שיעור נישט געוואָרן, דע־מאָלט, ווען איך האָב, נאָכן צוריקקערן זיך פון שפּיטאָל, פאַרקויפט אַלץ און געגומען שיכורן און זיך וואַלגערן אין די ביליקע אכסניות, אין וועלכע עס האָט געהאַלטן אין איין ווימלען מיט מענטשן פון דער אונ־טערוועלט, האָב איך שוין אַליין אָנגעהויבן זינקען אין תהום אַריין. איך בין געשלאָפן אונטער בריקן, ליידיקע וואַגאָנען און כדי באַקאַנטע זאָלן מיך נישט דערקענען האָב איך זיך פאַרלאָזט אַ באָרד. אַזוי האָב איך אָפּגעלעבט לאַנגע חדשים און איך האָב געמיינט, אַז איך וועל שוין בלייבן אַ וואַגאַבונד. אָבער אַ דאַנק מיין כאַראַקטער, דעם כאַראַקטער וועלכן איך האָב, אגב, צו „פאַרדאַנקען״ די אַלע צרות, וועגן וועלכע איר ווייסט שוין פון ראָולן און פון מיר — האָב איך זיך באַהערשט און ביז נישט אינגאַנצן אַראָפּגעפאַלן אין תהום. אָבער דאַן האָב איך אויף אַן אמת נישט געוווסט, וואָס צו טון. ביי מיין פאַך האָב איך מער נישט געוואָלט אַרבעטן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט קומען אין קאָנטאַקט מיט מיינע לאַנג־יאָריקע חברים און באַקאַנטע. האָב איך זיך אַזוי אַרומ־געדרייט אַ שטיקל צייט, ווי אויפן עולם התוהו, בין איך האָב באַשלאָסן צו ווערן אַ וועגדעדאַר, נישט דערפאַר, ווייל איך וועל ביי דעם קענען האָבן פּרנסה. איך ווייס אַז איך טויג נישט צו דעם, אָבער איך האָב עס געטון מיט דער האָפענונג, אַז אפשר אַזוי אַרום וועט מיר געלונגען צו קומען אויף די שפּורן פון מיין זון, וועלכן איך האָב שוין נישט געזען פון יענער נאַכט אָן און איך בין צופרידן, ממש גליקלעך פון דער באַקאַנטשאַפט מיט אייך, ווייל אַ חוץ דעם, וואָס איך האָב געהאַט די קורצע צייט אַ חבר און פריינט, האָט איר, מיט אייער דערציילן מיר וועגן ראָולן, מיר ממש אַריינגעגעבן אַ רוח־החיים פאַר וועלכן איך גיב אייך מיין האַרציקן יישר־כח.

דאָס איז צוויי. און פון דעם דריטן מאָטיוו וועט איר אפשר לאַכן

און מיך געוויס האַלטן פאַר אַ שוטה אָדער סתם אַ צעדרייטן. אָבער איך מוז עס זאָגן, ווייל איך ווייס — איך אויף אייער אָרט וואָלט נישט געווען בעסער — נאָכדעם, וואָס ראַול האָט אייך דערציילט מיט אַ צייט צוריק און נאָך דעם וואָס איך אַליין האָב אייך דערציילט, קענט איר וועגן מיר קיין גוטע מיינונג נישט האָבן. איר קוקט געוויס אויף מיר ווי אויף אַ פאַרברעכער. מעגלעך, אַז איך בין עס טאַקע. אָבער גלויבט מיר, איך בעט אייך, איך האָב עס נישט געטון במזיד. קלאַריטאַ איז טאַקע געשטאָרבן פון די קלעפּ, וואָס זי האָט באַקומען פון מיינע פויסטן, אָבער איך האָב עס דאָך געטון אומגערן... זי איז אונטערגעקומען אין מיטן... אויך אַפילו מיט ראַולן איז... אָבער לאָמיר שוין בעסער וועגן דעם נישט רעדן — וואָס איך וויל יאָ זאָגן איז, אַז איך שעם זיך אייך צו קוקן אין פּנים אַריין, ווייל איך בין אַ פאַרברעכער, כאָטש קעגן מיין ווילן. און אויב גאָט וועט מיר העלפן, איך וועל געפינען ראַולן און ער וועט מיר מוחל זיין, וועל איך טון צוויי זאַכן: ערשטנס, אייך צו וויסן געבן וועגן דעם און, צווייטנס, מיט מיין גאַנצער עקשנותדיקער ענערגיע דינען מיין אייגן פאָלק און מער קיינעם נישט. אָבער קודם־כל וויל איך אייך איין זאַך: אַז מיין זון זאָל מיר מוחל זיין פאַר מיינע באַגאַנגענע זינד...

אייער אויפריכטיקער פריינט

„י אָ ס ל״

איך בין געבליבן זיצן אַ צעטומלטער און לאַנג געטראַכט וועגן די מאָדנע פאַרלויפעניש אין לעבן וואָס איך בין געוואָרן זייער עדות. דערנאָך האָב איך זיך אויפגעשטעלט און אויף גיך גענומען צורעכט מאַכן מיין וואַליזע מיט די פעקלעך. איך האָב עס געטון, ווייל עס איז מיר פּלוצים אָנגעקומען אַ געדאַנק באַלד צו פאָרן אַהיים קיין טוקומאַן.

ביים אַרויסגיין פון מיין צימער, אַ באַלאָדענער מיט אַ גרויסער וואַליזע און עטלעכע גאַנץ גרויסע פעקלעך מיט סחורה — ווייל איך האָב נאָך גאָרנישט באַוויזן צו פאַרקויפן — בין איך גלייך צוגעגאַנגען צום האָטעל־אייגנטימער און געבעטן מיין רעכענונג. ער האָט מיך מיט זיינע אומרויִקע אייגעלעך כיטרע אָנגעקוקט, פרעגנדיק מעשה גוטער ברודער:

— וואָס, יאָגסט נאָך דיין „פּאַיסאַנאָ״?

איך האָב אין זיין פרעגן באַמערקט צוויי זאַכן: איראָניע און שאָדן־פרייד.

— וואָס פֿאַלט אייך איין „וויעכאָ״? — האָב איך געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע.

— איך ווייס? אַלע „פּאיסאַנאָס״ זענען אַרויס פֿאַרקויפֿן, נאָר בלויז דיין „וויעכאָ״ איז כמעט ווי אַנטלאָפֿן און איצט לויפֿסטו נאָך אים.

ער איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן, אָנקוקנדיק מיך בעת־מעשה מיט זײַנע אומרויִקע אייגעלעך, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך דערוויסן, צי איך באַהאַלט נישט קיין סודות. און דערנאָך איז ער צוגעקומען נענטער צו מיר און שטיל, מעשה סוד, זיך אַ פֿרעג געטון:

— האָט ער דיך כאָטש נישט „באַאַרבעט״? און ער האָט מיט זײַנע לאַנגע מיט קנייטשן באַדעקטע פֿינגער געמאַכט גיכע באַוועגונגען וואָס האָבן געדאַרפֿט אילוסטרירן גנבה.

— פּאָר פֿאַוואָר! — האָב איך אַ באַליידיקטער אויסגערופֿן — ער איז נישט פֿעיִק אויף אַזעלכע זאַכן!

דער האָטעל־אייגנטימער האָט אויף מיר אויסגעגלאָצט זײַנע קליינע אייגעלעך און מיך אָנגעקוקט שטיל און פֿאַרוווּנדערט. איך האָב געזען אין זײַן קוקן, אַז ער גלויבט מיר נישט.

גלייך נאָך דעם האָט ער מיר געזאָגט וויפֿל איך בין אים שולדיק. איך האָב אים באַצאָלט, אים געזאָגט אַ „האַסטאַ לאַ וועלטאַ״, און אַרויס זוכן מיט וואָס צו פֿאָרן צו דער באַן־סטאַנציע.

1) אַלטער.

35

ווען איך בין אָנגעקומען אַהיים זענען מיין פרוי און קינדער געשלאָפן די „סיעסטאַ״. האָב איך איבערגעלאָזט מיינע פּעק און גלייך זיך געלאָזט זוכן דעם „אַלטן״. איך בין צוגעגאַנגען צו זאַנוול „טאַדזשע״ — אויך אַ ווענדעדאָר, ביי וועלכן יאָסל האָט געדונגען אַ צימערל פֿאַר דער „קאָסעטשע״־צייט, כדי צו פרעגן אויף אים.

אויף מיין קלונג האָט געעפֿנט די טיר זאַנוולס פרוי. זי איז געווען עט־וואָס נידעריקער פון מיטעלן ווּקס, מיט שיינע געזיכט־שטריכן. אָבער איר הולך, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ שמוציק און צעקנייטשט קליידל, אירע צע־פּאַטלטע האָר און די רויטלעך־פאַרשלאָפֿענע אויגן האָבן זי געמאַכט פֿאַר אַ פאַרזעעניש.

זי האָט מיך אַ ווײַלע קאַלט אָנגעקוקט און שלעכט פאַרשטעלנדיק דעם כעס האָט זי געפרעגט:

— וואָס ווילט איר?

איך האָב באַמערקט איר רוגזה און איך האָב באַדויערט וואָס איך בין געקומען באַלעסטיקן אין דער שעה.

— דאָניאַ פּעשע — האָב איך זיך אָפּגערופן — איך בין געקומען זען דעם „אַלטן״.

— דעם „אַלטן״? — האָט זי איבערגעפרעגט מיט כעס, צוגעבנדיק:

— נישטאָ דער אַלטער, גאָט צו דאַנקען, שוין אַוועק. אַוועקגעפאָרן. איז געקומען נאָך פֿאַר אַכט העגדום־פּענדום, מיט אַ טאַקסי איז ער געקומען, דער „אַלטער״. האָט צוגענומען זיינע שמאַכטעס און אַוועק. ער׳ט געזאָגט, אַז ער פֿאָרט קיין בוענאָס־איירעס. ער׳ט זיך אַזוי געאיילט, פּונקט ווי ער וואָלט עמעצן כאַגנבעט און מ׳וואָלט אים געזוכט.

איך האָב באַדאַנקט און געבעטן אַנטשולדיקונג פאַרן האָבן באַלעסטיקט אין דער שעה און בין אַוועק.

אַז איך בין צוריקגעקומען אַ היים, איז שוין מיין פרוי געהאַט אויפגע־שטאַנען. זי האָט באַמערקט מיין באַזאָרגטקייט, אָבער מיר האָט זי גאָרנישט געזאָגט. מיין געמיט־צושטאַנד האָט זי, ווייזט אויס, אויסגעטייטשט אויף איר שטייגער. זי האָט געמיינט, אַז איך בין אַזוי דערשלאָגן, ווייל איך האָב גאָר־נישט פאַרקויפט.

— איך האָב נישט געוווּסט, אַז דו וועסט איצטער קומען — האָט זי גע־זאָגט מיט אַ פאַרשולדיקטן טאָן, דעריבער האָב איך געגעסן אַליין, ס׳הייסט מיט די קינדער.

גלייך נאָך דעם האָט זי געפרעגט:

— ווילסט עפּעס עסן?

— ניין, טייערע, איך בין נישט הונגעריק.

— האָסטו דען געגעסן מיטאָג?

— איך האָב נישט געגעסן, אָבער מיך הונגערט נישט.

אַ פאַרדאַגה׳טע האָט זי מיך אָנגעקוקט און געזאָגט שטיל, ווי פאַר זיך אַליין:

— נו, און אַז מען לייזט נישט איינמאָל, איז מה רעש? פון דעם גייט שוין אונטער די וועלט?

איך האָב אַ שמייכל געטון און אַ דריק־טוענדיק איר אַקסל האָב איך גע־ענטפערט:

— מאַך, טייערע, אַ מאַטע, איך האָב נאָך היינט גאָרנישט געטרונקען.

## 36

פון דעם טאָג אָן האָב איך נישט געפֿונען קיין רו. איך האָב אַליין נישט געוווּסט וואָס מיט מיר קומט פֿאָר, נאָר איך האָב געפֿילט, אַז איך ווער איינגאַנצן אַן אַנדער מענטש. געאַרבעט האָב איך אָן חשק. לייענען, — אַ זאַך וואָס ברענגט מיר תּמיד אַ גרויס פֿאַרגעניגן — האָב איך נישט געקענט. נישט נאָר אַ בוך האָב איך נישט געקענט לייענען, נאָר אַפֿילו ווען איך פֿלעג נעמען אין מיינע הענט אַ צייטונג, האָב איך זי אויך נישט געקענט לייענען, ווייל די אותיות פֿלעגן זיך באַוועגן, טאַנצן. פֿיל מאָל האָב איך צווישן די אותיות געזען יאָסלס פּנים מיט זיינע מילדע אויגן, וואָס האָבן מיך די גאַנצע צייט פֿון אונדזער באַקאַנטשאַפֿט אָנגעקוקט שטיל און הכנעהדיק. אַפֿילו דאָס רעדן מיט מענטשן איז מיר אָנגעקומען שווער, ווייל איך בין געווען צערודערט, נישט אויפֿמערקזאַם און נישט געדולדיק.

מיין פֿרוי, זעענדיק די ענדערונג, וואָס איז מיט מיר פֿאָרגעקומען, איז אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרזאָרגטע. זי האָט פֿיל מאָל געפּרוּווט ביי מיר זיך דערוויסן די סיבות פֿון מיין אַרומגיין פֿאַרזאָרגט און צעשראָקן. ביז איינמאָל, ביי אַ מאַטע האָט זי, איינהאַלטנדיק די טרערן, וואָס האָבן זיך געקייקלט פֿון אירע גלעטנדע אויגן, זיך אָפּגערופֿן:

— וואָס איז דיר? פֿאַרוואָס גייסטו אַרום פֿאַרזאָרגט? פֿאַרוואָס דערציילסטו מיר נישט, וואָס דיך דריקט? וועמען דען וועסטו דערציילן, אויב נישט מיר? האָסטו דאָך קיינעם נישט אַחוץ מיר... און זי האָט, איינבויגנדיק איר רונדן קערפּער, אַרויפֿגעלייגט איר פּנים אויף מיינע קני.

אירע ווערטער האָבן מיך געבריט, פּונקט ווי אירע טרערן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין פֿליסן.

איך האָב געוווּסט, אַז זי איז גערעכט און איך האָב איר דערציילט וועגן מיין באַגעגעניש צום ערשט מיט ראָולן און דערנאָך מיט יאָסלען. זי האָט מיך

אויסגעהערט, איז אַפילו געוועזן שטאַרק גערירט פון דער גאַנצער געשיכטע, אָבער געזען האָב איך אַז זי באַנעמט פּאָרט נישט פאַרוואָס איך בין צוליב די דאָזיקע באַגעגענישן אַזוי צעטראָגן.

אַזוי זענען געגאַנגען טעג און מיין פרוי האָט זיך שוין צוביסלעך צוגע־וווינט צו מיינע מאָדנע שטימונגען.

איינמאָל, ווען איך בין אַהיימגעקומען צום מיטיק, האָט מיך מיין פרוי באַגעגנט מיט אַ שמייכל:

— פאַראַן אַ בריוו פאַר דיר — זי האָט מיר דערלאַנגט אַ שווערן פאַר־זיגלטן קאָנווערט — אָבער לאָז אים איבער — האָט זי צוגעגעבן — אויף נאָך מיטאָג. ביזן אָוונט־ברויט וועסטו אים מסתמא איבערלייענען.

איך האָב זיך צעלאַכט דעם ערשטן מאָל נאָך פיל חדשים.

איך האָב אַ קוק געטון אויף דעם קאָנווערט און געזען, אַז דער בריוו איז פון:

כאָסע גילמאַן, האָספּיטאַל איזראַעליטאַ, סאַלאַ 8.

אין דער ערשטער רגע האָב איך זיך נישט געכאַפּט פון וועמען דער בריוו איז. ווייל איך האָב נישט געהאַט קיין באַקאַנטע מיטן נאָמען גילמאַן. אָבער פּלוצים, האָט מיר אַ בליץ געטון אין מוח אַ געדאַנק: יאָסל! דער בריוו איז פון יאָסלען!

— מאַטילדע! — האָב איך אויסגערופן — דעם בריוו מוז איך לייענען שוין, די מינוט, דער בריוו איז פון יאָסלען!

— פון וועלכן יאָסלען?

— פון יאָסלען... פון דעם אַלטן, וואָס איך האָב דיר דערציילט.

און מיט ציטערדיקע הענט האָב איך אויפגעעפנט דעם קאָנווערט, פון וואַנען איך האָב אַרויסגענומען עטלעכע גרויסע בויגנס, מיט בלייפעדער פאַר־שריבענעם פּאַפּיר. איך האָב נערוועז און גיך גענומען לייענען.

— דו עגאָיִסט איינער — האָט מיין פרוי זיך אָפּגערופן שמייכלענדיק — דו ווייסט נישט אַז איך בין אַ פרוי?

נישט וויסנדיק וואָס זי איז אויסן, האָב איך געענטפערט:

— וואָס הייסט איך וויס נישט?

— און אַז דו ווייסט יאָ — איז זי מיר אַריינגעפאַלן אין די רייד — דאַרפסטו אויך וויסן, אַז אַ פרוי איז נייגעריק און וויל אויך וויסן וואָס דאָרטן טוט זיך — זי האָט אָנגעוויזן אויפן בריוו.

דערנאָך האָט זי זיך אָפּגערופן:

— ניין, מיין טייערער, אַזאַ בריוו איבערלייענען איז אַ מעשה אויף אַ פּאָר שעה און די קינדער דאַרפן נישט לײדן.

מיר האָבן אויף גיך אָפּגעגעסן. און ווען זי האָט געלייגט די קינדער שלאָפן, האָבן מיר זיך ביידע אַוועקגעזעצט און איך האָב גענומען לייענען:
„זייער חשובער פריינט:

קודם כל בעט איך ביי אייך טויזנטער מאָל, אַז איר זאָלט מיר מוחל זיין פאַר מיין באמת נישט קאָרעקטער האַנדלונג לגבי אייך. איך ווייס, אַז איך האָב נישט געהאַנדלט קאָרעקט און איך באַדויער עס פון גאַנצן האַרצן. איך האָב עס אויך געוווּסט דעמאָלט, ווען איר האָט מיר אין דעם זעלבן רעגנדיקן ביינאַכט אין „סאַנטאַ אַננאַ" דערציילט וועגן ראַוּלן און עס איז ביי מיר געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו פאָרן אים זוכן און דאָס גלייך, נישט פאַרלירנדיק קיין צייט.

גלויבט מיר, ליבער פריינט, אַז איך האָב עס נישט געטון צוליב פאַלשקייט. ניין. איך בין עס קיינמאָל נישט געווען. און נאָך ווייניקער האָב איך עס געקענט זיין לגבי אייך. איך בין נישט געווען פאַלש, אַפילו דאַן ווען איך בין געווען — ווי איך האָב מיך שפּעטער איבערצייגט — פאַרבלענדט און שלעכט. איך בין טאַקע געווען שלעכט, אָבער נישט פאַלש. און נאָך ווייניקער האָב איך געקענט זיין פאַלש לגבי אייך, וועלכן איך האָב אַזויפיל צו פאַרדאַנקען. איך האָב אָבער געהאַנדלט אַזוי אויס מורא, אַז איר וועט מיר אפשר שטערן צו פאָרן גלייך זוכן מיין ראַוּלן. ווייל ווען איר וואָלט מיר געזאָגט: „פאָרט נישט" — וואָלט איך נישט געפאָרן, אַפילו ווען דאָס חיות וואָלט מיר אויסגעגאַנגען יאָ צו פאָרן. דעריבער האָב איך יענע נאַכט געוואַרט ביז איר וועט איינשלאָפן און דערנאָך האָב איך זיך אָנגעטאָן, צורעכט געמאַכט מיינע פּעקלעך און בין אַריין אין באָד־צימער כדי ביי דעם בלאָסן שיין פון דעם עלעקטרישן לעמפּל אָנשרייבן יענעם בריוול, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט פאַר אייך ביים האָטעל־אייגנטימער. דערנאָך בין איך אַרויס זוכן אַ טאַקסי. איך האָב געהאַט מזל און גלייך באַקומען אַ טאַקסי, וואָס האָט געפירט אַ באַנק־אָנגעשטעלטן צו דער באַן־סטאַנציע. אָבער אַז מיר זענען אָנגעקומען אַהין איז מיר איינגעפאַלן דער געדאַנק צו פאָרן מיטן זעלבן טאַקסי ביז טוקומאַן. ווייל, ווי עס מאַכט זיך, און איבערהויפּט אין „קאָסטעשע" — פאַרשפּעטיקן זייער אָפט די באַנען און דער באַן פון פינף מיט אַ האַלבן קומט אָן קיין טוקומאַן צען צו אַכט. און אַכט אַזייגער גייט אָפּ די באַן פון דער סטאַנציע „בעלגראַנאַ" קיין בוענאָס־איירעס. און מיטן טאַקסי האָב איך געקענט קומען אַזייגער זיבן. בין איך מיט אים אַדורכגעקומען וועגן פּרייז און עטלעכע מינוט פאַר זיבן בין איך שוין געווען אין טוקומאַן, אַריין צו זאַנוול „טאַדזשע" ווו איך

האָב געהאַט מיין צימערל, באַצאָלט זיין מרשעת, דאָס וואָס איך בין געווען שולדיק און פאַר אַכט בין איך שוין געזעסן אין וואַגאָן. די רייזע איז געווען אַ גוטע, ווייל צוליב די לעצטע אָפּטע רעגנס איז נישט געווען קיין שטויב און אַחוץ דעם האָב איך נישט געפילט. ווי די דרייסיק שעה זענען אַריבער. איך בין די גאַנצע צייט געזעסן אין אַ ווינקל, זייענדיק פאַרטון מיט זיך אַליין.

איך בין אַזוי געווען פאַרטון מיט מיינע געדאַנקען, אַז איך האָב גאָרנישט און קיינעם נישט געזען. און וואָס צוטראַכטן, ווייסט איר דאָך, ליבער פריינט, האָב איך געהאַט אַ סך. דער עיקר וועגן ראַולן, וועגן דעם צי איך וועל זיך מיט אים באַגעגענען און אויב יאָ — וואָס צו רעדן מיט אים? ווי אַזוי צו רעדן? ווי אַזוי זעט ער אויס? אָבער איבער אַלץ האָט מיך געעגבערט איין גרויסע פראַגע, וואָס איך בין זיכער, אַז דער גרעסטער נביא וואָלט עס נישט געקענט פאָרויסזאָגן, צי וועט ער מיר מוחל זיין, אָדער נישט?

איך האָב נישט געוווּסט פאַרוואָס, נאָר איך האָב זיך אַזוי גע־שראָקן פאַר דער באַגעגעניש. ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, אַז זיין שנאה צו מיר האָט זיך נישט נאָר נישט אויסגעלײַשט, נאָר איז נאָך שטאַרקער געוואָרן. און איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז עס איז זייער שווער צו לעבן, ווען מען ווייסט, אַז מען ווערט געהאַסט. און נאָך שווערער, ווען מען ווערט געהאַסט פון אַן אייגענעם זון.

אַז איך בין אָנגעקומען קיין בוענאָס־איירעס האָב איך זיך אָפּ־געזוכט אַ ביליקן האָטעל און אין טעלעפאָן־בוך האָב איך באַלד אָפּגע־זוכט ראַולס חבר, אַרנאָלדאָן, צו וועלכן איך בין אויפן צווייטן טאָג געגאַנגען. איך בין נישט געגאַנגען צו אים אַהיים, נאָר אין געשעפט און דאָס אין דער שעה פון מיטאָג, ווען מען שליסט די קלייטן. איך האָב געוואַרט אויפן טראָטואַר לעבן קלייט, ווייל איך האָב געקלערט, טאָמער וועט ער מיט מיר נישט וועלן אינגאַנצן רעדן, טאָמער וועט ער מיך באַליידיקן און הייסן אַרויסגיין פון געשעפט. דעריבער האָב איך גע־וואַרט אויף אים אין גאַס ווו איך האָב געהאָפט אים צו טרעפן אַליין. איך בין געשטאַנען לעבן אַרנאָלדאָס קלייט אַזו געוואַרט, אַז ער זאָל אַרויסקומען. איך האָב געזען, ווי פון אַלע קלייטן אַרום שאַרן זיך אַרויס די אָנגעשטעלטע און די מעטאַלענע שטאָרן ווערן אַראָפּגעלאָזט. אויך פון אַרנאָלדאָס קלייט זענען אַרויס די אָנגעשטעלטע און די אייזערנע שטאָר איז אַראָפּגעלאָזט געוואָרן עפּעס מער ווי אַ העלפט. אָבער אַר־נאָלדאָ איז נישט אַרויסגעקומען. איך בין געוואָרן אומגעדולדיק. אפשר

— האָב איך אַ טראַכט געטון — איז ער גאָר נישטאָ אין קלייט? דאַן האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און אַריין אינעווייניק.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — האָב איך געהערט עמעצן פרעגן.

איך האָב זיך אַרומגעקוקט און קיינעם נישט געזען. איך בין געווען זייער אומרויִק. אָבער פּלוצים האָב איך געזען, ווי פון אַ הויכן לייטער גייט שנעל אַראָפּ אַ מיטלוועקסיקער, דיקלעכער יונגערמאַן פון אַ יאָר 25—26. ער איז געווען גלאַט פאַרקעמט און די קורץ־אַרבלדיקע געקעסטלטע העמד איז געווען עטוואָס צעשפּילעט.ער האָט מיך אָנגעקוקט און דערנאָך אַריינגעלייגט אַ האַנט אין אַ קעשענע זוכנדיק עפּעס... איך האָב זיך אָנגעשטויסן און איך האָב זיך באַלד אָפּגערופן:

— איך דאַרף מיט אייך עפּעס רעדן.

ער האָט אויפגעהויבן אויף מיר אַ פּאָר גרויסע מילדע אויגן און מיך אָנגעקוקט.

— איר קענט מיך? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ... ס׳הייסט, ניין. איך קען אייך נישט.

— איך פאַרשטיי אייך נישט — האָט ער זיך אָפּגערופן אַ ביסל אַ דענערווירטער.

— יאָ... ניין... — רעדט קלאָרע דיבורים, „אַלטער״, וואָס ווילט איר? — האָט ער שוין אַ פרעג געטון אַביסל שטרענגער.

מיר האָבן זיינע ווערטער ווי געטון. ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז מיך חושד.

— איך דאַרף מיט אייך עפּעס רעדן — האָב איך נאָכאַמאָל געזאָגט.

— מיט מיר? — האָט ער איבערגעפרעגט און צוגעגעבן גלייך טרוקן:

— מאַכט עס גיכער, ווייל איך דאַרף אַוועקגיין.מען וואַרט אויף מיר מיטן עסן.

איך האָב באַקומען קוראַזש און הויך געזאָגט:

— איך בין ראַולס טאַטע.

איך האָב באַמערקט, אַז די ווערטער האָבן אים צעטומלט. דאָס פּנים האָט ביי אים באַקומען עפּעס אַזאַ מאָדנע רויטקייט, פּונקט ווי ער וואָלט זיך אָנגעבלאָזן און זיינע גרויסע אויגן האָבן מיך אָנגעקוקט, אי דערשטוינט און אי דערשראָקן.

— איר... איר זענט ראַולס טאַטע? — האָט ער איבערגעפרעגט נאָך דעם ווי ער איז געקומען צו זיך פון זיין איבעראַשונג.

— יאָ, יאָ, איך.

— אָבער ווי איז עס מעגלעך? אַך, גאָט מיינער! — האָט ער איבערגעחזרט די ווערטער עטלעכע מאָל — ווי אַזוי איז עס מעגלעך?! מיר האָבן געמיינט, אַז איר...

— אַז איך בין געשטאָרבן? — בין איך אים אַריינגעפאַלן אין די רייד.

פון מײַן פראַגע איז ער ווידער געוואָרן צעטומלט און אַ ווײַלע נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. אָבער צום סוף האָט ער געזאָגט:

— גאָט באַהיט! וואָס הייסט געשטאָרבן? פאַרוואָס דווקא געשטאָרבן?

— ס'איז גאַנץ נאַטירלעך! האָב איך אויסגערופן מיט אַ שטויגענדער רויִקייט און זיכערקייט — אַז אַ מענטש ווערט פאַרפאַלן אויף עטלעכע יאָר. אָבער לאָמיר רעדן פון דעם עיקר... איר ווייסט דאָך מסתמא צוליב וואָס איך בין געקומען צו אייך.

ער האָט געענטפערט:

— אַז איר וועט מיר זאָגן, וועל איך וויסן.

— הם... נו, איך וועל אייך זאָגן: איך וויל זען ראַולן.

— ראַולן? — האָט ער דערשטוינט איבערגעפרעגט.

— יאָ, ראַולן. איך בין זיכער, אַז איר ווייסט ווו ער איז.

— איך... ס'הייסט... נו, פון וואַנען זענט איר דאָס אַזוי זיכער?

— ס'האָט מיר געזאָגט מײַנער אַ פרײַנט.

— איך קען אים?

— איך מיין, אַז ניין. ער איז נישט קיין בוענאָס־איירעסער.

אַרנאָלדאָ האָט זיך אַ ביסל פאַרטראַכט, ווי ער וואָלט וועלן קאָנצענטרירן זײַנע געדאַנקען. ער האָט פאַרויכערט אַ פּאַפּיראָס און אַרויסגעלאָזט געדיכטע וואָלקנס רויך... דערנאָך האָט ער געזאָגט:

— אַז ער איז נישט קיין בוענאָס־איירעסער, טאָ פון וואַנען קען ער מיך און פון וואַנען קען ער ראַולן?

— ראַול, האָט אים דערציילט וועגן אייך און וועגן מיר.

— אַהאַ,איך ווייס שוין ווער דאָס איז... ער הייסט, דוכט זיך, לייב.

— יאָ, לייב — האָב איך אים באַשטעטיקט.

— יאָ, יאָ, דאָס איז ער טאַקע. ראַול האָט מיר דערציילט וועגן אים.

— וועט איר מיר זאָגן, ווו ראַול געפינט זיך? — האָב איך געפרעגט מיט אומגעדולד.

— יאָ. האָט ער גלייך אַ זאָג געטון.

ער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, זײַנע אויגן האָבן מילד מיך

אָנגעקוקט. איך האָב געזען, אַז ער שלאָגט זיך מיט דער דעה, צי ער זאָל מיר זאָגן, אָדער נישט.

צום סוף האָט ער אַרויסגעשטאָמלט:

— אָבער...

— אָבער וואָס? — האָב איך געפרעגט.

— נו, איר פאַרשטייט, דאָן כאָסע — האָט ער געזאָגט מיט אַ נישט זיכערן קלאַנג אין זיין קול — איך וואָלט נישט געוואָלט, אַז איר זאָלט זיך דערנאָך אַנטוישן.

אין דער לינקער זייט האָט זיך מיר עפּעס אַ צאַפּל געטון און איך האָב דערפילט אַ ווייטיק, פון וועלכן איך האָב געגומען פאַרלירן דעם באָדן אונטער די פיס. איך האָב זיך אָבער באַלד באַהערשט און איך האָב געזאָגט:

— פאַר מיר וועלן שוין קיין אַנטוישונגען נישט זיין. איך ווייס אַלץ. איך ווייס, אַז ער האָסט מיך. אָבער איך וויל מיט אים רעדן. ווייל אין דער טיפעניש פון מיין האַרצן זענען פאַראַן צוויי זאַכן: אַ תפילה און אַ האָפענונג. די תפילה באַשטייט אין דעם, אַז ער זאָל מיך לאָזן גוט זיך אויסרעדן און די האָפענונג — ער זאָל מיר מוחל זיין.

מיינע ווערטער האָבן אויף אים געמאַכט, ווייזט אויס, אַן אויסער־געוויינלעכן איינדרוק, ווייל איך האָב באַמערקט, אַז זיינע גרויסע אויגן האָבן גענומען גלאַנצן פון פייכטקייט און זיי האָבן מיך עטלעכע מינוט אָנגעקוקט מיט אַזאַ ליבע מילדקייט, וואָס איך וואָלט זיך געוווּנטשן, אַז כאָטש פאַר מיין טויט זאָל איך זיי אויך זען ביי ראַוּלן.

דערנאָך האָט ער זיינע בײדע הענט אַרויפגעלייגט אויף מיינע ביידע אַקסלען וועלכע ער האָט לייכט אַ דריק געטון, זאָגנדיק:

— זאָרגט אייך נישט, דאָן כאָסע, אַלץ וועט גוט זיין... איך וועל טון אַלדאָס מעגלעכע, אַז די פיינלעכע לאַגע זאָל זיך ענדיקן. איך וועל אים ברענגען אַהער.

— ווען? ווען? — האָב איך אומגעדולדיק געפרעגט.

— נו, נו, איר ווייסט דאָך, מען קען נישט כאַפּן.

— אָבער...

— איך פאַרשטיי אייך, דאָן כאָסע, איך פאַרשטיי אייך און אייער אומגעדולד. אָבער ער געפינט זיך איצט נישט אין בוענאָס־איירעס, נאָר נאָענט פון דאַנען, אויף דער הכשרה!

— אויף דער הכשרה? — האָב איך איבערגעפרעגט( פילנדיק ווי מיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּן שטאַרקער. — ער וועט פאָרן קיין

פֿאַלע... — און איך האָב נישט פֿאַרענדיקט, ווייל איך האָב זיך אַליין פֿאַרשעמט פֿאַרן וועלן אַרויסברענגען היינט צו טאָג דאָס וואָרט פֿאַלעס־טינע, אין דער צייט וואָס עס עקזיסטירט מדינת ישראל. און אין אַ ווײַלע אַרום האָב איך פֿאַרענדיקט:

— כ׳מיין ער וועט פֿאָרן קיין ישראל.

— געוויס, דאָס איז דאָך זיין אידעאַל. און צוליב דעם... ער האָט נישט פֿאַרענדיקט, איך האָב אָבער געוווּסט וואָס ער וויל זאָגן.

— הייסט עס?

— יאָ, איך וועל אים ברענגען אַהער, אָבער — ער האָט זיך פֿאַר־טראַכט און דערנאָך האָט ער פֿאַרענדיקט — יאָ, דאָס וועט זיין ערשט שבת בייטאָג, ווען די געשעפֿטן זענען פֿאַרמאַכט. גלייך נאָך מיטאָג וועל איך צופֿאָרן אַהין מיט מיין אויטאָ און וועל אים ברענגען אַהער אין געשעפֿט אַריין. איך וועל אים שוין דערציילן עפּעס אַ מעשׂה וועגן בודעם, קלאָץ, פּאָליצע. נו, ס׳איז דאָך נישט וויכטיק וואָס. און איר קומט צו אַ זייגער פֿינף, אָדער האַלב זעקס. די מעטאַלענע שטאָר וועט זיין אַראָפּגעלאָזט כמעט אינגאַנצן. קלאַפּט אָן און איר וועט דאָ טרעפֿן אייער זון.

פֿול מיט האָפֿענונגען און מיט דאַנקבאַרקייט צו אַרנאָלדאָן האָב איך זיך איינגעבויגן און אָנגענומען זיין רעכטע האַנט און גענומען קושן, שעפּ־טשענדיק גלייכצייטיק:

— איך דאַנק אייך, איך דאַנק אייך... און די טרערן האָבן זיך גענו־נען קייקלען און זענען געפֿאַלן גלייך אויף זיין האַנט.

ער האָט זיין האַנט אַרויסגעריסן פֿון מיינער און געזאָגט:

— וואָס טוט זיך מיט אייך!

אַ פֿאַרשעמטער האָב איך זיך געלאָזט צו דער טיר נישט קוקנדיק אויף אַרנאָלדאָן. ביי דער טיר האָט מיך אָנגעיאָגט זיין קול:

— ובכן, ווייסט איר שוין, שבת פֿינף נאָכמיטיק.

די צוויי טעג וואָס עס האָבן געפֿעלט ביז שבת, ווען איך וועל ווידער זען מיין ראַולן, בין איך פֿון צימער נישט אַרויסגעגאַנגען. איך בין געזעסן און געלעגן, איינגעטעגעהט מיט זיך אַליין און געמאַכט פּלענער, ווי אַזוי אים אויפֿצונעמען און וואָס אים צו זאָגן.

צוויי מעת־לעת האָב איך אַזוי געהאַלטן אין איין איינחזרן וואָס צו רעדן מיט מיין קינד ווען מיר וועלן זיך צוזאַמענטרעפֿן און אַז איך האָב שוין דערלעבט דעם מאָמענט בין איך געבליבן אָן לשון.

ס׳איז געווען אַזוי:

צו דער באַשטימטער שעה בין איך שוין געשטאַנען לעבן אַרנאָלדאָס געשעפט. אין גאַס האָט זיך געפילט אַ שבתדיקע מנוחהדיקייט. די געשעפטן — פאַרמאַכט. פיל ייִדישע מענטשן האָבן שפּאַצירט און קאָמענטירט זייע־רע טאָגטעגלעכע ענינים. אָן עלטער פּאָרפאָלק איז פּאַמעלעך פּאַר־בייגעגאַנגען. ווען זיי האָבן זיך דערווייטערט, האָב איך צוגעשטעלט אַ פינגער צום עלעקטרישן קנעפּל. ס'האָט זיך דערהערט אַ קלונג און באַלד דערנאָך — טריט. די שטאָר האָט זיך פּאַמעלעך אויפגעהויבן און פאַר מיר איז געשטאַנען — ראַאוּל. איך האָב אים. גלייך דערקענט, כאָטש ער האָט זיך זייער שטאַרק געענדערט פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר זינט איך האָב אים נישט געזען. זיינע אויגן האָבן געקוקט שאַרף און דאָס פּנים איז געווען שטאַרק פאַרברוינט. דאָס כאַקי־העמד איז געווען צעשפּילעט און ס'האָט זיך אַרויסגעזען אַ שטאַרק באַוואָקסענע ברוסט.

ס'איז איבעריק צו זאָגן, אַז איך האָב אים געוואָלט אַרומנעמען, אָבער, זעענדיק, אַז ער דערקענט מיך נישט, בין איך געבליבן אַנט־מוטיקט און איך האָב נישט געקענט אַרויסרעדן קיין וואָרט. איך האָב געוואָלט אַרויסברענגען זיין נאָמען. אָבער דאָס קול האָט מיר נישט געדינט. די צונג האָט זיך מיר אין מויל באַוועגט, אָבער קיין קלאַנג איז פון מויל נישט אַרויסגעקומען.

האָב איך אים אַ ווייל אָנגעקוקט שטום. דערנאָך האָב איך שטיל געפרעגט:

— אַרנאָלדאָ?

— ביין ויידע — האָט ער מיר געענטפערט אין אַ זאַפּטיקן ייִדיש — איך וועל אים שוין צורופן. און ער האָט זיך דערווייטערט אין דעם צימער ווו עס האָט זיך געפונען די בוכהאַלטעריע. אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי ביידע אַרויסגעקומען. אַרנאָלדאָ האָט געהאַלטן אַרומגענומען ראַאוּלן. פון דער ווייטן האָב איך באַמערקט ווי אַרנאָלדאָ שמייכלט.

— קומט אַריין, דאָן כאָסע — האָט ער אויסגערופן.

ווען איך בין פּאַמעלעך צוגעגאַנגען האָט ער געזאָגט:

— ראַאוּל, דער מענטש איז דיין טאַטע.

איך האָב באַמערקט די תיכּפדיקע ענדערונג וואָס עס איז אין אים פאָרגעקומען. דער גוטמוטיקער שמייכל איז מאָמענטאַל פאַרשוווּנדן און זיינע דינע — דער מאַמעס —ליפּן האָבן זיך פאַרשלאָסן. זיינע אויגן האָבן געקוקט שאַרף, ביסטרע און פון זיי האָט אַרויסגעגלאַנצט אַ שנאה־פייערל. זיין פּנים איז געוואָרן דאָ בלייך, דאָ פּורפּור־רויט. איך האָב

דאָס אַלץ געזען און פֿאַרשטאַנען וואָס ער לעבט איבער אין דער איצ־טיקער מינוט. איך האָב געטראַכט, אַז איך דאַרף זיך האַלטן, נישט אַרויסווייזן קיין סענטימענטאַליטעט ביז מיר וועלן זיך צוזאַמענרעדן. דאָך האָב איך זיך נישט געקענט באַהערשן און איך האָב אים אַרומ־גענומען און עטלעכע מאָל אַ קוש געטון, דערנאָך בין איך אַ פּאַר־שעמטער צוריקטרעטן עטלעכע טריט.

ער, ראַול, איז געשטאַנען די גאַנצע צייט ווי פֿאַרשטיינערט. בלויז פֿון זיינע אויגן האָט אַרויסגעבליצט דאָס שנאה־פֿייערל. ווען איך האָב אים אַרומגענומען האָט ער אַ ציטער געטון, זיך אַ קאָרטשע געטון און דערנאָך ווידער זיך אויסגעגלייכט און געבליבן שטיין פֿאַר מיר אַ קאַל־טער, אַ פֿרעמדער און אַ ווייטער.

דעמאָלט האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז איך מוז מיט אים רעדן כאָטש עטלעכע ווערטער. איך האָב שוין געזען אין זיינע אויגן, אַז ער וועט מיר נישט מוחל זיין. דאָך האָב איך נאָך די גאַנצע האָפֿענונג נישט געהאַט פֿאַרלוירן און איך האָב זיך אָפּגערופֿן:

— ראַול, קינד מיינס, מיר מוזן זיך אַדורכרעדן...

זיין ענטפֿער איז גלייך געקומען. ער איז געווען אַ האַרטער, אַ שניידיקער, אַ קאַטעגאָרישער:

— מיט מיר האָט איר גאָרנישט וואָס צו רעדן. און רופֿט מיך נישט „מיין קינד".

— אָבער, — האָב איך אָנגעהויבן..

— קיין אָבער — האָט ער מיר איבערגעהאַקט מיט דער זעלבער שניידיקייט — איר זענט נישט ווערט געווען צו זיין אַ טאַטע און איך אנערקען אייך נישט ווי קיין פֿאָטער.

אָפּגעזאָגט, האָט ער זיך אויף גיך דערווייטערט און נישט גריסנ־דיק אַפֿילו אַרנאָלדאָן איז ער אַרויס.

ערשט איצט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אַלע מיינע האָפֿענונגען זענען זיך, ווי פֿאַפּיראָסן־רויך, צעגאַנגען און אין האַרצן איז מיר גע־וואָרן פּוסט. אַ ווייטיק און אַ מידקייט האָט גענומען באַהערשן מיין קערפּער. פֿון פּנים האָב איך געפֿילט שלאָגט מיר אַ היץ און פֿאַר די אויגן האָט מיר גענומען שווינדלען און די גאַנצע קלייט האָט זיך גע־נומען באַוועגן, פֿריער פּאַמעלעך און דערנאָך שטאַרקער און שטאַרקער. עס האָבן געטאַנצט אַ פֿאַנטאַסטישן טאַנץ: העמדער, פּושקעס, הענגנ־דיקע אָנצוגן, מאַנטלען, אויסבינדערס, קאָלדרעס, זיידנס, געוואַנטן, פֿאָליצעס. אַלץ האָט זיך באַוועגט מיט אַן אויסערגעוויינלעכער פֿאַנטאַס־

טישער שנעלקייט, מיט אַזעלכע מאָדנע אויסטערלישע באַוועגונגען. און צווישן זיי שטייט ראַול. ער שטייט מיט אַן אומנאַטירלעכער זיכערער פעסטקייט און קוקט אויף מיר מיט אַזעלכע שטרענגע שאַרפע אויגן אין וועלכע עס טליעט אַ שנאה־פייערל און דאָס פייערל ווערט אַלץ גרעסער און גרעסער. איך זע שוין מער נישט זיינע אויגן, נאָר צוויי טיפע לעכער פון וואַנען עס שפּאַרן אַרויס פייערן, גרויסע, מוראדיקע פייערן וואָס וויקלען אַרום ביסלעכווייז אַלץ — דאָס גרויסע געשעפט, די סחורה, מיך... און ווען דאָס פייער האָט מיר שוין אינגאַנצן אַרומגענומען, האָב איך גענומען ווילד שרייען:

— פייער! פייער! פייער!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

...ווען איך בין געקומען צו זיך, בין איך געלעגן אויף אַ הויך בעטל אין אַ ווייס־געפאַרבטן צימער. אַרום מיר זענען געשטאַנען דריי מענער און צוויי פרויען אָנגעטון אין ווייסן — איך האָב מיך געפונען אין דער ערשטער הילף־סאַלע פון ייִדישן שפּיטאָל (שפּעטער האָב איך מיך דערוווּסט, אַז בעת איך בין געפאַלן אין חלשות, האָט מיך אַרנאַלדאָ אַוועקגעפירט אין זיין אויטאָמאָביל ביזן ייִדישן שפּיטאָל, ווו ער צאָלט פאַר מיר) דער טורנע־דאָקטאָר און די קראַנקן־שוועסטער האָבן צופרידענע זיך צעשמייכלט ווען זיי האָבן געזען, אַז איך עפן די אויגן. אַביסל שפּעטער, האָט מען מיך אַריינגעפירט אין דער אכטער סאַלע און מען האָט מיר אַוועקגעלייגט אויף דער לעצטער בעט לעבן וואַנט. אויפן טעמפּעראַטור־פאַרצייכנער האָב איך באַמערקט דעם נומער זעכצן.

אַרנאַלדאָ קומט צו מיר עטלעכע מאָל אין וואָך, ראַול קומט נישט. די דאָקטוירים זאָגן, אַז איך וועל געזונט ווערן. אָבער איך פיל, אַז די כוחות גייען מיר אויס. קיין גבר בין איך קיינמאָל נישט געווען. אָבער איצט ווער איך מיט יעדן טאָג אַלץ דאַרער, איינגעשרומפּענער. די ווערים ווען שוין באַלד נישט האָבן וואָס צו עסן. איך וואָלט נאָר געוואָלט אין זאַך, אַז ראַול זאָל קומען פאַרן טויט און מיר מוחל זיין און דאַן וואָלט איך געקענט שטאַרבן רויק.

זייט גליקלעך און דעם בעסטן דאַנק פאַר אַלץ. אייער

י אָ ס ל  ג י ל מ אַ ן.

נאָכן איבערלייענען דעם בריוו זענען מיר ביידע — איך און מיין פרוי — געבליבן זיצן ווי געפּלעפטע. ביידע האָבן מיר זיך שטום אָנגעקוקט, נישט

קענענדיק אַרויסרעדן קיין וואָרט. בײדע האָבן מיר מיטגעפּילט מיט דעם אומ־גליקלעכן מענטשן, וואָס וויל און קען נישט ווערן קיין בעל־תשובה.

— נו? — האָט מיין פרוי דערנאָך זיך געווענדט צו מיר.

איך האָב פאַרשטאַנען, וואָס מיין פרוי איז אויסן. זי וויל, הייסט עס, וויסן וואָס איך רעכן צו טון. איך האָב טאַקע באַלד באַשלאָסן צו פאָרן קיין בוענאָס־איירעס און איך האָב איר מיין באַשלוס מיטגעטיילט.

— פאַרשטייסט טייערע — האָב איך צו איר געזאָגט — אַז מיט מיין פאָרן קיין בוענאָס־איירעס וועל איך דערפילן אַ פשוטן מענטשלעכן חוב. איך האָב האָפענונג, אַז איך וועל אויף ראַוולן קענען ווירקן אַז ער זאָל זיין טאַטן מוחל זיין. ווען עס מיר געלונגען — וועל איך האָבן אויפגעטון אַ גאָר, גאָר גרויסע זאַך.

## 37

און אָט בין איך אין בוענאָס־איירעס. איך לאָז זיך גלייך צו אַרנאָלדאָס געשעפט. איך קום אָן אין אָוונט, פאַרן שליסן די קלייט. איך טרעף אַ יונגנ־מאַן, וואָס איך פאַרשטיי, אַז ער איז דער באַלעבאָס פון געשעפט און איך פרעג אים:

— איר זענט אַרנאָלדאָ גאָלדמאַן?

דער יונגערמאַן האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיך אַ ווייל באַטראַכט.

— יאָ, — האָט ער דערנאָך געזאָגט און גלייך געפרעגט:

— וואָס פאַרלאַנגט איר?

— איך וואָלט וועלן איר זאָלט מיר שענקען עטלעכע מינוט, ווייל איך דאַרף מיט אייך עפּעס רעדן.

— מיין הער — האָט ער געענטפערט — ס'טוט מיר באמת לייד, וואָס איך קען מיך איצט נישט דערוויסן דעם מאָטיוו פון אייער קומען צו מיר. איך בעט אייך, קומט מאָרגן אין וועלכער שעה עס זאָל נישט זיין.

— אָבער — האָב איך געפּרוווט צושטיין.

אין אַ פריינטלעכן טאָן האָט ער פאָרגעזעצט:

— איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז מען איז אַ סוחר האָט מען קאָמערציעלע פאַרפּליכטונגען. איך מוז אַוועקגיין די רגע... קומט מאָרגן, מיין הער.

אַן אַנטוישטער, האָב איך געזאָגט „אַדיאָס" און זיך אויסגעדרייט, כדי אַוועקצוגיין, דאַן האָט ער זיך אָפּגערופן:

— אַנטשולדיקט, מעג איך וויסן מיט וועמען איך האָב דעם כבוד?

— פאַרוואָס נישט, אויב דאָס איז אַ כבוד. איך בין פון טוקומאַן. מען רופט מיך לייב.

ווי נאָר איך האָב אים געזאָגט מיין נאָמען האָט ער אויסגעשריגן אין גרויסער איבערראַשונג:

— לייב? אָבער מענטש איינער! פאַרוואָס האָט איר מיר גלייך נישט

געזאָגט ווער איר זענט? זעט נאַר, זעט נאַר, ווען איך האָב דעם כבוד צו קענען! קומט אַריין אין דער נאָענטסטער קאָנפּיטעריע וועלן מיר שמועסן. איך האָב מיט אייך זייער אַ סך צו שמועסן.

— אָבער, הער גאָלדמאַן, איר דאַרפט דאָך אָבער צוגיין וועגן געשעפט־לעכע ענינים...

— ס'מאַכט נישט, ס'מאַכט נישט. איבעריקנס וועל איך פון דער קאָנפּי־טעריע רעדן טעלעפאָניש.

ער האָט מיך אָנגענומען ביים אָרעם און מיר זענען אַריין אין אַ קאָנ־פּיטעריע, ווו ער האָט גלייך באַשטעלט אַן אַפּעריטיוו מיט צובייסן פאַר ביידן און ווען דער קעלנער האָט זיך דערווייטערט, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— מסתמא קומט איר צו מיר וועגן ראַוּלן?

— געוויס — האָב איך געענטפערט.

— אַ טייערער בחור, ראַוּל, איך האָב אים באמת ליב. שלעכט איז דאָס, וואָס זיין האַרץ איז דורכגעפרעסן מיט שנאה צו זיין טאַטן. אוי, הער לייב, וואָס ווייסט איר, וואָס איך האָב שוין מיט אים געהאַט! איך האָב אים שוין אַפילו איינמאָל פאַרנאַרט צו מיר אין געשעפט אַריין כדי ער זאָל זיך טרעפן מיטן טאַטן, איך האָב געהאַט די בעסטע כוונות. איך האָב געוואָלט, אַז איינמאָל פאַר אַלעמאָל זאָל זיך ענדיקן אָט דער ברוגז. האָט איר געדאַרפט זען, ווי ער האָט זיך עס אויפגעקאָכט. ער האָט זיך צעשריִען אויפן טאַטן, אַז ער איז נישט ווערט צו זיין קיין טאַטע; אַז ער אָנערקענט אים נישט פאַר קיין פאָטער. און ער איז אַוועקגעלאָפן פון געשעפט, ווי אַן אונטערגעשאָסענער. דער טאַטע זיינער האָט פאַר ווייטיק פאַרלאָרן דעם באַוווסטזיין. און ווען איך פיר אים נישט אַוועק אין מיין אויטאָמאָביל אין שפּיטאָל וואָלט ער געוויס אויסגעגאַנגען.

— איך ווייס, איך ווייס — האָב איך אַ זאָג געטון.

— פון וואַנען ווייסט איר דאָס אַלץ?

— ווייל יאָסל, ס'הייסט דאָן כאָסע, האָט מיר דאָס אַלץ געשריבן פון שפּיטאָל און טאַקע צוליב דעם בין איך געקומען. איך וויל זען ראַוּלן.

— ראַוּלן — האָט ער אַ פרעג געטון, אַ מאַך טוענדיק מיט דער האַנט.

— געוויס. איך וועל טון אַלדאָס מעגלעכע כדי אים צו איבערצייגן אין דער נישט ריכטיקייט פון זיין האַנדלונג. איך וויל האָפן...

ער האָט מיר איבערגעשלאָגן, זאָגנדיק:

— איך גלויב נישט, אַז דאָס זאָל אייך געלינגען, נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס ער האָט פאַר אייך אַן אויסערגעוויינלעכן רעספּעקט.

— טאַקע דערפאַר וויל איך מיט אים רעדן. מיך, גלויב איך, וועט ער אויסהערן.

— מיך וויל ער אַפילו נישט הערן — האָט ער געזאָגט מיט ווייטיק — פריער, איידער איך האָב אים צוזאַמענגעבראַכט מיטן טאַטן, פלעגט ער קומען אַהער פון דער הכשרה גאַנץ אָפט און מיר פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען, גע־רעדט, געשמועסט, דיסקוטירט, און איצט, אַז איך קום שבת בייטאָג,אָדער זונטיק אַהין, מיידט ער אויס מיט מיר צו רעדן. איך האָב איינמאָל געפּרווט דערמאָנען וועגן טאַטן, האָט ער מיר גלייך אָפּגעהאַקט, זאָגנדיק:

— אויף צו רעדן וועגן אים קום בעסער נישט — — —

ביידע זענען מיר געבליבן שטיל אַ לאַנגע ווײַלע.

דערנאָך האָבן מיר ווידער גענומען רעדן וועגן דעם ווי אַזוי איך זאָל זיך טרעפן מיט ראָולן. אַרנאָלדאָ האָט מיר דערציילט, אַז דעם קומענדיקן שבת וועט ראָול זיין אין שטאָט אויף אַ פייערונג לכבוד דער גרופּע חלוצים, וואָס פאָרן שוין דעם נאָענטן חודש אָפּ קיין ישראל. עס איז ביי אונדז ביידע געבליבן, אַז איך זאָל קומען אויף דער דאָזיקער פייערונג אַרום האַלבע נאַכט, ווען זי וועט זיך שוין פאַרענדיקן. דאַן וועל איך טרעפן ראָולן און אים אַרויסנעמען מיט זיך אין גאַס אַריין אויף אַ שמועס.

אַזוי האָב איך טאַקע געטון. שבת אַזייגער האַלב איינס ביינאַכט, בין איך צוגעקומען צום סאַלאָן, ווו עס איז פאָרגעקומען די מסיבה.

ביי מיין אַריינקום האָט זיך דער אָפיציעלער טייל פון דער פייערונג שוין געהאַט פאַרענדיקט. דאָ און דאָרט האָבן נאָך גרופּעס יונגוואַרג פאַרוואָרפן די הענט אויף די אַקסלען און מיט התלהבות געטאַנצט פאַרשידענע ישראל־טענץ. פון איין ראָד האָט זיך דערהערט אַ התלהבותדיק קול:

— אבא! אמא!

און דער גאַנצער ראָד האָט געענטפערט טאַנצנדיק:

און ווידער:

— אמא, אבא!

דער ענטפער:

— אבא, אמא!...

צווישן איין גרופּע, וואָס האָט געטאַנצט אַ האָראַ האָב איך דערקענט ראָולן. איך בין צוגעגאַנגען, אַראָפּגענומען אַ חברהס האַנט, וואָס איז געווען פאַרפלאָכטן מיט אַ צווייטער אויף ראָולס פּלייצע און איך האָב מיך אַריינ־געשטעלט און גלייך פאַרפלאָכטן מיינע הענט אויף דעם מיידלס און ראָולס פּלייצעס און דער טאַנץ איז ווידער אָנגעגאַנגען. הענט האָבן זיך פעסט גע־האַלטן, פיס האָבן לייכט זיך געהויבן, קערפּערס האָבן זיך ריטמיש באַוועגט.

ראָול, פונקט ווי אַלע, איז געווען פאַרטון אין טאַנצן און ער האָט מיך פון אָנהייב נישט באַמערקט. אָבער פלוצים האָט ער אַ דריי געטון דעם קאָפּ אין

מײַן זײַט און זײַנע אויגן האָבן מיך דערזען. ער איז האַסטיק געבליבן שטיין און פון זײַן האַסטיקער באַוועגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט דאָס גאַנצע ראָד. צום ערשט איז ער געשטאַנען אַ ווײַל און מיך אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט נישט באַנומען וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער שפּעטער, קומענדיק צו זיך פון דער איבעראַשונג, האָט ער זיך אַרײַנגעוואָרפן אין מײַנע אָרעמס און אַוועקגעלייגט זײַן קאָפּ אויף מײַן אַקסל.

אַלע אַרום זענען פאַרוווּנדערטע געבליבן שטיין און זיך צוגעקוקט צו דער סצענע.

מיר זענען געשטאַנען צווישן דעם געווימל פון מענטשן מיט צעשטראַלטע און דערשטוינטע פּנימער און בײדן האָבן אויסגעפּעלט ווערטער.

איך האָב דער ערשטע זיך צוריק געפונען און זיך אָפּגערופן, פּאַטשנדיק אים גוטברודעריש אין פּלײצע.

— נו, ראַול, אַבי מען זעט זיך.

ראַול האָט זיך אויסגעגלײכט, מיך פאַרשעמט אָנגעקוקט און אָננעמענדיק מיך בײם אָרעם, האָט ער שטיל אַ מורמל געטון:

— קומט אין דרויסן...

מיר זענען אַרויסגעגאַנגען.

מיר זענען געגאַנגען שווײַגנדיקע. איך בין געווען פאַרטיפט אין מײַנע געדאַנקען. איך האָב געוווּסט, אַז צוליב זײַן עקסטרעמער סענסיביליטעט דאַרף מען זײַן זײער און זײער פאַרזיכטיק. און ראַול איז געגאַנגען אַ שווײַגנדיקער, האַרט לעבן מיר. האַלטנדיק מיך בײם אָרעם. ער איז געגאַנגען ווי אַ פאַר־שולדיקטער חדר־ייִנגל וואָס דערוואַרט אַ שטראָף.

אָט אַזוי שווײַגנדיקערהייט זענען מיר דערגאַנגען ביז צו מײַן האָטעל און מיר זענען אַרויף געפאָרן אין מײַן צימער אַרײַן.

אַרײַנקומענדיק אין מײַן צימער האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און שטום געקוקט אויף מיר.

— דערצײלט־זשע, וואָס מאַכט איר? ווי איז עס אײַך געגאַנגען די גאַנצע צײַט? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט געשוויגן.

איך האָב זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכל:

— גוט. אויב איר האָט גאָרנישט צו דערצײלן וועלן מיר כאַפּן אַ דרימל.

— וואָס איז דאָ פאַראַן צו דערצײלן — האָט ער פּלוצים געפרעגט און גלײַך אַליין געענטפערט — נישטאָ וואָס צו דערצײלן.

— דאָך מײַן איך — האָב איך געזאָגט — אַז עפּעס האָט מיט אײַך פּאַ־סירט, זינט יענעם פאַרטאָג, ווען איר האָט פאַרלאָזט מײַן האָטעל־צימער. איך

מיך, אַז איר האָט געדאַרפט עפּעס דורכמאַכן ביז איר זענט געקומען צו דער איצטיקער לאַגע פון פייערן אייער עליה קיין ישראל. מיינט נישט, אַז איך צווינג אייך, חלילה, אַז איר זאָלט מיר דערציילן. חס וחלילה. אויב אייך איז שווער און איר ווילט בעסער מיטנעמען די סודות קיין ישראל, ווינטש איך אייך אַלץ איינס צוויי זאַכן: אַ רפואה שלימה צו אייער האַרץ און טרעפן סאַריטאַן.

איך בין אַנטשוויגן געוואָרן און אין צימער האָט געהערשט אַ מוראדיקע שטילקייט, אין וועלכער עס האָט זיך בלויז דערהערט אַ לייכטער שעפּטשען, ווי בעת אַ תפילה:

— סאַריטאַ... סאַריטאַ...

פּלוצים האָט ראַול איבערגעריסן די שטילקייט און געפרעגט:

— מיינט איר, אַז איך וועל דאָרט געפינען סאַריטאַן?

— וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע — האָב איך געענטפערט — געוויס וועט איר דאָרטן זי געפינען! עס וועט אייך זיין לייכט זי צו געפינען. איר פאָרט דאָך דורך דער זעלבער אָרגאַניזאַציע און סאַריטאַ געפינט זיך דאָך אין איינעם פון די קבוצים פון דער אָרגאַניזאַציע.

ווידער איז געוואָרן שטיל.

ווען דאָס דריקנדיקע שווייגן האָט אָנגעהאַלטן אַ לענגערע צייט האָב איך אָפּגערופן:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ראַול, אַז מיר דאַכט זיך, אַז אייער כאַראַקטער איז נישט פאַר ישראל. דאָרט דאַרף מען אַ יוגנט, אַ פריילעכע. מיט שטאַרקע כאַראַקטערן און שטאָלענע נערוון, און איר...

— מיינט איר, אַז איך דאַרף נישט פאָרן? — האָט ער מיט אַנגסט אין זיין קול געפרעגט.

איך האָב געענטפערט:

— גאָט באַהיט! וואָס הייסט נישט פאָרן? אַוודאי דאַרפט איר פאָרן. איר און נאָך אַ סך מיט אייך. דאָס איז דאָך ישראלס האָפענונג אַז עס זאָלן קומען וואָס מער יידן.

— גלויבט מיר, מיין פריינט, אַז איך טראַכט אויך אַזוי — האָט ראַול געזאָגט. איך פאַרשטיי אויך, אַז וואָס מער יידן עס וועלן פאָרן, אַלץ שטאַרקער און אומאָפּהענגיקער וועט ווערן אונדזער מדינה. און איבערהויפּט דאַרף זי אונדז — די יוגנט — וואָס האָבן נישט קיין אַנדערע אַמביציעס ווי דינען דעם פאָלק און דעם לאַנד — — —

ער האָט געמאַכט אַ קורצע פּויזע און פאָרגעזעצט:

— איר, וואָס איר קענט מיין לעבן און מיינע איבערלעבונגען, קענט נאָך

שלעכט אויסטייטשן מיין עולה זיין. איר קענט מיינען, אַז איך פּאַר בלויז צוליב סאַריטאַן. אָבער גלויבט מיר, אַז נישט דאָס איז די סיבה צוליב וועלכער איך בין עולה. איך בענק שטאַרק נאָך דעם טייערן מידל, וועלכע איך האָב אַזוי שטאַרק ליב. אָבער די הויפּט־סיבה פון מיין עולה זיין איז דאָס וואָס איך בין איבערצייגט, אַז דאָרטן איז מיין אָרט. מיין אָרט און דאָס אָרט פון נאָך אַ סך, אַ סך ייִדן און בלויז מיט אַ פאַרשטאַרקטער עליה וועלן מיר פאַרזיכערן די ישראל־עקזיסטענץ.

— ווען האָט איר אָנגענומען דעם באַשלוס פון עליה? — האָב איך גע־פרעגט.

— קורץ נאָך דעם, ווי מיר האָבן זיך צעשיידט — איז געקומען זיין באַלדיקער ענטפער. און דערנאָך האָט ער פאַרגעזעצט:

— דאַן, ווען איך בין אַרויס פון אייער צימער, בין איך אַ ווילע געבליבן שטיין הינטער דער פאַרמאַכטער טיר. איך האָב דאַן נישט געוווּסט וואָס צו טון. עס האָט זיך מיר דאַן אַזוי געוואָלט וויינען. ס'איז אָבער פאַרבייגעגאַנגען דאָס קאַמער־מיידל, וואָס האָט אונדז אין אָוונט דערלאַנגט דעם קאָניאַק מיטן עסן און זי האָט מיך באַגריסט שמייכלענדיק און גלייכצייטיק האָט זי אויף מיר אַזוי מאָדנע געקוקט. האָב איך זיך געשטאַרקט און מיט גיכע טריט פאַר־לאָזט דעם האָטעל.

אין דרויסן איז געווען זומערדיק קיל. די זון וואָס איז ערשט געהאַט אויפגעגאַנגען האָט זיך רחבותדיק געגומען צעשפּרייטן איבער אַ העל צעבלויטן הימל און האָט אָנגעזאָגט אויף אַ ווונדערבאַר שיינעם טאָג. מענטשן האָבן זיך שוין געאיילט צו דער אַרבעט. צייטונגס־פאַרקויפער האָבן שוין אויסגערופן זייער סחורה: די פרימאָרגן־צייטונגען. אין דער לופטן איז ממש געהאַנגען אָט אַ די ווונדערלעכע סימפאָניע פון אַן אויפשטייענדיקער גרויסער שטאָט. איך האָב דאָס אַלץ אויפגעכאַפּט, כאָטש מיר איז דאַן גאָרנישט געלעגן אין זינען. גאָרנישט! דער מוח איז מיר געווען אַזוי פּוסט, אַזוי פּוסט... איך האָב אַפילו נישט געוווּסט דעם מאָטיוו פון דער פּוסטקייט... כאָטש איצט מיין איך אַז עס איז געקומען פון דעם, וואָס איך האָב אייך יענע נאַכט דערציילט... ווייל דער־ציילנדיק אייך, האָב איך עס נאָכאַמאָל איבערגעלעבט מיט אַלע ווייטיקן; מיט אַלע ליידן, מיט אַלע גרוילן.

האָב איך גענומען אָן אַ ציל אַרומשפּאַנען איבער די בוענאָס־איירעסער גאַסן נישט זעענדיק קיינעם; נישט באַמערקנדיק קיינעם; נישט הערנדיק קיי־נעם. אַ האַלב אידיאָטיזירטער האָב איך זיך אַרומגעשלייכט, אָנשטויסנדיק זיך פיל מאָל אָן אומבאַקאַנטע מענטשן, וואָס פון אַ סך פון זיי, בין איך גראָב באַ־ליידיקט געוואָרן.

אַזוי אַ גאַנצן טאָג.

שפּעט אין אָוונט האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אין אַ פינצטער ווינקל פון די פּאַלערמאָ־וועלדער. דער אָוונט, געדענק איך, איז געווען אַ הערלעכער. די לבנה האָט ממש מיט איר הערלעכער מאַיעסטעטישער בלאַסקייט זיך גע־שלענגלט איבער אַ טונקל טיף בלויען הימל, וואָס האָט געהאַלטן אין איין פינקלען, ווי זיי וואָלטן זיך געהאַלטן אין איין סודען, פּונקט ווי די אָן אַ שיעור פּאָרלעך, וואָס זענען געווען אויסגעזעצט אויף די שאָטנדיקע און ווייניק באַ־מערקבאַרע ערטער.

צו מיינע אויערן האָבן זיך דערטראָגן פאַרשידענע קלאַנגען, קלינגענדיקע קושן, שטיקנדער כליפּען, נישט דערזאָגטע ווערטער, ווייכער פּליאַסקען אין וואַסער פון אין אַ שיפל שפּאַצירנדיקער פּאָרל; אַ אין דער נאָענט דורכפאָרנ־דער אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אַ מיט גרויסע פאַרפלאָנטערטע צווייגן שאָטנדיק ווינקל.

אָבער מיר האָט דער אָנרעגנד־רייצנדער ווינקל נישט אינטערעסירט. אַ גלייכגילטיקער בין איך געזעסן און זיך צוגעקוקט צו אַלץ און איך בין דאַן איינגעשלאָפן און פאַר איז דערשינען סאַריטאַ! זי איז דערשינען מיט איר גאַנצער פּראַכט! מיט איר געלאָקטן שיין פאַרקאַמטן קאָפּ האָר; מיט איר כמעט שטענדיק צעפלאַמטן און צעשמייכלטן פּנים, קלוגע גלעטנדע אויגן, זאַפטיקע ליפּן, פולע היפּטן. איך האָב זי געזען אין פאַרשידענע פּאָזעס — אָט אַ טאָקע, ווען איך האָב זי געזען אין יענעם טאָג, ווען זי איז געקומען באַגלייט פון אַרנאָלדאָן און ער שטעלט זי מיר פאָר און אָט ווי זי דערלאַנגט אונדז מאַטע ביי אים אין צימער מיט איר כאַראַקטעריסטישן רייצנדן שמייכל, און פון אַלע אונדזערע באַגעגענישן זינט יענעם טאָג. אָט זע איך זי ביי דער פּראַקטישער אַרבעט ביי איר אין קבוצה און אָט ווי איך באַגלייט איר אַהיים. אָט ווי מיר שטייען פיל מאָל שעהן לעבן איר שטוב און אָט ווי זי לייגט אַריין איר ווייך הענטל אין מיינער — ביים געזעגענען זיך — און איך דערלויב מיך קוים עס צאַרט אַ דריק צו טון און דערנאָך האָב איך זי געזען אין איר גאַנצע פּראָוואָ־צירנדיקער פּרווושקייט פון יענעם אָוונט, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל זיך אַריינגעזויגן אין אירע זאַפטיקע ליפּן. און דערנאָך האָב איך זי געזען דאָס לעצטע מאָל ביי איר אין פּאָדערצימער, ווי זי ווײנט; ווי זי לײדט, ווי איר טאַטע טרייבט מיך אַרויס. פון דאַן אָן איז זי שוין פאַר מיר דערשינען אַן אומעטיקע, אַ טרויעריקע. איך האָב איר אויך געזען אויפן שיף, ווי אַלע אירע חברים און חברות טאַנצן אַ האָראַ, לאַכן און שטיפן און זי זיצט אין אַ ווינקל אַ טרויעריקע, אַ פאַרטראַכטע, קוקנדיק אויפן וויטן האָריזאָנט. איך האָב זי אויך געזען אין קיבוץ, ווו זי אַרבעט צוגלייך מיט אַלעמען אָבער אויף איר

פּנים איז אויסגעגאָסן טרויער. פּלוצים האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן מיר. מיט אירע גרויסע, שטענדיק גלעטנדע, לאַשטשענדיקע אָבער איצט טרויעריקע אויגן האָט זי מיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע און זיך אָפּגערופן מיט אַ שטיל, ציטערדיק קול:

— פאַרוואָס האָסטו מיך איבערגעלאָזט? האָסט דאָך מיר געזאָגט, אַז דו האָסט מיך ליב... מיר וואָלטן דאָך געקענט פאָרן צוזאַמען, חתונה האָבן, זײַן גליקלעך... פאַרוואָס האָסטו מיר איבערגעלאָזט, פאַרוואָס?

אירע ווערטער האָבן מיך געשטאָכן ווי מיט שפּילקעס. זיי האָבן מיר ווײי געטון ווי מען וואָלט מיר געשניטן דאָס לײַב. איך האָב געגומען פּילן, ווי אַ שווערע משא לאָזט זיך אַראָפּ אויף מיר און מאַכט מיך צוזאַמענברעכן אונטער איר וואָג. איך הויב אָן שרײַען:

— סאַריטאַ! סאַריטאַ! העלף מיר, סאַריטאַ!

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט. אַן אומבאַקאַנטער מענטש איז געשטאַנען אַנטקעגן מיר, האַלטנדיק מיט איין האַנט געאָרעמט זײַן באַגלייטערין און מיט דער צווייטער האָט ער מיר געטרייסלט.

— זאָרג זיך נישט, חברל — האָט ער לאַכנדיק געזאָגט, ווען ער האָט שוין געזען, אַז איך עפן מײַנע פאַרשלאָפענע אויגן און אַ דריק־טוענדיק זײַן באַגלייטערין בײַם אָרעם — זי וועט קומען... אויב נישט הײַנט, איז מאָרגן... כאַ, כאַ, כאַ!

אַ פאַרשעמטער האָב איך זיך גיך אויפגעשטעלט און זיך דערווײַטערט פון זיי און פון זייער לאַכן.

און אַזוי גייענדיק האָב איך זיך דערמאָנט אין אַלץ, וואָס איר האָט מיר געזאָגט יענע נאַכט. אַלע אײַערע עצות זענען מיר געקומען אויפן זין און איך האָב געוואָלט צוגיין צו אײַער האָטעל־צימער כדי צו בעטן בײַ אײַך, אַז איר זאָלט מיר מוחל זײַן פאַר מײַן נישט קאָרעקטער האַנדלונג לגבי אײַך, פאַר מײַן אופן פון אַוועקגיין פונעם האָטעל. און דער עיקר: איך באַדאַנקען פאַרן אַרויסשלעפּן מיר פון תהום אין וועלכן איך בין אַרײַנגעפאַלן און וואָס האָט מיר נאָכאַמאָל געצויגן צו זיך.

איך האָב זיך אָבער דערמאָנט אײַערע ווערטער, אַז דעם זעלבן טאָג פאָרט איר אַוועק אַהיים. און איך האָב מיך געפילט אַזוי שולדיק קעגן אײַך און דערפאַר, נישט קענענדיק אײַך באַדאַנקען פערזענלעך — האָב איך באַשלאָסן צו פאָלגן אײַערע עצות און זיך נעמען אין די הענט אַרײַן און ווערן — דאָס וואָס מען רופט — אַ מענטש.

איך בין אַרײַן אין אַ ביליקן האָטעל און דאָרטן איבערגעשלאָפן, באַ־

צאָלנדיק מיטן געלט, וואָס איר האָט מיר אַריינגעשפּאַרט אין קעשענע און אויף מאָרגן בין איך אַוועק צו אַרנאָלדאָן.

זאָגן, אַז אַרנאָלדאָ האָט זיך מיט מיר דערפריייט איז גאָרנישט געזאָגט. ער איז שיעור נישט משוגע געוואָרן, ווען ער האָט מיך דערזען. איך געדענק, אַז ווען איך בין אַריינגעקומען צו אים אין געשעפט איז ער געווען פאַרנומען מיט אַ קונה, אָבער ווי נאָר ער האָט מיך דערזען, האָט ער זיך אַנטשולדיקט פאַרן קונה און איז צוגעלאָפן צו מיר און מיך אַרומגענומען און געקושט פונקט... נו, פונקט ווי אַ געליבטער. איך האָב באַמערקט, אַז סיי די אָנגע־שטעלטע, סיי די קונים שטייען און שמייכלען עמאָציאָנירטע פון דעם ספּעק־טאַקל.

— ראַול, טייערער ראַול — האָט ער נישט אויפגעהערט איבערצוחזרן די ווערטער, דריקנדיק מיך צו זיך און פּאַטשנדיק מיר גוטברודעריש אין פּלייצע.

איך וועל אייך אויסזאָגן אַ סוד, אַז זיין ווונדערבאַרע אויפנאַמע, האָט מיך שטאַרק, זייער שטאַרק איבערראַשט. ווייל — ווי איר געדענקט — האָב איך ביי אונדזער לעצטער באַגעגעניש אים צוגעזאָגט צו קומען. נו, האָט דער טייוול זיך אַריינגעמישט און מיך געמאַכט פאַר אַ ליגנער. עס איז געקומען דער צוזאַמענשטויס מיט כוליאַן און מיין אַרעסט. פריִער אין קאָמיסאַריאַט און דערנאָך אין דער קאָרעקציע־טורמע. דערנאָך דאָס קייקלען זיך באַרג־אַראָפּ ביז איז בין געקומען צו דער לאַגע, ווי איר האָט מיך געטראָפן. און דאָ גאָר — אַזאַ ליבע אויפנאַמע; בין איך געשטאַנען אַ צעטומלטער און זיך געלאָזט פּאַטשן אין פּלייצע, קושן... ער האָט עס, ווייזט אויס, באַמערקט, האָט ער מיך אָפּגעלאָזט, מיך גוט באַטראַכט און צום סוף האָט ער געזאָגט:

— נו, ראַול, מיר האָבן דאָך אַזוי פיל צו רעדן. וואַרט צו ביז איך וועל צומאַכן דאָס געשעפט, וועלן מיר מיטאָגן צוזאַמען און דאָרטן וועלן מיר רעדן. ווי נאָר מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל, האָב איך געפרעגט:

— פרעגסט מיך גאָרנישט, פאַרוואָס איך בין נישט צוריקגעקומען? ער האָט זיך ברייט צעשמייכלט און זיינע גרויסע אויגן האָבן מיך מילד אָנגעקוקט. ער האָט געזאָגט:

— אַז דו ביזט נישט געקומען, האָסטו מסתמא נישט געקענט קומען... עפּעס האָט מיט דיר געדאַרפט פּאַסירן. אַז דו וועסט מיר זאָגן וועל איך וויסן...

איך האָב אים אַלץ דערציילט. נישט דורכגעלאָזט דעם קלענסטן פּרט און איבערהויפּט דאָס וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט לעצטנס, איך מיין דעם צוזאַמענטרעף מיט אייך און אייער האַנדלונג לגבי מיר.

ווען איך בין שטיל געוואָרן האָט מיר אַרנאָלדאָ געפרעגט:

— וואָס רעכנסטו איצטער טון?

— וואָס קען איך איצטער טון? — האָב איך געענטפערט מיט אַ פראַגע, צוגעבנדיק גלייך:

— איך גיי אָרום, ווי אַ צעמישטער און ווייס גאָרנישט.

ער איז געבליבן זיצן פאַרטראַכט. אין אַ ווינקל אויג האָט אַ גלאַנץ געטון אַ טרער. זיין פּנים איז געווען פאַרזאָרגט.

— ווייסט גאַנץ גוט, — האָט ער דערנאָך געזאָגט — ווי טייער דו ביזט מיר און ווי דיינע איבערלעבונגען טוען מיר ווי. מיין נישט, אַז עס איז אַן אָנשטעל... און איצטער, מער ווי פריִער, וויל איך דיר באמת העלפן און מיט פאַרגעניגן וואָלט איך דיר אַריינגענומען צו מיר אין קלייט. מיין טאַטע ליגט שוין מער ווי אַ יאָר אין בעט און פאַרשטייט זיך, אַז אין געשעפט מישט ער זיך שוין נישט. אָבער, נו, איך מיין, אז אפשר ווערסטו זיך נישט פילן גוט ביי מיר אין קלייט, דווקא דערפאַר, וואָס מיר זענען גוטע חברים — איז. יאָ, באַלד פון קלייט וועל איך רעדן צו עמעצן פון מיינע באַקאַנטע סוחרים, כדי צו קריגן פאַר דיר אַ פּאָסטן. דו, אָבער, זע זיך צו נעמען אין די הענט אַרייך און מיט דער צייט וועלן מיר זען, וואָס מיר האָבן צו טון.

גלייך אויף מאָרגן האָב איך שוין אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין אַ געשעפט, נאָענט פון אַרנאָלדאָן. ער האָט מיר אויך אויסגעליִען געלט, כדי איך זאָל זיך קויפן מלבושים, וועש און אַנדערע נויטיקע זאַכן.

דעם זעלבן שבת זענען מיר שוין געווען אויף אַ גרעסערע מסיבה, הערנ־דיק אַ ישראל־שליח.

אַ נײַ לעבן האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן. אַ נײַ לעבן — מיט נײַע האָפע־נונגען. אַ גאַנצן טאָג בין איך געווען אין געשעפט און אין די אָוונטן — אין דער אָרגאַניזאַציע, וווּ איך בין אַמאָל געגאַנגען מיט סאַריטאַן און וווּ איך האָב ווידער אָנגעהויבן צו זיין טעטיק און ווידער — מיטן גאַנצן האַרצן, מיטן גאַנצן ברען פון מיין יוגנטלעכער נשמה, וואָס האָט געזוכט צוויי זאַכן: שטילן דעם ווייטיק, וואָס עס האָט זיך ביי מיר אָנגעקליבן פאַר דער גאַנצער צייט און באַקאַנט ווערן און אויך באַקאַנט מאַכן אַנדערע מיט אַלץ וואָס עס געשעט אין מדינת־ישראל. מיט יעדן טאָג האָב איך אַלץ מער גענומען פילן די ענ־דערונג, וואָס עס איז מיט מיר פאָרגעקומען; יעדן טאָג, האָב איך מיט סאַטיס־פאַקציע, באַמערקט, אַז איך ווער אַזוי צו זאָגן, נאָרמאַלער, און אַז איך ווער אַלץ מער באַלעבאָס איבער זיך.

מיט אַרנאָלדאָן האָב איך מיך געטראָפן יעדן טאָג. מיר האָבן, ווי אַ פּאָר־ליבט פּאָרל, שטענדיק געהאַט וואָס צו רעדן, וואָס צו דערציילן, וואָס צו שמועסן.

איינמאָל, ווען מיר זענען געקומען צוריק פון אַ מסיבה, האָב איך זיך אָפּגערופן:

— ווייסט, אַרנאַלדאָ, איך רעכן אַוועקפאָרן.

ער איז געבליבן שטיין, זיין פּנים — האָב איך באַמערקט — האָט באַ־קומען אַן אַנדער אויסדרוק. איז געוואָרן פריִער ערנסט און דערנאָך פאַרכמאַ־רעט, מרה־שחורהדיק. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אַ דערשטוינטער האָט ער געזאָגט:

— וואָס איז, עס שטעכט דיך דער האָבער?

איך האָב אים איבערגעשלאָגן, זאָגנדיק:

— רעד נישט קיין נאַרישקייטן, אַרנאַלדאָ! כ'האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין ישראל.

— קיין ישראל? — האָט ער אַן איבעראַשטער אויסגערופן, אַרומנע־מענדיק מיך און צודריקנדיק מיך צו זיך.

ער האָט מיר אָבער גלייך אָפּגעלאָזט און זיין צעשטראַלטער פּנים איז ווי פאַרוואָלקנט געוואָרן. איך האָב באַמערקט, אַז ער וויל עפּעס זאָגן, נאָר ער וואָגט נישט.

— האָסט מיר גאָרנישט וואָס צו זאָגן? — האָב איך אים געפרעגט, צו־געבנדיק גלייך:

— זאָג, וואָס דו ווילסט, אַרנאַלדאָ, זאָג.

אַ שווייגנדיקער האָט ער מיר אַ ווייל אָנגעקוקט מיט זיינע גרויסע מילדע אויגן, ווי ער וואָלט געקלערט וואָס צו זאָגן.

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת, ראַוּל — האָט ער דערנאָך געזאָגט — אַז עס וווּנדערט מיך זייער אויף דיר.

— אַ שטייגער?

— אַ שטייגער? אָט קומסטו און זאָגסט, אַז דו פאָרסט קיין ישראל.

— הייסט עס, אַז דיך וווּנדערט וואָס איך בין עולה?

— ניין, ראַוּל, נישט דאָס. וואָס מיך וווּנדערט איז דאָס, וואָס דו האָסט נישט געפונען פאַר נויטיק מיר צו דערציילן גלייך, ווי דער געדאַנק איז ביי דיר רייף געוואָרן.

— און ווער זאָגט דיר, אַז איך האָב אַזוי נישט געהאַנדלט?... טאַקע אויף דער מסיבה האָב איך עס באַשלאָסן צו טון. און אַזוי ווי פון דער אָרגאַניזאַציע פאָרט אָפּ בקרוב אַ גרעסערע גרופּע אויף הכשרה וועל איך קענען זיין צווישן זיי.

אין עטלעכע טעג אַרום בין איך אַוועק פון מיין פּאָסטן און געפאָרן אויף דער הכשרה און ערשט דאָרטן האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך בין אַ טויגעניכטס.

נישט זייענדיק געוווינט צו שווערע פיזישע אַרבעט, האָט מיך די פעלד־אַרבעט פּשוט צעבראָכן. מיינע הענט זענען מיר פול געוואָרן מיט ווונדן און דער קערפּער האָט מיר נישט אויפגעהערט ווײ צו טון. אָבער איך האָב זיך נישט אונטערגעגעבן! און איצט, קנאַפּע זיבן חדשים נאָך דעם, בין איך שוין אַ שטיקל עקספּערט אין אַגריקולטור, איבערהויפּט וואָס שייך אינטענסיווער אַגריקולטור.

מיינט נישט, אָבער, אַז מיט מיין אַוועקגיין אויף הכשרה, האָט זיך שוין פאַר מיר פאַרענדיקט די חברשאַפט מיט אַרנאַלדאָן. חלילה! ער פלעגט שטענ־דיק צוקומען אין די שבתים, זונטיקן אָדער יום־טובים און מיר פלעגן שוין שמועסן וועגן אַלץ. און פיל מאָל פלעג איך מיט אים מיטפאָרן אין שטאָט, ווו מיר פלעגן פאַרברענגען צוזאַמען.

איינמאָל, מיט אַ פינף, זעקס חדשים צוריק, איז אַרנאַלדאָ געקומען צו מיר אַ שבת בייטאָג און מיר גערופן אין שטאָט אַריין. איך, פאַרשטייט זיך, האָב גאָרנישט געטראַכט, אַז ער האָט אויך אַנדערע כוונות. איך האָב זיך אי־בערגעטאָן און מיטגעפאָרן מיט אים, אַזוי אַז אין אַ שעה אַרום זענען מיר שוין געזעסן אין זיין בוכהאַלטעריע און מיר האָבן געמיטלעך געשמועסט און פּלוצים, האָט זיך דאָס טיר־גלעקל צעקלונגען.

— גיי, זע, ווער עס איז דאָרטן — האָט אַרנאַלדאָ געזאָגט מיט זיין נאַטירלעכער גלייכגילטיקייט.

ווען איך האָב אַביסל אויפגעהויבן דעם מעטאַלענעם שטאָר, האָט זיך אַריינגעשלייכט אַן אויסגעדאַרט מענטשל מיט אַ ביסל אַן אויסגעקראָכן בערדל און מיט אַ קליינעם הויקערל אויפן לינקן זייט און געפרעגט אויף אַרנאַלדאָן. האָב איך אַביסל אַראָפּגעלאָזט די שטאָר און געגאַנגען רופן אַרנאַלדאָן, וועל־כער איז אַרויסגעקומען גלייך מיט מיר, האַלטנדיק מיך געאַרעמט, און ווען מיר זענען צוגעקומען צום מענטשל, האָט אַרנאַלדאָ אַ זאָג געטון:

— ראַול, דער מענטש איז דיין טאַטע.

— איר הערט, מיין פריינט, ווען אויפן מאָמענט עפנט זיך אַ גרוב, וואָלט איך דאָרט אַריינגעשפּרונגען, כדי דאָרט באַגראָבן צו ווערן.

— פאַרוואָס? — האָב איך שטיל געפרעגט.

— וואָס הייסט, פאַרוואָס? — האָט ער אויסגערופן און זיינע אויגן האָבן מאָדנע געגלאַנצט. אין אַ ווײלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— איר פרעגט נאָך פאַרוואָס? ווייסט איר נישט אַלץ, וואָס ער האָט אָפּגעטון?

— ראַול, נישט דאָס בין איך אויסן — האָב איך געזאָגט. און ער האָט פאָרגעזעצט:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז נישט קוקנדיק אויף דעם, וואָס איך האָס אים, דאָך האָט מיר, ווי מען זאָגט, אַ טיאָכקע געטון אין האַרצן. ער איז טאַקע קיינמאָל נישט געווען קיין גיבור, אָבער וואָס איך האָב דאַן דער־זען, איז געווען בלויז אַ שאָטן פון דעם, וואָס ער איז אַמאָל געווען. ס׳איז אי־בעריק צו זאָגן, אַז איך האָב אים פּשוט נישט דערקענט, ווייל צוליב זיין דאַר־קייט, האָט די נאָז אויסגעזען נאָך ביינערדיקער, די אויגן — טיפער און דאָס שיטער־אויסגעקראָכענע בערדל, האָט אויסגעזען, ווי אַ צוגעקלעפּטס. אָבער אין דעם מאָמענט האָט אין מיין זכרון אויפגעטויכט אַלץ, וואָס עס האָט אַ שייכות צו אים און דער עיקר זיין האַנדלונג לגבי מיר. די אַלע צרות, וואָס ער האָט מיר פאַרשאַפט זייט דאַן, ווען איך האָב אויפגעהערט צו זיין אין פּראָגרעסיוון קולטור־הויז, ביז אונדזער געשלעג, אין וועלכן מיין מאַמע, אָט די שטילע טויב, וואָס האָט געליטן פון אים — איז פון מיינעם אַ קלאַפּ גע־פאַלן און געשטאָרבן.

איך האָב זיך אויך דערמאָנט אין דער קאָרעקציע־טורמע און דערנאָך דאָס וואַגאַבונדעווען און דאָס ווערן באַליידיקט, געשלאָגן. אַלץ האָט אין מיר אויפגעטויכט, אַלץ! דעריבער האָט זיך אין מיין האַרצן נאָך מיט מער גליאיקייט די שנאה צעפלאַמט צו אים.. ער האָט געפּרווט צו מיר רעדן, אָבער איך האָב אים נישט געוואָלט הערן, איך האָב זיך צעשריגן אויף אים, אים געזאָגט, אַז איך אָנערקען אים נישט פאַר מיין פאָטער און בין אַרויסגעלאָפן פון אַרנאָל־דאָס קלייט, אַוועקפאָרנדיק גלייך אויף די הכשרה און דאָרטן האָב איך זיך אַ וואָרף געטון אויף מיין געלעגער און זיך צעוויינט.

פון דעמאָלט אָן ביז דער היינטיקער מסיבה בין איך שוין מער נישט געווען אין שטאָט. אַרנאָלדאָ פלעגט קומען אָפּט צו מיר און ווי פריִער מיר איינלאַדן זייער אָפט אים צו באַגלייטן. אָבער איך האָב פון גאָרנישט געוואָלט וויסן און כאָטש איך ווייס, אַז ער איז זייער אַ גוטער און אַז איך בין אים שולדיק אַ סך טובות און מיט יענער האַנדלונג זיינער, איז ער מיר ניט אויסן געווען צו טון קיין שלעכטס, דאָך בין איך אים דאָס נישט מוחל. אַ פּאָר מאָל האָט ער אויך געפּרווט רעדן וועגן טאַטן, זאָגנדיק, אַז ער ליגט אין יִדישן שפּיטאָל. איך אָבער האָב אים גלייך אָפּגעהאַקט, זאָגנדיק:

— כדי צו רעדן וועגן אים — קום בעסער נישט.

ראַול האָט געמאַכט אַ קורצע פּויזע, נאָך וועלכער ער האָט געזאָגט:

— אָט ווי איר זעט, מיין פריינט, האָבן זיך מיינע צרות נאָך נישט גע־ענדיקט. אפשר וועלן זיי זיך ענדיקן דאָרט.

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און נאָך דעם ווי מיר האָבן ביידע שטיל געשוויגן אַ לאַנגע ווייל האָב איך זיך אָפּגערופן:

— ראַול! איר האָט דאָך אַקטויִרט געזעלשאַפטלעך און זענט מער ווייניקער אַן אינטעליגענטער קולטורעלער יונגערמאַן און די מינימאַלסטע עטיק פון אַ געזעלשאפטלעך־קולטורעלן מענטשן פאָדערט, אַז ער זאָל אויס־הערן וואָס דער צווייטער רעדט, מעג דער צווייטער זיין אַ פריינט, אָדער אַ שונא, א חבר אָדער א קעגנער. דער צווייטער, דער זייטיקער, זעט פיל מאָל בעסער. דאָס פובליקום זעט בעסער ווי דער אַקטיאָר אינטערפּרעטירט זיין ראָל. דער לייענער שאַצט פיל מאָל אָפּ רעאַלער אַ בוך, ווי זיין מחבר. דעריבער וויל איך, אַז איר זאָלט מיך אויסהערן און זיך אַריינטראַכטן אין דעם וואָס איך וועל אייך זאָגן. און דאָס וואָס איך וועל אייך זאָגן איז אַן עצה פון אן אויפריכטיקן פריינט, וואָס וויל, אַז איר זאָלט זיך וואָס פריִער באַפרייען פון דעם געשפּענסט; פון דעם שנאה־געשפּענסט, וואָס עס פייניקט אייך, וואָס עסט אייך אויף אַ לעבעדיקן און וואָס וועט סוף־כל־סוף טרייבן אַ מענטשן — אייער טאַטן — פריצייטיק אין קבר אַריין. ווייל — האָב איך פאַרגעזעצט — מען קען נישט בויען אַ לעבן אויף שנאה! ס'איז אוממעגלעך! שנאה איז פאַרניכטונג, אומקום! ליבע איז קיום, המשך... ווייל שטעלט אייך פאָר: וואָלט די וועלט געקענט האָבן אַ קיום, ווען עס וואָלט נישט עקזיס־טירט דאָס וואָס מיר רופן: ליבע? וואָלט די וועלט זיך געקענט אנטוויקלען, פּראָגרעסירן אָן דעם? איר ווייסט דאָך, א מאַן און אַ פרוי באַגעגענען זיך. מען הייבט אָן סימפּאַטיזירן איינער מיטן צווייטן — מען פאַרליבט זיך... און דערנאָך — קומט די פּרוכט פון דער ליבע... דאָס הייסט — קיום! אָבער שנאה? מען וואַרפט איין מענטש קעגן צווייטן; איין פאָלק קעגן צווייטן; מען גרייט צו מלחמות! וואָס דאָס באַדייט: הונגער, עפּידעמיעס, פאַרניכטונג, טויט! וואָס פאַראַ נוצן ברענגט עס?

— וואָס ווילט איר מיט דעם זאָגן? — האָט ער ראַפּטום אַ פרעג געטון, קענטיק אַ צעטומלטער פון מיינע לעצטע ווערטער.

— איך וויל זאָגן — האָב איך געענטפערט, קוקנדיק אים גלייך אין פּנים כדי צו זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק מיינע ווערטער וועלן מאַכן — איך וויל זאָגן, אַז מיטן נישט וועלן מוחל זיין אייער טאַטן, באַגייט איר א נישט קלע־נערן פאַרברעכן ווי ער איז באַגאַנגען קעגן אייך, ווייל איך בין זיכער, אַז ער האָט אויפריכטיק חרטה אויף אַלץ וואָס ער האָט אָפּגעטון.

— פון וואַנען זענט איר דאָס אַזוי זיכער? — האָט ראַויל געפרעגט, קוקנדיק שטאַר.

— פון וואַנען? — האָב איך איבערגעפרעגט, אָנקוקנדיק אים שאַרף, צוגעבנדיק: — ווייל איך קען אייער טאַטן...

ער האָט פּלוצים אויסגעדרייט צו מיר זיין פּנים, וואָס האָט אויסגע־

דריקט דערשטוינונג און ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט. עס האָט געדויערט עטלעכע מינוט, ביז ער האָט זיך באַהערשט און ער האָט געפרעגט:

— איר קענט מיין טאַטן?

— יאָ, ראַוּל — האָב איך אים געענטפערט רויִק — איך האָב מיך מיט אייער טאַטן באַקענט מיט אַן אַכט חדשים צוריק אין טוקומאַן. און איך האָב אים דערציילט אַלץ פון מיין ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט זיין פאָטער, ביז צו זיין לעצטן באַזוך אין שפּיטאָל.

— ווי איר זעט פון דאָס דערציילטע — האָב איך פאַרענדיקט — מיינט אייער פאָטער אויפריכטיק מיט זיין חרטה; ער איז אַן אמתער בעל־תשובה. ער וויל עס אויפריכטיק ווערן. פאַרוואָס שטערט איר אים דערצו? ס'איז טאַקע אמת, אַז ער האָט זייער פיל געזינדיקט נישט בלויז קעגן אייך, נאָר אויך — אומדירעקט — קעגן מיר, אַלס ייִד, פאַרשטייט זיך, אָבער איר האָט נישט קיין רעכט אים נישט צו לאָזן ווערן קיין בעל־תשובה! ווייל ווערן א בעל־תשובה איז איינע פון די איידלסטע, מענטשלעכע מידות! און דעריבער האָבן אונדזערע חכמים שוין לאַנג געזאָגט, אַז דאָרט ווו אַ בעל־תשובה שטייט, קען אפילו קיין צדיק גמור נישט שטיין. דעריבער לאָזט אים ווערן אַ בעל־תשובה! גייט צו צו אים אין שפּיטאָל און זאָגט אים, אַז איר זענט אים מוחל. און בעט אויך מחילה ביי אים. מעגלעך, אַז דאָס וועט צואיילן זיין טויט... אָבער דערפאַר וועט ער שטאַרבן רויִק; מיט אַ רויִקן געוויסן. ער וועט שטאַרבן מיט דער איבערצייגונג, אַז קיינער האָסט אים נישט; אַז דער מענטש האָט אים מוחל געווען און איצט דאַרף עס בלויז טון — גאָט!

דער באַנאַכטיקער רעגן האָט שוין לאַנג אויפגעהערט. דורכן פענצטער האָט זיך אַריינגעריסן אַ צעהעלטע בלויקייט. מיין רעכטע האַנט האָט פּלוצים דערפילט אַ ברי — דאָס האָט ראַוּל זיך איינגעבויגן און באַדעקט מיין האַנט מיט קושן און טרערן.

# ע פ י ל אָ ג

די שפּיטאָלן האָבן זייערע וויזיט־שעהן, ווען יעדער איינער קען אַרייג־גיין מבקר־חולה זיין וועמען ער וויל. חוץ די שעהן — לאָזט מען קיינעם נישט אַריין, אַן אויסנאַם מאַכט מען אָבער פאַר אייגענע, אָדער באַקאַנטע, וועלכע ווינען אין אנדערע שטעט.

און מיט דער פּריווילעגיע האָבן מיר זיך אויך באַנוצט.

ס׳איז געווען דעם זעלבן זונטיק אינדערפרי. איך האָב טעלעפאָניש מיטגעטיילט ארנאלדאן, אַז „אַלץ איז אַרויס גוט" און אַז ער זאָל אונדז קומען נעמען. און אין ווייניקער ווי אין אַ שעה צייט זענען מיר שוין גע־שטאַנען אויף דער גאַס טערראַדא, לעבן דעם ברייטן אייזערנעם טויער פון דעם יִדישן שפּיטאָל.

אויף דער פראַגע פון דעם פּאָרטיער, וואָס מיר פּאַרלאַנגען, האָבן מי׳ר אים געגעבן צו דערקלערן, אַז מיר זענען געקומען זען אַ קראַנקן. ער האָט כיטרע אַ שמייכל געטון און געזאָגט:

— קומט איינס אַ זייגער — און אויסדרייענדיק זיך איז ער אַריין אין זיין ביידל.

אַרנאָלדאָ האָט נאָכאַמאָל אָנגעקלונגען און ווען דער פּאָרטיער איז אַרויסגעקומען, האָב איך אים געפרעגט:

— זאָגט מיר נאָר, סעניאָר, פאַר וואָס הייסט איר מיך קומען איינס אַזייגער?

— אַזאַ איז דער רעגלאַמענט — האָט ער קורץ געענטפערט.

— וואָס מיר רעגלאַמענט, ווען מיר רעגלאַמענט — האָב איך זיך אָפּ־גערופן אַביסל אַ ברוגזער — אין יִדישן שפּיטאָל איז, ווייזט אויס, אַן אנדע־רער רעגלאַמענט ווי אומעטום, ווייל אומעטום לאָזט מען אַריין אין וועלכער שעה עס זאָל נישט זיין, אַפילו ביינאַכט, ווען עס האַנדלט זיך אין איינעם, וואָס קומט פון אַן אַנדער שטאָט.

— איר זענט דען נישט קיין בוענאָס־איירעסער? — האָט דער פּאַרטיער געפרעגט.

— ווען איך בין אַ בוענאָס איירעסער וואָלט איך דאָך געקומען אין דער וויזיט־שעה. איך בין אָבער אַ טוקומאַנער און פיר אַזייגער גייט אָפּ מיין באַן — האָב איך אַביסל צוגעליגנערט.

— איין מאָמענט — האָט דער פּאַרטיער אַ זאָג געטון און איז אַוועק אויף זיין פּלאַץ.

איך האָב באַמערקט ווי ער רעדט טעלעפאָניש. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַרויסגעקומען און אַריינלאָזנדיק אונדז — האָט ער געזאָגט:

— צווייטער פּאַוויליאָן, ערשטער שטאָק.

מיר האָבן זיך גלייך געלאָזט צום זאַל נומער 8 און דאָרט זיך אָפּגעשטעלט לעבן בעט נומער 16, אין וועלכן עס איז געלעגן יאָסל. ס'איז שווער געווען אים צו דערקענען. דאָס קליינע פּנים האָט אויסגעזען ווי אַ פלעק אויף דעם בליאַסקנדיקן ציכל. די פּאַרמעט־געלבלעכע הויט איז געווען אָנגעצויגן אויף די אויסגעשטאַרצטע ביינער. די אויגן איינגעגראָבן אין טיפע לעכער, האָט ער געהאַלטן פאַרמאַכט און ער האָט אונדז נישט באַמערקט.

איך האָב אַ קוק געטון אויף ראַוּלן און געזען, אַז ער שטייט ממש אַ פאַרגליווערטער. זיין קערפּער האָט לייכט געציטערט. דאָס פּנים איז געווען בלאַס.

איך בין צוגעקומען נענטער און זיך געזעצט אויף אַ ווייסן שטול נישט אַראָפּנעמענדיק מיינע אויגן פון דעם קראַנקן.

— יאָסל, איר דערקענט מיך, יאָסל? — האָב איך שטיל געפרעגט.

איך האָב באַמערקט, אַז ער וויל עפענען זיינע אויגן און עס געלינגט אים נישט. ער האָט אָבער יאָ אויפגעהויבן די ברעמען און פון זיינע טיפע אויגן־לעכער האָט עפּעס אַ בליאַסק געטון. ער האָט זיך נאָך אביסל אָנגעשטרענגט און זיינע קליינע אויגן זענען געבליבן אָפן. פון זיי האָט אַראָפּגערעדט שטוינונג און גליק. אונטערן ליילעך, האָב איך באַמערקט, האָט זיך עפּעס גענומען באַוועגן. ער האָט אַרויסגעשאַרט זיין אויסגעדאַרטע האַנט און זי אַרויפגעלייגט אויף מיין האַנט, וואָס ער האָט געפּרוווט אַ דריק טון. איך האָב דערפילט אַ קאַלטע פייכטקייט. ער האָט שטיל אַ שעפּטשע געטון:

— אַ דאַנק אייך, אַ דאַנק אייך.

מיט פּאַמעלעכע טריט איז ראַוּל צוגעקומען נענטער, דאָס לינקע מויל־ווינקל האָט לייכט געצוקט. דאָס פּנים איז געווען טויט־בלאַס. זיינע פייכטע אויגן האָבן געקוקט דערשראָקן אויפן גוססדיקן טאַטן.

פון יאָסלס אויגן האָט אַרויסגעשיינט נצחון, צופרידנקייט, גליק. ער האָט געפּרוווט אויפהייבן זיין האַנט און נישט געקענט. ער האָט מיט איין פינגער אַ בויג געטון, ווי ער וואָלט געמאַכט אַ צייכן ראַולן, אַז ער זאָל צוקומען נאָך נענטער און זיינע בלאַסע ליפּן האָבן קוים, קוים געשעפּטשעט:

— קינד מיינס, זיי מיר מוחל פאַר מיינע באַגאַנגענע זינד!

זיינע געלבלעכע דינע פינגער האָבן זיך אויסגעצויגן אויפן ווייסן ליילעך. זיין פּנים האָט געגעבן אַ לייכטן ציטער און גליקלעך זיך צעשמייכלט. די אויגן זענען געבליבן אָפענע און פאַרגלייזטע.

אַ מאָמענט איז ראַול געשטאַנען און געקוקט דאָ אויף זיין נאָר וואָס פאַר־שטאָרבענעם טאַטן און דאָ — אויף מיר און אַרנאָלדאָן. זיין דאַרער גוף האָט זיך לייכט געשאָקלט, ווי בעת א תפילה.

אָבער פּלוצים האָט אַ הילכיקער געשריי פאַרהילכט דעם זאַל און גע־מאַכט, אַז פון די אנדערע פּופּצן בעטן זאָל מען אויסדרייען די פּנימער צו אונדז. דאָס געשריי איז געווען ווי פון אַ ווילדער חיה, וואָס געפינט זיך אין אַ האָפענונגסלאָזער לאגע, דאָס געשריי איז באַשטאַנען בלויז פון איין זאץ:

— טאַטע, זיי מיר מוחל!

אין מיינע אויערן האָבן אָבער נאָך לאַנג, לאַנג אָפּגעקלונגען די ווער־טער פון גוסטדיקן יאָסל:

— קינד מיינס, זיי מיר מוחל, פאר מיינע באַגאַנגענע זינד.

( ס ו ף )

